מלך טשעמני

# אויסגעוואָרצלטע

דערציילונג
פעליעטאָן
עסיי



בוענאָס איירעס
1956 תשט"ז

# אינהאלט:

## אויסגעוואָרצלטע


אַ לעבן אין שווייגסהיים — 7
הלל־אַנטאָניאָ — 74
בעריש בויט בנינים — 94
געצל — 109
אין שפּיטאָל — 113
מלחמה פּאַרענדיקט — 117


## אויסגעמענטשטע


שפּאַנען פּליטים — 125
אָן אַ צוואה — 129
גוט און שלעכט — 132
משפּחה — 136
געוועזענע — 140
מענטשן און . . . — 143
. . . געוועזענע — 145
אייגנאַרטיק — 148
בלעטער פּאַלן — 150
אַרויס פון דער ריי — 154
דאָס רעדל דרייט זיך — 157
מענטש מאַלפּע מאַרגאַריטקע — 160
גאַרנישט געשען — 168
גוט איז דער מענטש — 171

זאָל זײַן שטיל — 174
אומשטערבלעך — 178
פּאָרכטיק וועט זײַן דער טאָג — 182

## נוסח?

שטריקל ציער — 191
זעלבסטצופרידענע — 194
פרײלעך זאָל זײַן — 197
וואַסער — 199
מזרח - וואַנט — 201
אַ יידיש בוך — 206
אָן מוח — 209
אַ שרײַבער? — 211
דאָס פּילנדיקע וואָרט — 213

## מאָנונג און דערמאָנונג

גליק — 217
שותפים — 223
שאַפער און פאָלק:
מענדעלע — 226
שלום עליכם — 229
י. ל. פרץ — 232
אַ בלעטל בראָניק — 237

# אַ לעבן אין שוויינסהיים

א

מה טובו אוהליך, יעקב . . .

איסר קוקט אַרויס דורכן פענצטער. אַ שוואַרצער דרויסן. אַ פינצטערע נאַכט. ווהין ווענדן דעם בליק? אַרום — עס שמעקט מיט פגירה. וויפל איז דער שיער? אַ בייז־שווימיקע לאַווע האָט זיך אָפּגעריסן, פאַרפליצט גאָטס באַשאַף. אנשים, נשים וטף, רחמנא לצלן. אויסגעריסן. בלויז ער, איסר, איז געבליבן: אַן עדות פון אומקום. אויך פון אויפקום?

זיין בערדל — אַ מאַסקע אויפן פנים־סקעלעט — קערט זיך נאָכן בליק פון די אויגן. אויסגעריסענע און אויסגעוואָרצלטע. ווער זענען זיי — מענטשן? אין וועמענס זכות?

ניין. ווענן יידן טאָר מען נישט טראַכטן קיין שלעכטס. חלילה.

ער שטעלט אַ טראָט. דורכן פענצטער פאַלט אויף אים אַ טאָגשטראַל, אַ ליכטפלעק. איסר גיט זיך אַ טרייסל. זיין אויסזען — אַרויסגעקראָכן פון אַ פינצטערן גרוב. פאַרקלעפּט, פאַרלייגט מיט בלאָטע. איסר איז בלויז וווּנדער: עס וווּנדערט אים וויאַזוי און פאַרוואָס ער לעבט; וויאַזוי עס אַרבעטן אין אים די חושים; וויאַזוי עס האָבן אין אים קאָנטאַקט רמ״ח אברים און שס״ה גידים. הונדערטער צונויפפלעכטונגען פון אָדערן און אָדערלעך, פון ביינדעלעך און שרייפעלעך — דער מענטש! — — — ווי האַלט זיך דאָס אַלץ אויף אים, אין אים?

איסר צעטרייסלט ס׳בערדל. דערמיט — דעם גאַנצן ביינער־פאַרמעג. אַראָפּשליידערן, אַראָפּטרייסלען פון זיך! נישט קיין ליכט, נישט

קיין טאָג, נישט קיין העלן דרויסן — פינצטער זאָל ווערן... אייביק פינצטער.

ימח שמם.

*

— איסר שטערן, אין דער ריי!

א גערויש. דאָ איז דער וואָקזאַל פאַר די אויסגעוואָרצלטע; דאָ האָט מען זיי צונויפגעבערענגט, דאָ אהער, פון פאַרשידענע וועלט־אויסבאַהאַל־טעניש, וועלט־אויסרייסעניש — טאַטעס אן קינדער, צעקנאָדערטע ווייבער. א קינד ערגעץ אין ווינקל. געראַטעוועטע פון שטורעם, באַפרייטע פון אכזר. איצט ווערן זיי סאָרטירט — ווער לויט א נומער און ווער... ווער געדענקט דען א נאָמען? יאָרן געלעבט מיט ציפערן, געהאַט איינ־געקריצט אין זכרון — נישט קיין נאָמען פון דורות־אָפשטאַם, פון יידיש־מענטשלעכן זיין — — — א נומער.

באַפרייט זענען זיי געוואָרן; איצט — אויסגעוואָרצלטע.

„אויסגעוואָרצלטע פּערזאָנען".

אויף דערין ליגט יחוס. אנדערע האָבן דערצו אויך נישט דערלעבט.

אויסגעוואָרצלטע פון היים, פון שטאָט, פון פאָלק... א נאָמען אזא פאַר אלע.

איסר טראָגט מיט זיך זיין היימנאָמען. ער האָט אים נישט פאַרגעסן. אזוי האָט מען אים גערופן אין היימישן שטעטל; אזוי האָבן זיך רינגע־לעך אריינגעקייטלט אין משפחה־קייט, זיך געפלאָכטן איבער פוילנס ערד. איז אים איצט פאַרבליבן א פאַרמעג — א הייליקער אָנדענק — זיין נאָמען: איסר שטערן. מער גאָרנישט.

ער רייסט־אָפּ דעם בליק. אויגן — טויזנטער יאָרן יידישער חורבן ווערן בטל, ווערן נישט, ווערן צערינען, כלפּי דעם נאָענטן נעכטן, דעם בייזן היינט.

דאָ, אין א ווינקל ערגעץ, אין דעם פאַרשאָלטענעם פּאַלאַץ, האָט גע־דאַרפט בלייבן אן אָנדענק פון א לעצטן ייד. אזא גזירה האָט אַרויסגע־געבן דער משחית.

איז די גזירה נישט מקוים געוואָרן.

מער ווי איין ייד געפינט זיך דאָ, מער ווי א מנין — הונדערטער זוכן דאָ א מקום־מנוחה. להכעיס דעם פּאַרטיקולער.

א פאָלק שטייט ווידער אויף צום לעבן.

יאָ?

אויסגעוואָרצלטע דראפּען זיך ארום ווענט, קראצן אויף זיך ווונדיק לייב. ביי א טישל — א מונדירטער מאַן. געשיקט פון אַמעריקע. ער רעדט יידיש מיט הארטע למדן. מיסטער אָנסטין רופט ער זיך. ער קוקט אויף די ווענט און צייכנט אויף פּאַפּיר. צו פילן, אַז די ווענט פון „דויטשעס מוזעאום" געפעלן אים. דערהרגעט די שלאַנג — אין אָנדענק געבליבן די ווענט, קינסטלעריש־אויסגעמאָלטע, אויסגעצאַצקעטע ווענט.

איצט זענען זיך נוקם אַן די ווענט זיי, די פאַרבליבענע, די אויסגעוואָרצלטע: דראפּען ארויסשטאַרנדיקע ביינער אויף העלע און ראָזע פארבן, שפּייען סלינע אויף בלאָע וואַסערן, וועלכע שפּיגלען־אָפּ אין זיך הימל־לויטערקייט.

מענטשן, אויסגעוואָרצלט פון היים און לאַנד.

מיסטער אָנסטין הייסט „אָפּהאַקן" די ריי.

— זאָלללן דיזע מענטשן — קוועטשט ער שווער אויף דער למד, אריינוואַרפנדיק דייטשע אויסדריקן אין זיין יידיש — זאָלללן זיי בעפאָרצוגליך באַזעצן דעם לללאַסטוואַגן.

ביטע.

א בחור חזרט איבער אויפן קול:

— איסר שטערן, אויפן וואָגן; מיר פאָרן קיין שוויינסהיים!

איסר טראָגט־צו דאָס סידורל צו די ליפּן, גלעט די טעוועלעך — לאַקירטער גלאַנץ טוט א שפּיגל אין זיינע אויגן.

ער שפּאַנט פאַרביי דעם גרויסן זאַל.

אים איז קשה:

אויסגעוואָרצלטע יידן און דאָך — נישט אַלע גלייך. פאַראַן אַי זאַטע, אַי הונגעריקע, אַי איינגעוויקלטע אין טראַנטעס, אַי גלייכפלייצעדיקע: מיט א מענטשלעך אויסזען, מיט פלייש...

— אייער נאָמען?

איסר גלעט די גלאַנציקע טעוועלעך אויפֿן סידורל, שעפּטשעט מיט די ליפּן. האַלט אין פֿאַרענדיקן דאַווענען.

— נו, אַ סוף זאָל'ם נעמען; שטעלט אייך אין דער ריי!

איסר וואַרפֿט אַ תרעומותדיקן בליק אויפֿן באַפֿעלער. שוין ווידער? מען הייסט אים שוין ווידער שטעלן „אין דער ריי"?

ער שטעכט־איין די אויגן אינעם בחור — שטעכיקע שפּילקעס עסן זיך איין אין יענעמס פֿלייש.

— קיין שווייַנסהיים, זאָגט איר?

— יאָ — הייבט מיסטער אָנסטין אונטער דעם קאָפּ פֿון פּאַפּיר — אין לאַגער שווייַנסהיים וועלן זי שוין אַלעמען פֿינדן.

צווישן איסרס צאַפּלדיקע פֿינגער וואַרעמט זיך דאָס קליינע, גלאַנציקע סידורל — אַ מתנה פֿון יידן אין אַמעריקע. וואַרעמקייט גייט־אויף אין אים, טיף אין אים, אַ וואַרעמקייט, וואָס גלעט אייַנגעפֿאַלענע באַקן, לייגט זיך איבער ווייכע באָרד־הערעלעך. עוד לא אבדה תקותינו... נאָך פֿאַראַן יידיש פֿאָלק אויף יענער זייט ים, נאָך פֿאַראַן האָפֿענונגען.

עלינו לשבח לאדון הכל...

ער נעמט רייבן די פֿינגער איבערן בערדל, וויל זיך אָן עפּעס דערמאָנען. עוד לא אבדה... אַ ניגון אַזאַ, אַ געזאַנג, וואָס קייקלט זיך אַיבער שאָסייען, פֿעלדער: יונגע בחורים זינגען־אויס דאָס דאָזיקע געזאַנג, באַגלייטן די אויסגעוואָרצלטע פֿון וואַרשע, פֿון ווין. ווי רופֿן זיי זיך? — בריחה.

בחורים, געקומענע פֿון ארץ ישראל.

עלינו לשבח...

*

אום אדר ווערט די ערד אויפֿגעשוואָלן, אָנגעבלאָזן, באַקומט דעם אויסזען פֿון אַ פֿריש־אָפּגעשינדענער פֿעל. נאַסע בערגלעך, שוואַרצע ראָוועס, אָנגעפּילטע גריבער מיט שנייוואַסער.

דער איסאַר, וואָס וואַשט דעם פֿונדאַמענט פֿון „דויטשעס מוזעאום",

רייבט זיינע פאַרבלאָטיקטע ברעגעם מיט רציחה איבער דער לענג פון פאַר־וועלקטע גראָזן, גלייך ער, דער טייך, וואָס רינגלט אַרום דעם נעכמינער צענטער, שלענגלט זיך און צאַפּלט מיט זיינע אינגעווייַדן — גלייך ער וויל אָפּוואַשן די רציחה פון זיך, וויל אַרומרייניקן די פאַרבלאָטיקטע גראָזן פון בלוט.

אַ בלוטיקע, בלאָטיקע שטאָט.

אין חודש אדר קומט די אומריינקייט בולט אַרויס, פליקט זיך און רייסט זיך פון די ערדטיפעניש ביז צום הימל, בלייבט אָנגעהאָנגען אויף גאָטישע שניצערייען, אויף הייליקן „דאָם” — אומעטום, ווו אַ קער מיטן בליק: בלאָטע און בלוט.

אפילו דער אדר וועט אַוועק; אפילו אויף דייטשער ערד וועט אויף־שיינען זון — אייביק וועט אין איר בלייבן איינגעקריצט די קללה פון אויס־געוואָרצלטע...

אויסגעוואָרצלטע יידן ווערן געפירט צום לאַגער שוויינסהיים.

וויפל איסר זאָל נישט וועלן איינגראָבן דעם קאָפּ צווישן פּלייצעס און ביינער, וואָס טרייסלען זיך אינעם אויסגעפּילטן אויטאָבוס, אַלץ מער מוז זיך זיין בליק אָנשטויסן מיטן דייטשן דרויסן, מוז ער איינזאַפּן אין זיך דעם דרויסנדיקן אַוויר.

באַפרייטע יידן, צונויפגעדרענגטע, איינגעפּאַסטע ווי געפּיגעוועטע ברעטער, טרייסלען זיי זיך פאַרביי שנייאיק־פאַרבלאָטיקטע גאַסן, פאַרביי צעקרישלטע מויערן און אַ וועלט וואָס דאַרף, אָבער וויל נישט אונטערגיין.

די ערשטע טריט קיין שוויינסהיים איבער אַ געשלענגלטן וועג, אַ שאָסיי, וואָס ליגט צווישן פעלד און הימל אַזוי צונויפגעדרייט, אַז ער דער־מאָנט די פאָרנדיקע: אַ שלאַנג, וואָס זיין עק געפינט זיך ביי נעכמין און זיין קאָפּ — אין לאַגער שוויינסהיים.

— אוי, ווען איך קענט מאַכן אַביסעלע גרוימער אַרום מיינע פיס — בעט זיך אַ ווייבל, הויכט אַריין איר אָטעם אין שכנס פּנים — אַ קליין בי־סעלע כאָטש.

און דער אויטאָבוס שלענגלט זיך איבערן שלאַנגיקן שאָסיי. אינעוויי־

ניק — צונויפגעפּלאַכטענע פּיס, הענט; פאַרשטייפטע העלצער, איינגע־קוועטשט אין שוויים.

אַלע אין אויטאָבוס אַריינגעטאָן אין א פאַרשטיקט שווייגן.

בלויז איסר שטערן באַגלייט דאָס טרייסלען מיט א ליפּן־געשעפּטשט:

רשע וטוב לו...

פאַרוואָס אַזוי?

ב

רעכט האָט דער רומענישער הערש — א ייד מיט סוכאָטנע אויגן — ווען ער דערלאַנגט איסרן דעם ערשטן שלום־עליכם:

— מיר האָבן דאָ, זאָג איך אייך, א קיבוץ גליות.

א צונויפזאַמלונג פון אַלע גלותן אין לאַגער שוויינסהיים:

יידן פון אַרום דניעפּר, פון נאַרעוו, פון בוג און ווייסל, פון דניעסטר און אויך פון אַרום דער וואָלגע...

— אָן עין הרע. — אויף איסרס פּנים קנייטשט זיך א טרויעריקע גרי־מאַסע.

ביים אַריינפאָר אין לאַגער, אינעם טיפן, פינצטערן טויער־איינגאַנג, ווערן קולות פאַרדושעט אין געזשום פון הארטע באַפעלן. דאָ האָט שמורה די לאַגער־וואַך, האַלט קאָנטראָל אויף יעדן פון די שוויינסהיימער אויס־געוואָרצלטע. דיסציפּלין.

און אַז דער אויטאָבוס פאַרהאַקט זיך אין טויער, רינגלט אים אַרום חברה שומרים, באַטאַפּט אַלץ מיט א דורכדרינגלעכן בליק. וואָס, מ׳שטיינס־געזאָגט, פירן מיט זיך סקעלעטן? די לאַגערפּאָליציי ווייס, אַז — גאָר־נישט; זי ווייס, אַז פאַרחושכטע פּנימער ברענגען מיט זיך קיין שוויינסהיים בלויז חולאת און צעבראָכענע אברים. אָבער זוכן דאַרף מען: זאָלן לאַ־גערניקעס וויסן, אַז פאַראַן געזעץ.

— הא —שטרעקט איסר אויס זיינע האָר פון בערדל, ציט זיי אויס ווי א שטייף קליניקל אַנטקעגן שומרס פּנים — הא, אפשר דאָ?

איסר באַרואיקט זיך נישט, בלייבט אומצופרידן, אפילו דער לאַגער־

שומר געפינט נישט ביי אים עפּעס אַזוינס. ער שרייט. פריער שטילער, דער־נאָך ה׳עכער:

— ווי דערלאָזט מען צו אַזוינס, אַז יידן זאָלן איצט קאַפּאָווען איבער יידן ?!

ער ווערט אַרויסגעשטויסן פון טויער. נישט איסרן האָט חברה געמיינט. פאַראַן אַזעלכע וואָס שמוגלען זיך דורך צוזאַמען מיט אויסגעוואָרצלטע, ברענגען קיין שוויינסהיים „שוואַרצע" זאַכן אַזוינע...

איינער אַ בחור, וואָס זיין שאַרף־שפּיזיקער קין שטעכט מיט קאַצעט־סודות — כיליק וואַרשעווער, — ער גייט אַרויס פון טויער, נעמט שטעלן שטיוול־טריט צו איסרן. בלויז אין זיינע טריט שטעלן איז קענטיק — באַפעל, אָרדענונג. און אַז איסר נעמט זיין דראָבנע גופל אָפּרוקן הינטער־ווײַלעכטס, גייט כיליק צוריק צום טויער מיט אַ וואָרענונג:

— אין שוויינסהיים בונטעוועט מען נישט, פּאַניע, מיר האָבן אַ קאַרצער...

דאָ קומט אונטער דער רומענישער הערש (אַזוי רופט מען אים אין לאַגער), דערלאַנגט איסרן דעם ערשטן שלום־עליכם.

— איז, זאָגט איר, אַז דאָ געפונען זיך אונדזערע יידן אויך ?

הערש ציט־איין זיינע סוכאָטנע באַקן, לאָזט אויפן פּנים צוויי טיפע לעכער, וועלכע באַגראָבן אין זיך דעם שמייכל, וואָס קוועטשט זיך פון די געלע אויגן אַרויס.

— אונדזערע יידן? און ווער איז דען איצט נישט אונדזערס קיין ייד?

איסר ווייזט מיט אַ צאַפּלדיקן פינגער צום טויער. אים, דעם פינגער, תיכּף צוריקגעצויגן. „מיר האָבן אַ קאַרצער" — פאַר וועמען ? אָט יענער־אָ, ווי הייסט ער דאָרט — יענער, אַ יידישער בחור, האָט דאָס געזאָגט.

אַרום איסרס אויגן דרייט זיך אַ פאַרביקער קאַראַהאָד, אַן אויסמיש פון גרין און געל, פּילט, ווי זיין אייגענער איך ווערט צעשמאָלצן אין אַ צעהיצטן אַרום, זינקט־איין אין כף־הקלע פון אַלדעם שלעכטס. דערצו, כדי צו הערן אַזעלכע ווערטער, האָט ער געדאַרפט מתפּלל־זיין פון אַלע באַגרעבענישן אַרויס ? ניין. אונדזערע יידן האָבן גאָר אַן אַנדערן טייטש, אַן אַנ־

דער ווערט. אונדזערע יידן — ווי ווינציק זיי זענען געבליבן — האָבן אײַ־בערגעהאַלטן אַלע שטרויכלונגען, זענען אַרויס פון גיהנום גאַנץ, גאַנץ...

די קולות אין טויער ווערן שיטערער, נעמען זיך פאַנאַנדערגיין אײַ־בערן לאַגערברוק, ווערן צעשוווּמען אין פאַרנעפּלטן אוויר.

איסר שטערן שפּאַנט פאַרבײַ שוויינסהיימער פאַרבלאָטיקטע געסלעך. פאַרוויקלט אַרום זיינע צונויפגעלייגט הענט — אַ גרינע קאַץ, אַ בלעכענע שיסל, אַ הילצערנער לעפל.

*

אין שוויינסהיים לאָזט דער שניי שפּעטער נאָך ווי אין שטאָט. בלויז ערטערווייז זאַמלען זיך קאַלוזשעס, מישן־אויס דעם ליימיקן באָדן מיט פאַרבלאָנדזשעטע זון־ברעקלעך, וועלכע שאַפן גען־גלאַנציקע שפּיגעלעך — פאַר די לאַגער־קינדער צו שפּיגלען זיך אין זיי.

ווי דער רומענישער הערש ווײַס צו דערציילן, האַלטן זיך אין שוויינס־היים ביי די פּירטוויזנט אירע — אויך יונגע פאָרלעך, וואָס האָבן גע־ברענגט קינדער פון לאַגערס. יידישע קינדער, אַ כוח־קראַפט אין זייערע ביינדעלעך אַריין.

ער, הערש, איז דאָ „אויסגעקאָכט" אין אַלעווינקעלעך. פון די ראַ־שונים, נאָך איידער דער „דויטשעס מוזעאום" האָט גענומען פון צענטער אַהערשיקן אויסגעוואָרצלטע — איז דער רומענישער געוואָרן אויפזעער איבער דער לאַגערקיך. דאָ האַלט ער אויג אויף די ראַציאָנירטע מיטאָגן; דאָ קען ער זיך אויס: ווער עס איז ווער — אַ קיבוץ גליות מיט שפּראַכן פון דור הפלגה, קכי־כע־כאַ! ער לאַכט אָן ציין, אָן פּנים — בלויז די אויגן, געלע אויגן, לאַכן אַרויס פון זיך די שווינדזיכט.

ער האָט שוין נישט וואָס צו פאַרלירן, הערש — שוין אַלץ פאַרלוירן. הפקר. און פון הפקר קאָן מען נישט אָפּשפּאָרן קיין פאַרמעגן. זיי — יאָ. די דאָזיקע וואָס „דרייען" זיך אַרום טויער — זיי, האַ־האַ, לעקן־אָפּ אַ ביינדל. ביי זיי איז אַלץ הפקר... זיי האָבן הנאה פון הפקר.

פאַר הערשס דורכגעלעכערטע לונגען האָבן נישט קיין פּעולה די שיסלען זופּ, וואָס ער גיסט אַריין אין זיך — אומראַציאָנירט.

א שברי כלי.

איצט שפּאַנט ער פון קיך איבערן לאַגער. זיין אויסזען — א געלע־בערטער זאַק.

*

שוויינסהיים — א פינצטערער טאָל. הילצערנע הייזקעס. אַלע אוועק־געשטעלט לויט איין סטיל: באַראַקן מיט משופּעדיקע דעכער, צונויפגע־טוליעטע, איינגעקוועטשטע איינער אין איינעם, גלייך א מחנה איינגע־הויקערטע נאָנעם וואָלט זיך דאָ צונויפגעקליבן אָפּצוריכטן א תפילה.

ווייסע אייזצעפּלעך הענגען אַראָפּ פון די דעכער, גרייכן ביז די שויבפענצטער: טריפנדיקע ליכטלעך, וואָס דערמאָנען אָן א בית־התפילה.

דער ברוק — פאַרהאַרטעוועטע אייזבערגלעך, בלאָטיקע שנייקופּעס. פונווייטן האַלט זיך דער שניי אין אָפּדעקן, גלאַנצט אין לעצטע ווינטער־טעג אונטער דער קאַלטער זון.

ברייטע פעלדאויסגוסן שפּרייטן זיך אַרום שוויינסהיים, דערציילן, אַז ערגעץ־ווו, אויסער דעם לאַגער, איז פאַראַן א וועלט, א פרעמדע צו די אויסגעוואָרצלטע, א ווייטע, אכזריותדיקע וועלט.

בלויז דאָ — אָן אינדזל פאַרבליבן פון מטורפים, — דאָ ליגן איצט אָפּגעזונדערט פון דער דאָזיקער וועלט טויזנטער אירע: אויסגעוואָרצלטע, וואַרטן אויף חסד פון גוטע מענטשן.

און ווי א זכר פון יענע לאַגערטעג, איז שוויינסהיים פאַרבליבן איצט אַרומגערינגלט מיט שטעכיק דראָט. דאַן האָט מען דעם לאַגער אַרומגע־רינגלט, כדי אָפּצוהיטן די אינעווייניקסטע סודות פון אויסערלעכן צוטריט. איצט איז דאָס שטעכיקע דראָט געבליבן א וואָרענונג פאַר די שוויינסהיי־מער אויסגעוואָרצלטע: נישט פאַרלאָזן דעם לאַגער אָן א דערלויבעניש!

אין שוויינסהיים איז פאַראַן אָרדענונג, אייגענער סדר פאַר א יידיש אָפּגעזונדערט שטעטל. אין שוויינסהיים ווערט דאָס לעבן איינגעשטעלט לויט אַמעריקאַנישע קאַלאָריעס: ברויט מיט א מאָס און זופּ מיט א מאָס. אויך צוקער פאַר קינדער — מיט א מאָס. יעדן פרימאָרגן ווערט די דאָזיקע „מאָס” פאַרצייכנט אויף א שוואַרצן טאָוול: „היינט איז אַריינגעטראָפן

אין לאגערמאגאזין ווייס ברויט; אפנעמען לויט נומער זיבן פון דער באנע"...

ג

ביי איסר שטערן נעמט דאס בערדל איבערגיין פון שווארץ אויף גרא. א שיטער בערדל. איינצלנע האר, וועלכע האלטן אין פארפעסטיקן זיך אויף דער שמאלער, אויסגעבויגענער גאמבע. נישט לאנג צוריק איז איסרס גאמבע געווען פארוויקלט מיט א שאל. ער האט זיך געשעמט, נאך דער באפרייאונג, ארומצוגיין מיט א נאקעטער גאמבע אויף גאטס וועלט. איצט, ווערנדיק אן אויסגעוואָרצלטער, איינער פון הונדערטער, האט ער שוין מיט וואס צו באווייזן זיך פאר יידן: דער סימן ייד קוקט ווידער אראפ פון זיין פנים, טיילט אים אויס פון אנדערע זיינסגלייכן.

אין שטיבל האט ער זיך איינגעאָרדנט. פילט זיך תושב אין שווינגס־היים.

א בעטל און די רעשט — גראע ווענט ענלעך צו איסרס געמיט, א פענצטער וואס קוקט ארויס צום לאגער־רינשטאק.

איצט האט ער צייט צו דאווענען, צו מאכן חשבון מיט זיך און דער וועלט.

און מאכט ער און פאדערט ער דעם חשבון — אויך נישט ליגנדיק אויפן בעטל, אויך שפאנענדיק פון איין ברעג שווינגסהיים צום צווייטן.

— וואס איז פארגעקומען אין די לעצטע יארן? —

איסר זיצט ביי זיך אין שטעטל, ארומגערינגלט מיט ווייב און קינדער, מיט משפחה, א שפייז קרעמל און דער שטעטלשער בית־המדרש — שטענדיק זיך אויסגעהיט נישט אנצורירן קיין ווערעמל אויף דר'ערד — האבן זיך אראפגעלאזט טויזנטער רוחות אין דער צורה פון דייטשע מענטשן — — — ווי האט זיך אים, איסרן, איינגעגעבן צו ראטעווען זיין נפש? אן אצבע אלוקים שטעקט דערביי. איסר איז געבליבן כדי צו מאנען יושר, גערעכטיקייט פאר א פארטיליקט פאלק... איי, מיט וועלכן זכות — דווקא איסר? געפינט זיך דערויף ערגעץ א מאמר, אז דער מענטש

טאָר נישט פרעגן מה למעלה, מה למטה: די וועלט פירט זיך נישט אַליין; ס'איז נישט הפקר.

און ווייל די וועלט איז נישט הפקר, וועט איצט איסר פאָדערן חשבון, ער וועט פאָדערן!

נישט חלילה פון וועלטבאַשעפער וועט ער פאָדערן, ניין — די מענטשן, די אויסדערוויילטע ילידי אישה — די ערדישע באַשעפענישן וועלן דאַרפן ענטפערן...

איסר זעט נישט אַרום זיך דעם לאַגער, פילט נישט די אויסגעוואָרצלטע. דאָס אַלץ — אַ מין אויסגעמיש פון טומאה מיט קדושה. לאַנג וועט נאָך דויערן, ביז אַהער וועט גרייכן די האַנט פון צעשיידונג...

זיינע טריט איבער דער צעגאָסענער ערד — אַ טרעטן אויף הייס זאַמד.

בלויז דאַן ווערט אויפגעוואַכט זיין געהער, ווען פון ערגעץ־ווו דערטראָגט זיך צו אים אַ דין געלעכטער, אַ פרייד־אויסגעשריי פון קינדער.

אונדזער דור — אַ פאַרלוירענער, אַ פאַרמשפּטער. איי, פאַרוואָס האָט אויך דער גזר נישט געגרייכט אַהער, דאָ אַהער, צו אונדז אַלעמען? מען טאָר נישט פרעגן. פרעג נישט אַזויפיל, איסר... הערסט — קינדער, קינדער־קולעכלעך אין שווינסהיים.

אין אַ טיפן גרוב, אַנטקעגן אַ הויכער, טורעמדיקער געביידע, שפּילן זיך קינדער אין „באַהעלטעניש".

איסר שטעלט זיך אוועק ביים ראַנד. אַ דראָבנע מענטשעלע מיט אַ מאָדנע אויסזען. אויסגעבויגענע שיך־נעז און אַן אויסגעבויגן בערדל, קאָמיש. אויך דאָס היטעלע אויף זיין אַרומגעשווירענעם קאָפּ מאַכט וווּנדערן די קינדערס בליקן.

— יינגעלע, אשרל, הייסט נישט אשרל, קינד מיינס?

די קינדער רייסן־איבער זייער שפּיל, זייער פאַרטועונקייט, נעמען שאַרפער אַריינבליקן אינעם מאָדנעם פאַרשוין. וואָס וויל ער, דער מיטן אויסגעבויגענעם בערדל?

ביי איסרן, צווישן וואָנסע און מויל־לאָך, פאַרזעצט זיך אַ שמייכל,

זוכה צו פאַרשטעלן פון די קינדער זײַנע פּאַרװײַנטע אויגן. אשרל האָט דאָך געהייסן זײַן צעניאַריק ייִנגעלע, אשרל...

— פונוואַנען קומט איר, פעטער? — קריכט אַ ייִנגעלע אַרויף אויבן, נעמט דרייסט קוקן אויף איסרס בערדל — איר זענט אַ רבי, פעטער?

וואָס זאָגט ער? אוי, רבונו של עולם, זע ווי דײַן פאָלק לעבט און וועט ווייטער לעבן...

— וואָס, ייִנגעלע, וואָס האָסטו געזאָגט?

קליינוואַרג לויפט זיך פאַנאַנדער איבערן לאַגערברוק, לאָזט נאָך זיך אַ הילכיק געלעכטער, וואָס מאַכט קלונגען אין איסרס אויערן דאָס קול — דעם הייליקן געשאַל פון קול שופר...

אָפּגעהאַקט, תקיעהדיק, צעקלינגט זיך איבערן לאַגער דאָס געלעכטער פון אויסגעוואָרצלטע ייִדישע קינדער אין שווייניםהיים.

ד

דאָס לעבן ביי טויזנטער קאָן אַנדערש נישט גיין ווי עס גייט. אַזוי גייט עס שוין חדשים און יאָרן, זינט דאַן, זינט ייִדן זענען פאַרשלאָסן געוואָרן הינטער לאַגערשלעסער —

אַ פּענעץ ברויט, אַ שיסל זופּ, אַ שטיקל צוקער פאַרן קינד.

מיטן חילוק בלויז, וואָס שווייניםהיים איז נישט קיין טויטנלאַגער — שווייניםהיים טראָגט אויף זיך אַלע סימנים פון אַ לאַגער פאַר לעבעדיקע, פאַר באַפרייטע, פאַר אויסגעוואָרצלטע.

ביים איינגאַנג אין לאַגער, איבערן טויער, אויף יענער זייט וואָס פירט צום שלאַנגיקן שאָסיי, דאָרט אויבן איז אַריינגעשטעקט אַ לאַנגער שטעקן, אויף זײַן שפּיץ — אַ מגן דוד. אין יומא דפגרא, אין טעג ווען ייִדן איבער דער וועלט פייערן יומטוב — דאַן פלאַטערט אויך איבער שווייניםהיים די בלאָ־ווײַסע פאָן, בלאָזט זיך אַ שטאָלצע אין דייטשן אוויר: אויך מיר זענען באַפרייט...

פון טויער זעט מען די באַוועגונג אין לאַגער גופא. ווער עס אײַלט מיט אַ שיסל צו דער קיך, ווער — צו אַ שכן אויף אַ שמועס.

אויך האָבן שוין יידן צעפּנט קרעמלעך אין לאַגער. צו באַקומען אַלץ — פון אַ האָרנאָדל ביז לאַקירטע לאַטשן.

אַ מסחר — בשתיקה. אויסגעוואָרצלטע טאָרן נישט האָבן קיין געלט, טאָרן נישט האַנדלען. בלויז די לאַגערפּאָליציי ווייס. קוקט אַוועק.

אַרום דער קיך — זייטיק פון דער געטורעמטער מויער — וואַרטן שווייצסהיימער איינוווינער. אַ לאַנגע ריי אונטערן דרויסן. מען וואַרט מיט קעסעלעך אין די הענט.

ביי דער זייט, אין הויכע שטיוול — כיליק וואַרשעווער, דער לאַגער־פּאָליציאַנט.

ער, כיליק — אַ שטיק קדחת — ער קען אַלע לאַגער־איינוווינער, ווייס: זיין וואָרט מוז אָפּקלונגען הייליק. וואָס? מען האָט טענות צו אים? נישט־פאַרגינערס פאַראַן גענוג. זאָל מען נאָר ווען מען אַריינגנעמען אין קאָמאַנדע — ווי יענער וועט זיין מער אכזר פון אַלע שומרים צוזאַמענגענומען.

ביי אַזאַ מאַסע דאַרף מען האַלטן אָרדענונג. איז דען נישט כיליק קיין טאַטנס אַ קינד געווען? אין לאַגער איז ער געוואָרן פאַרהאַרטעוועט, פאַרשטיינט...

— וואָס שטויסט מען זיך שוין ווידער, האַ?

כיליק שטעלט־אָן זיין עקשנותדיקן בליק אויף איינעם, אויף אַ צווייטן. יענע באַרואיקן זיך. עס מוז זיין אָרדענונג. ווען נישט — פאַרזעצט מען אין קאַרצער...

אָבער נישט שטענדיק שרעקן זיך שווייצסהיימער פאַר דער לאַגער־פּאָליציי. מען פאַרוואַרפט אַ זאַק איבערן קאָפּ און מען צעהאַקט אַזוי די ריפּן, אַז צען קאַרצערס פאַרהיילן נישט דעם צעשלאָגענעם שומרים ווונדן.

כיליק האָט שוין דאָס געפילט. דאָך וועט ער נישט אָפּטרעטן פון אָרדענונג, פון דיסציפּלין. אַ לאַגערפּאָליציאַנט, חוץ וואָס ער באַקומט די ראַציאָנירטע פּאָרציע, איז ער אויך שותף אומעטום: ביים צעטיילן דאָס וואָכנגעהאַלט די לאַגער־אָנגעשטעלטע, ביים טיילן אַמעריקאַנישע פּעקלעך און אויך — ביי די מסחרים אין שווייצסהיים...

— בידלעם!

— ביד־לעם — אקצענטירט וועווע אויפן קול — כיליק זאָגט אַז איר זענט ביד־לעם.

ער ציט ארוים זיינע הענט פון דער ריי, טרייסלט מיטן בלעכע־נעם קעסעלע:

א געוועזענער סטאָלער, וואָס דאָס דזשעגעכץ פון בוקאווע ברע־טער ליגט אים נאָך, דאכט זיך, אויפן פנים; ווייס ער נישט איצט, צי האָט ער די טשעכאָטקע געכאַפּט פונעם העבלעכץ טאַקע, אָדער...

— פּאַניע וועווע שטעלט אייך אין דער ריי.

א ווייבל הינטערן סטאָלער צאַפּלט מיט איר איינגעשטייפט גופל, א גופל, ווי ארומגעבונדן מיט שטריק. זי וויל זען צי דאָרט, ביים אריינ־לאָזן אין קיך, ביים צולאָזן צום קעסל — צי דאָרט גייט עס צו מיט אָר־דענונג. דאכט זיך — ווי שטענדיק:

— פריער באַקומט דער און יענער, הא, פּאַניע וועווע?

— יאָ; אמלעצט באַקומען די בידלעם...

אזוי יעדן טאָג. אזוי דריימאָל אין טאָג — אין לאַגער שוויינס־היים.

*

וועווע סטאָלער איז אריין אין לאַגער נישט צו פארבלייבן דאָ. חלילה. בלויז אביסל קומען צו זיך. מער נישט.

א סטאָלער מיט פארמאַזאָליעטע הענט, מיט א ברייטן טראָט און פּלייצעס — נאָך איצט צו שלעפּן אויף זיי א גאַנצן בוקאווען בוים.

האָט אים דער דאָקטער גענומען אויף אונטערזוכונג, גערעדט צו אים אויף דייטש און ארויסגעגעבן דעם פּסק: ט. ב. צ.

א לעבן אָפּגעשטאַנען ביים ווארשטאַט, געהעבלעוועט סענקעוואַטע ברעטער, אריינגעפּיגעוועט פענצטערראַמען אויף די העכסטע שטאָקן — קיינמאָל קיין טרוקענעם הוסט נישט געטאָן... איצט — ט. ב. צ.

א שפּיצל פון כיליקן מיט זיין חברותא ביים טויער. דאָס האָט ער, דער געוועזענער געטאָ־פּאָליציאַנט — דער קאַפּאָ! — דערפילט אין וועווען זיין שונא. כאָטש — — וואָס האָט ער טאַקע צו אים, צו וועווען?

נישט זיי קענען זיך, נישט זיי ווייסן זיך, אפילו קיין לאַנדסלייט נישט.

אָבער אין שוויינסהיים ווייס מען זיך איבערצוגעבן אויפן אויער: ביליק — אַ געוועזענער קאַפּאָ. איז דאָס געגוג — וועווע זאָל זיין איינער פון שוויינסהיימס קרבנות, ביליקס...

שפּאַנט ער אויף־און־אָפּ איבער זיין שטיבל, וועווע סטאָלער, שטעלט זיך אוועק ביים שפּיגעלע וואָס קרומט זיך אויף דער וואַנט, זעט זיינע אַראָפּהענגענדיקע, אויסגעליידיקטע באַקן־טאָרבעס — שוין ווייט אַריבערגעשפּרונגען די פופציק: וויאַזוי באַקומט מען זיך אַרוים פון דער איצטיקער לאַגער־געפּענקעניש?

וועווע טוט אַ הוסטל. עפּעס דריקט אים אונטערן לעפּעלע. עפּעס פּילט ער אַ שוואַבקייט אין די קני. ער שטעלט־אָן דעם בליק אויפן פענצ־טער, הערט זיך איין צום דרויסן און אויך — צום קלאַפּן פון זיין האַרץ. אַ שרעק. אַ שטילקייט. אַזאַ שטילקייט איז בכוח אומצוברענגען. אַזאַ רו־איקייט הערשט בלויז אין תּפיסה. יאָ — אין קאַרצער...

מענטשן אָנגעשטעקט מיט ט. ב. צ., שפּייען אַרוים פון זיך די קיש־קעס — דאָ ליגט מען אָפּגעשלאָסן, פאַרשלאָסן; דאָ האַלט ביליק אויג אויף שוויינסהיימער אויסגעוואָרצלטע.

וועווע טוט אַ האַסטיקן ריס די טיר. פון שמאָלן קאָרידאָר דער־טראָגן זיך צו זיינע נאָזלעכער ריחות פון מענטשן־מיסט, זשאַווער און קוימיק וועש. ער שטייט אין טירעפענונג, זוכט עפּעס אַרום זיך. אַ טראַסק מיט דער טיר הילכט־אָפּ צווישן די קרישלדיקע קאָרידאָר־ווענט.

— וואָס איז געשען? באַווייזן זיך צעשויבערטע קעפּ, צאַפּלדיקע הענט, אויגן, אָנגעפּילטע מיט שרעק.

— שוין ווידער וועווע?

— עס האָט אים ווידער פאַרשמעקט דער קאַרצער...

שוויינסהיימער לאַגער־איינוווינער קוקן דורך שמאָלע פענצטערלעך, זעען דעם בלאָטיקן דרויסן איבער וועלכן וועווע שפּאַנט מיט זיינע ברייט־צעשטעלטע טריט.

קאָרידאָרטירן צעעפענען זיך. היינט דאַרף זיין אַ וויכטיקער טאָג אין לאַגער: מיסטער אָנסטין וועט באַזוכן שוויינסהיים.

וואָס האַלט מען זיי אָפּגעשלאָסן דאָ, אין דעם קויט? ווינציק געווען לאַגערס, געטאָס, פאַרשידענע אומקומעניש? אַלע דאַרפן גייען צו דער לאַגערביוראָ — אַלע! — און פאָדערן יושר.

— קומטץ אַרויס! — טראָגן זיך קולות איבער שוויינסהיים.

ה

איסר שטערן פילט זיך שוין היימיש אין לאַגער. ער קען אַלע ווינ־קעלעך, וויים וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט. ווייטער פון די שטאַכלדראָטן דאַרף מען נישט גיין.

און שטענדיק, ווען ער מאַכט זיין שפּאַציר איבערן לאַגער, זוכט ער בסדר מיטן בליק די קינדער. זיין איינציקע פרייד.

נאָכן אַראָפּקריכן פון בעטל, אויף וועלכן ר׳האָט דורכגעפירט זיין געוויינלעכן חשבון מיט זיך און דער וועלט, האָט איסר אָפּגעשפּאַרט ס׳פענצטערל, געזען דעם צעבליטן דרויסן, וועלכער שפּרייט זיך פון ברייט און ווייט, הייבט זיך איבער חורבות פון אַן אומקומענדיקער וועלט. דאָרט, אויפן גרינעם באַרג, רייטלען זיך ציגל פון אַ דאָרפישן קלויסטער. דאָרט זענען די דייטשן מתפּלל צו זייער גאָט, וועלכער רופט זיך אויך איצט — אַדאָלף. דאָ — אַ לאַגער: איינגעלאַגערטע יידן אין שוויינסהיים.

צו זיינע אויערן דערטראָגן זיך קולות.
אַ קלאַפּן אין טיר רייסט אים אַוועק פון פענצטער.
אין דער עפענונג — דער רומענישער הערש.

זינט איסר איז געקומען קיין שוויינסהיים האָט אים הערש געהאַלטן אין „מעסטן" די טריט, געזוכט אין אים אַנדערשקייט — דאָס אַנדערע פון די רעשט יידן אין לאַגער: מיט וואָס זענען פאַרנומען זיינע מחש־בות? נעמט ער אויך אויף אַזוי לייכט די סביבה ווי זיינע אחים לצרה? איז ער מסכים מיט דער שטענדיק־טרויעריקער לאַגערדיקער וואָכעדי־קייט, וועלכע באַוואָרפט מיט אַזויפיל שרעק, מיט אַזויפיל אומעט?

הערש, אַ געוועזענער „ביכער וואָרעם" אין דער אַלטער היים, האָט ער אויך איצט — נאָכן דורכגיין טראַנסניסטריע — נישט פאַרלוירן דעם

חוש פאַר אַן איידעלן אויסדרוק, כאָטש אַמאָל צוגעפּעפּערט מיט אַ גראָב וואָרט אויך. דער עיקר: הערש געהער צו די דאָזיקע וואָס זענען נישט מסכים — גרייט שטענדיק עפּעס צו פרעגן און אָפּצופרעגן.

שוואַך אין געזונט, אַ „געכאַפּטער" אויף טשעכאָטקע, האַלט הערש אויף אין זיך אַ פּענעצל הומאָר, אַ ברעקעלע פריילעכקייט, וואָס דאָס וועקט אין אים חשק צום לעבן. אָן דעם — זאָגט ער אויף זיך — וואָלט הערש שוין לאַנג געווען אַ שוכן עפר.

אַ פריילעכער לונגונלעבער — קרומען לאַנגער־ווייבער זייערע נעז.

פאַר הערשן איז דאָס דווקא אַ קאָמפּלימענט. וואָס? ארומגיין מיט פאַרוויינטע אויגן? זיך אריינלייגן אין אַ ברידער־קבר?

אי ער האָט אין זיך הומאָר, אי — ערנסטקייט. אַלץ אויפן פּלאַץ.

הערש האָט געפונען אין איסרן אַ פּאַרטנער. אמת, זיין חבר איז געקנאָטן פון אַן אַנדער טייג: נישט פאַרגעסן דאָס ביסל תורהדיקע חכמה פון גוטן אַמאָל; איז ער דערפאַר מבין אויף הערשס אַ הלצלה, בלויז: „אָן ניבול פּה, רומענישער, אָן דיין מאַמעליגישן צומיש"... אַזוי וואָרנט אים שטענדיק איסר.

— וואָסזשע טוט זיך אינדרויסן? — קוקט איצט איסר אין הערשס אויגן, — הערש, רחמים, הערש; דו פאַרלירס'טאַך די צורה.

— מילא, ווי וואָלסטו געזאָגט: אדוני לקח...

ביידע זענען ארויס איבערן לאַגער. אויפן וועג רעדט זיך הערש אראָפּ פון געמיט, דערציילט, ווי די בעלי כשרות באַגנבענען די קיך, שעפּן אראָפּ דאָס ביסל פעטס פון קעסל.

— אַזוי ווי אין געטאָ.

— נאָך ערגער, איסר. דאָרט וואָלט מען געגעסן אַלץ, אפילו אַ פגירה; דאָ האָט מען זיך פאַראיידלט; אַ מתנה פונעם מיסטער אָנ־סטין...

— ווילסטו אַ הכשר אויף פגירה?

— יאָ. אַ הכשר צו מאַכן פון אימעצן אַ פּגר...

הערש גיט זיין וואָרט, אַז מער וועט זיין פוס נישט אריינטרעטן אין לאַגערקיך. זאָלן זיי צעפּלאַצט ווערן — נישט אויף זיינע אויגן!

*

א סוכאָטנע זון דושעט איבער הייזקעס און קויטיקן ברוק, פאַרגעלבט די פּנימער פון איילנדיקע צום טויער.

סימנים פון מענטשן, איינגעהילטע אין פאַרשידנפאַרביקער הלבשה, באַוועגן זיך ירגזונדיק, שפּאַנען פאַרביי הערשן, וואַרפן אויף אים נצחון־פייערלעך.

— שפּייען וועלן מיר ! — פאַרקייכט זיך א ווייבעלע מיט א גרילץ — אַריינשפּייען אין זיי אונדזערע קרענק !

— אויסברענען זיי ! — הערט זיך א הוסטנדיק קול — ווי אונדזערע לייבער זענען אויסגעברענט !

אזוי ביזן טויער. דאָרט שטעלט מען זיך אָפּ. טיילט מען זיך פאַנאַנ־דער אין קופּקעס.

וויל איינער וויסן פון איינעם :

— אַן „עפּידייוויט" ? און ווער עס האָט נישט קיין „עפּידייוויט" ?

— איז טאַקע שלעכט ; קרענקט מען אין חזירישן שוויינסהיים.

— און מיסטער אָנסטין קאָן גאָרנישט טאָן צו דער קוואָטע ?

— עך, אַז ברענען האָט געדאַרפט אַמעריקע ! . . .

פאַרביי דעם המון שאַרט זיך דורך די ברייטע פיגור פון וועוועז. ער גייט שווער, ווי געשלעפּט נאָך זיך א משא. זיין קאָפּ — אַן ארומגעפּליק־טער, אומגעהעבלעוועטער קלאָץ. בלויז אינעווייניק, טיף אין אים, פרעסט אויף זיינע לונגען די קאַצעט־חולאת, די ט. ב. צ., כאָטש ער אַליין, וועווע, לייקנט־אָפּ די גאַנצע געשיכטע : אַן אויסטראַכטעניש — ט. ב. צ. !

ער שטעלט זיך אוועק נעבן א מענטשן־קופּקע, וויל וויסן :

— איז מיסטער אנסטין שוין געקומען ?

— מען וואַרט.

— באַלד וועט זיין לימוזין פאַרפאָרן פון נעכטין.

— פון נעכפּין — פאַרבעסערט אימעצער.

— זאָל זיין פון נכפּה, אבי לאָמיר שוין זעען די נכפּה !

די צענטראַלע שטאָט, וווּ מיסטער אנסטין האָט זיין ביוראָ, באַזאָרגט

די שוויינסהיימער מיט כלערליי קאַלאָריעס — לויט אַ צוגעפּאַסטער דיעטע. לאַגער־יידן האָבן באַקריינט דעם דאָזיקן שטאָטצענטער — וואָס רופט זיך נעכמין: נכפּה. אַ געוויינלעכער אויסדרוק געוואָרן — סיי פאַר דער שטאָט, סיי פאַר מיסטער אנסטין.

וויל אימעצער בעטן אַ דערלויבעניש צו פאָרן אין שטאָט, זאָגט ער:

„איך פאָר צו דער נכפּה".

פרעגט די לאַגערפּאָליציי ביים טויער אימעצן, פונוואַנען יענער קומט, ענטפערט ער:

„פון דער נכפּה".

און אַז מיסטער אנסטין זאָגט־אָן זיין אָנקום קיין שוויינסהיים, ווייסן אַלע:

„די נכפּה קומט".

מיט חדשים פריער האָבן שוויינסהיימער געלייגט האָפענונג אויפן צענטער, אויף נעכמין, דערוואַרט פון דאָרט די גאולה. האָט זיך גענומען אָפּקילן דער אויפפלאַקער; האָט שוויינסהיים גענומען זען אַז נעכמין האָט נישט וואָס צו געבן, האָט נישט קיין נחמה פאַר גיכער אויסלייזונג — איז פון נעכמין־נחמה געוואָרן — נכפּה...

און אַז פריער האָבן שוויינסהיימער זיך פאַרלאָזט אויף מיסטער אנסטינס מענטשן, אויסגעהערט זייערע טרייסטווערטער, איז מען איצט אַליין אַוועק צום לאַגער־טויער; איז איצט געשיקט געוואָרן אַ וואָרענונג צו דער „נכפּה": וועט ער נישט קומען פון נעכמין אויסהערן דעם עולם — וועט דער גאַנצער חזירישער שוויינסהיים אַוועק מיטן רויך...

ו

אויך אויף שוויינסהיים לייכט די זון. זי שפּאַצירט אַרום איבער די חורבות פון נעכמין, באַלעקט די דאָרטיקע גרויז־בערג, וואַלגערט זיך אי־בערן שלאַנגיקן שאָסיי, גלאַנצט אויפן קלויסטער־קופּאָל אין שכנהשן דאָרף — דערנאָך צעשמייכלט זי זיך איבערן יידנלאַגער. דאָ לעקט זי, די זון, אויס די בלאָטע־קאַלוזשעס, שפּילט זיך מיט די קינדער אין גרוב.

פאַרנאַכט ווערט ווידער פינצטער אין שוויינסהיים.

פאַרנאַכט שליסט־אָפּ די לאַגערפּאָליציי דאָס טויער: נישט אַרויס, נישט אַריין.

איצט האַלט עס שוין ווייט נאָך האַלבן טאָג. לעצטע זון־שטראַלן קריכן נאָך אַרום איבער די עיפּושדיקע רינשטאָקן, דראַפּען זיך אויף משוּפּעדיקע דעכער פון איינגעהויקערטע באַראַקן.

אין שטיבלעך דושעט די היץ. אין געוויינלעכע טעג זיצט עולם אויף טרעפּלעך און ברוק, דערציילט געשיכטעס פון טאַשקענט און לובלין. ווער עס איז אַרויס מיט חיות פון טאַשקענטער „פּאַרכאַדסטראָי" און ווער — זיך ניסימדיק געראַטעוועט פון לובלינער מיידאַנעק...

אַזוי יעדן טאָג: שפּאַנען מתים פאַרביי דעם לאַגער — דערמאָנונגען וועגן טויזנט טויטן. ווער עס שעלט און ווער עס לויבט. פאַראַן „טאַשקענטער" וואָס האָבן מיט זיך געבראַכט אַ ייִנגעלע, אַ מיידעלע: אָפּגעשפּאָרט פון נע־ונד. לויבן זיי דערפאַר דעם אומגעזעענעם רעטער. אַנדערע זענען אָנגעפילט מיט בלויז קללות, מיט בלויז געוויין. דאָך — אַ דאַנק דעם באַשירמער פאַר דערהאַלטן ס'ביסל חיות.

אין איין פּרט זענען אַלע שוויינסהיימער גלייך אומצופרידן: זיך געראַטעוועט פון דאָרט, כדי אומצוקומען דאָ?!

מיסטער אַנסטין איז נישט קיין שלעכטער מענטש. געשיקט פון אַמעריקע צו געבן אַ לעפל עסן, אַ מלבוש. איז דאָס אַ תכלית? אַ חודש, צוויי, פינף, אַ יאָר — און אַ סוף?!

נאַקעטע קינדער שפּילן זיך אין זאַמד. טייל פּלאַפּלט געציילטע ווערטער — אַ שפּראַכן־געמיש. עלטערע קינדער, אַרויסגעפּירט אין ווייטע טיינעס פון יידישע היימען — רעדן יידיש אויך. און אַלע צוזאַמען — צענדליקער קינדער אין שוויינסהיים — שאַפן פרייד, זענען אַ טרייסט פאַר גרויס און קליין. אָבער — וואָס וועט ווערן פון די קינדער אין לאַגער? פאַר זיך זאָרגט מען נישט — שוין פאַרזאָרגט! — אָבער די קינדער! רייסן מאַמעס פון זיך פּאַסן, שעלטן דעם טאָג פון געבוירן.

לענגער טאָר מען נישט וואַרטן. זאָל מען אַרויסנעמען פון חזיר־שטאַל, אוועקפירן ערגעץ אין דער וועלט אַריין — צווישן יידן!

אַלץ אים צוריקוואַרפן אין פּנים, דעם מיסטער אַנסטין, דער „נכפּה"

— שוין גענוג איינגערעדט, אָפּגענאַרט, איינגעשלעפּערט מיט זיסינקע רייד־דעלעך: אַמעריקע עפנט די טויערן; אויסטראַליע וועט אַריינלאָזן...

וויפל איז דער שיער?

איז עולם איצט פאַרזאַמלט אַרום לאַגער־טויער — גאַנץ שווינסהיים געפינט זיך דאָ.

ווער עס האָט אַן „עפידייוויט" פון אַ פעטער אין אַמעריקע, וועט פאָדערן אַ שיפקאַרטע; ווער עס האָט נישט קיין פעטער אין אַמעריקע, וועט פאָדערן אַן „עפידייוויט" פון מיסטער אנסטין — אַלע וועלן שרייען מיט איין קול:

— ראַטעוועט אונדז פון שווינסהיים!

— זי אויך? זי זענען אויך אָנגעברוגזט? — רוקט זיך איין ווייבל אויפן צווייטן — אינס מאַן איז דאָך אַ פּאָליציאַנט!

— איז וואָס? — ענטפערט יענע מיט אַ פעט־טייגיק פנים — איז עס אין גרוים אין די שליפעס?

— אוודאי — הערט זיך אַ קול — די פּאָליציי וויל, דער לאַגער זאָל אייביק בלייבן...

און איינער אַ ייד, וואָס קוקט ערגעץ ווייט איבער די דעכער, טרייסלט מיט שיטערע ציין, טרייסלט און וואַרפט אַרוים פון זיך ווערטער. עולם הערט און שטוינט. שטופּט זיך, לייגט־צו אַן אויער. וואָס דערציילט ער דאָרט?

— שיפן ווערן פאַרפאַלן אויפן ים, ווערן פאַרלוירן; גאַנצע שיפן פון אַמעריקע.

— וואָס עפּעס?

— ווייל די שיפן — זאָגט דער טרייסלדיקער ייד (און אַז ער זאָגט, ווייס ער דאָך) — ווערן אָוועקגעפירט אין אַנדערע פּאָרטן, ווערן פאַרקויפט, אויף שוואַרץ פאַרהאַנדלט.

— סאַראַ שיפן?

— אַ גולם אַ ייד: אונדזערע שיפן!

— די שיפן, וואָס דאַרפן אונדז פירן קיין אַמעריקע?

— פע, פעטער, שוין צייט איר זאָלט פאַרשטיין: שיפן מיט פראָ־

דוקטן (מיסטער אָנסטין רופט זיי: קאַלאָריעס), וואָס יידן פון אַמעריקע שיקן פאַר זייערע גנראַטעוועטע ברידער אין איירָאָפּע, ווערן פאַרקויפט, פאַרהאַנדלט אויפן ים, פאַרשטייט איר שוין?

— בא.

—פאַרדרייט נישט קיין קאָפּ.

— הפקר אַ וועלט?

— יאָ! די וועלט איז הפקר, זאָג איך און מיר זענען צענמאָל הפקר!

וועוועס קול, ווי פון אַ סקריפּענדיקער טיר, האָט אַריינגעגרילצט צווישן די שוויינסהיימער, געמאַכט אָנשטעלן אויף וועוועזן אַלעמענס בליקן. ער שטייט מיט צעשפּרייטע הענט, ווי גרייט אויף אימעצן זיך אַ וואָרף צו טאָן. זיינע אויגן — מלא־כעס. שוין לאַנג וואָרנט ער די אויסגעוואָרצלטע, אַז מען האַלט זיך צופיל לעקישעוואַטע, צופיל מיט אַראָפּגעבויגענע קעפּ. זיי שרעקן זיך פאַר קאַרצער — באַלוואַנעס! מורא צו האָבן פאַר כיליקן?!

— אַ זאַק איבערן קאָפּ, זאָג איך!

— יאָ, אויסרייסן, אויסברענען!

— אַ נכפה...

וועווע שטייט אינמיטן אַ מענטשן־ראָד. איינער דריקט אויף איינעם; יעדער וויל זיין נענטער צום ראש־המדברים, צו וועוועזן. אמת, אין לאַנגער האַלט מען אים, דעם סטאָלער, פאַר אביסל חסר־דעה, אביסל אַרונטער פון זינען, — מען האָט אָבער גענומען פילן, אַז דווקא פון אים רעדט אַרויס דער אמת, די קלאָרקייט אַליין.

— הערטש, ער רעדט דאָך מיט פאַקטן!

און וועווע דערציילט, ווי אין שוויינסהיים הערשט די אונטערוועלט — לויטער קאַפּאָס; ווי אַליין האָט ער געהערט אַרויסלייענען פון אַן אַמעריקאַנישער צייטונג, אַז שיפן ווערן אַרומגעזוכט אויפן ים, שיפן וואָס בלאָנדזשען אַרום די ים־ברעגעס, האָבן פאַרלוירן דעם וועג קיין דייטש־לאַנד...

— דאָס איז עס!

עולם נעמט זיך פאַנאַנדערוקן, פאַנאַנדערפאַלן אויף קופּקעלעך. אין טיפן, פינצטערן טויער שטייט כיליק. דאָס „אָפיציעלע" היטל מיטן

גלאַנציקן דאַשעק — פּאַררוקט אָן אַ זייט. זיין פּנים גלאַנצט אַרויס פון חשכות מיט חוצפּה און שרעק. וועוועט רעדט שוין ווידער? יאָ. זאָל ער רעדן, זאָל עס אויסרעדן אַלדעם בייז. איינמאָל פאַר אַלעמאָל — מעלדן אין צענטער, אַז דער וועוועט בונטעוועט דעם לאַגער.

ניין.

כיליק וועט עס נישט טאָן.

זאָל מיסטער אנסטין קומען און אַליין זען. ערשט איז די בעסטע צייט...

אָבער וועוועט האָט נישט קיין חשק צו וואַרטן אויפן מיסטער אנסטין, אויף דער „נכפה" פון נעכמין. שוין און טאַקע אויפן אָרט — אָנלערנען דעם כיליקן און זיין חברותא. איצט איז די בעסטע צייט טאַקע. אַלע זע־נען פאַרזאַמלט אַרום טויער...

—זאָלן זיי אוועק פון טויער, זאָלן זיי! זאָלן זיי אונדז לאָזן פריי, לאָזן אַרויסגיין פון לאַגער!...

דער אָוונט האַלט אין צופאַלן, האַלט אין פאַרדעקן שווינסהיים מיט אַ שוואַרצער מרה־שחורה. פענצטערלעך קוקן אַרויס פון באַראַקן מיטן לעצטן טאָגאויסלעש.

שווינסהיימער טרעטן נישט אָפּ פון טויער, וואַרטן אויפן מיסטער אנסטין. ער האָט דאָך אַליין צוגעזאָגט, אַז ר'וועט קומען...

— איך האָב פאַרויס געוווסט — רייסט זיך אַ זדעכלעוואַטע יידל פון פלאַץ, פליקט זיך, גלייך אַ משא וואָלט געלעגן אויף זיין איינגע־הויקערט פּלייצעלע — איך האָב געזאָגט, אַז נאָר זיי ביים טויער זענען שולדיק.

— זיי, נאָר זיי — האַלט עולם אונטער, פאָכענדיק מיט פויסטן צום פינצטערן טויער־ווינקל.

פון דאָרט גייט אַרויס כיליק. ער וואָרנט, מ'זאָל זיך פאַנאַנדערגיין.

— און אַ סוף זאָל'ם נעמען! מאָרגן וועט מיסטער אנסטין קומען קיין שווינסהיים!

וועוועט נעמט זיך רוקן פאָרויס. זיינע הענט — צוויי ווינטמילן. זיינע אויגן — פון אַ טיגער — גרייט צו פאַרציקן.

איין שטיק, נישט אַפּצורייסן, נישט פֿאַנאַנדערצורייסן — גיט זיך די גאַנצע מאַסע אַ שלײַדער צום טויער, צו כּיליקן. קולות. געוויינען. די שמאָלע טויער־עפֿענונג ווערט פֿאַרשטאָפּט. אימעצער שרייט:

— פֿײַער!

— אונטערצונדן די קאָמאַנדע!

כּיליק איז אַרום אויפֿן שאָסיי. וועווע — נאָך אים. הינטער זיי — הענט, קולאַקעס. אַ פֿאַרמעסט מיט שטיינער.

— סקילה! — שרייט מען פֿון דער מאַסע.

— פֿאַר־שטיי־נען!

— פֿאַר מײַנע פֿאַרברענטע קינדער!

— פֿאַר מײַנע געלעכערטע לונגען!

אויסטערליש. אַן אויפֿשטאַנד אין שווײַנסהיים. קענען וועמען? קיי־נער פֿילט דאָס נישט, פֿרעגט דאָס נישט. אַ ספּאָנטאַנער אויסדרוק פֿון צאָרן.

איין אויגנבליק — די מאַסע טוט זיך אַ וואַלגער איבערן שאָסיי, פֿרעסט זיך אײַן אין שטיינער און זאַמד.

איבער דעם זעלביקן שאָסיי האָט מען געפֿירט יידן צום שכנהשן דאַכאַו — — — — איצט: צען אויף איינעם; הונדערט יידן אויף איין ייד... צונויפֿגעקלאַמערטע פֿויסטן ברעכן איבער ביינער, רייסן האָר, שינדן הויט. מען וואַלגערט זיך אין ראַוועס. מען קוילעט זיך...

— גע־וואַאַאַלד, יידן!

וועוועס גרויסער גוף ליגט אויף כּיליקן, פֿאַרדעקט אים אונטער זיך. ווײַבער, מענער, קינדער — מען קאָפּעט, מען פֿליקט לעבעדיקע שטיקער. קיינער פֿילט נישט ווער ס'איז ווער. אַן אַלגעמיינער חשבון.

און דעם פֿילנדיקסטן חשבון מאַכט וועווע: ער האַלט איינגעקלאַ־מערט זײַנע גרויסע הענט אין כּיליקס פּנים, אין זײַנע באַקן, רייסט אים ביי די ליפּן, ביי די ציין און — די נקמה דערלעבט: שפּייט אים אַרײַן אין מויל, טיף אין מויל, איינמאָל, נאָכאַמאָל — זאָל ער אויך באַקומען די ט. ב. צ. — — — —

קולות ווערן נישט פאַרשטילט אין נאַכט־חשכות. א צעקנאָדערטע מאַסע. וואָיענדיקע חיות.

און צווישן:

— יידן, גע־וואאאאלד!

א כליפּען, א וויינען אין דער נאַכט.

איבער אַלעמען — כיליק. מיט די לעצטע כוחות שרייט ער, רופט ער, דערמאָנט ער, אַז — מען שלאָגט א ייד...

— ברידער!...

— — — א וואַכנאַכט געווען אין שוויינסהיים.

צומאָרגנס איז מיסטער אַנסטין געקומען אין לאַגער.

*

איסר שטערן רייסט פון זיך פּאַסן: אַזאַ בזיון; אַזאַ חילול השם!

ווי אַן אבל דרייט ער זיך אַרום איבערן שטיבל. א פּאַסקודנע מעשה, א טרויעריקע געשיכטע. ווינציק פּאַרקאָפּעט איבערן קאָפּ — ט'האָסטו! שפיכת דמים. ווי האָט מען דערצו דערלאָזט!

ער קוקט אַרויס דורכן פענצטער. דער פריער באַגינען צייכנט אין לאַגער דאָס אָנקומען פון טאָג, א טאָג, אַנדערש פון אַלע טעג.

איסר האַלט שוין נאָכן דאַווענען. א יושר אַרויסצוגיין צו דער קיך, נעמען דאָס חלק וואַרעמס.

שטויסט ער אָן דעם בליק אויפן רומענישן הערש. יענער לויפט, שפּרינגט איבער ראַוועס. איצט זעען זיך בולט אַרויס די לעכער פון זיין שמאָל גופל. אַזוי קוקט־אויס א לאַגער־ייד, אַזוי — אַלע אויסגעוואָרצלטע.

הערש פּראַלט אַריין צו איסרן אין שטיבל אָן א גוט מאָרגן:

— הערסטו, איסר, וואָס מען שמועסט: נאָך דער נעכטיקער הריגה איז פאַרשוווּנדן כיליקס געביין; מען זאָגט: זיך אויפגעהאָנגען; א כפּרה פאַר...

— א ייד!

— יאָ, איסר: הבא להרגך, וואָלסטו געטייטשט... א קאַפּאָ, א רוצח...

א שטילשווייגן. איסר פילט, אז קיין שולדיקע און באשולדיקטע זע־נען בכלל נישט פאראן. אָדער אַלע, אָדער קיינער... הערש רייסט אים איבער דאָס טראַכטן:

— מען שמועסט אויך, אז די „נכפה" איז געקומען...

— און וואָס?

— אויך געהערט, אז קיינער וועט נישט גיין צו אים. שאַ. אויך די קיכערס האָבן נישט אונטערגעהייצט דעם אויוון. א תענית ציבור.

ביידע פאַרבליבן איינגעגראָבן אין רעיונות. אויף איסרס איינגע־בויגענער גאָמבע ציטערן די האָר פון בערדל. עפּעס זאָגט ער אריין אין זיך. מסתמא פאַרענדיקט ער א קאַפּיטל תהילים.

וואָלט איסר שטערן פאַרמאָגט אין זיך דעם כוח דאן ארויסצולאָזן א הילכיק געשריי, וואָלט צו דער הרינה נישט געקומען, וואָלט נישט גע־קומען צו חילול השם אויפן דייטשן שאָסיי. איסרס וואָרט האָט חשי־בות אין לאַגער. איז דאָך פאַרגעקומען א ווולקאַן־אויסברוך — ווער האָט דען געהאַט כוח אָפּצושטעלן א פייער־לאַווע...

— לאָמיר איצט עפּעס טאָן — רייסט איסר איבער דאָס שווייגן.

— אריבערגיין צום מיסטער אנסטין?

ביידע האַלטן אָנגעשטרענגט די בליקן צום דרויסן.

*

מיסטער אנסטין איז אוועק פון זיין געבוירנשטאָט, גלייך ווי קיין אַמעריקע איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן אויסגעוואָרצלטע יידן אין אייראָפּע. דאָן האָט עס געהאַלטן דערביי, ער זאָל פאָרן על חשבון הקהל; אָבער זייענדיק א מיליטערמאַן אין רעזערוו, האָט ער זיך פרייוויליק גע־שטעלט צו דינסט דער אַרמיי אין דייטשלאַנד.

איז ער געווען צווישן די ערשטע ביים העלפן איינשטעלן אָרדענונג אינעם געוועזענעם נאַצילאַנד און פון די ערשטע — צו געבן הילף די גע־ראַטעוועטע יידן.

ענערגיש, אָבער מיט א ווייכן בליק, מיט רחמנותפולער גרייטקייט אויסצוהערן, צו געבן א תשובה.

איבערגעוואקסן לויט זיין עלטער — אין די אָנהייב פערציקער — צייכנט זיך אויף מיסטער אנסטינס אויסגעפּילטן פּנים דער עלעגאנטער ספּאָרטסמאַן, וואָס באַזיצט פעאיקייט אָפּצושלאָגן אַן אַטאַקע, איידער דער אַטאַקירער גרייט זיך צום פּאַרמעסט.

קלוג, באַרעדעוודיק, אַ שטיק לץ — אַ געבוירענער און געהאָדעוועטער באַי אין אַמעריקע — האָט מיסטער אנסטין זיך פּלוצלינג דערפילט קליין און נאַרישעוואַטע אַנטקעגן די אויסגעוואָרצלטע, וואָס האָבן אים כסדר געהאַלטן אין קלעם, אים געמאַטערט מיט גערעכטע טענות — אים אַרויסגעשטעלט ווי דעם שולדיקן אין אַלע זייערע צרות...

און אפשר — און טאַקע זיכער — איז די גערעכטיקייט מיט זיי: אַ וועלט האָט פריער געשוויגן, אַ וועלט אַ גאַנצע מיט אַמעריקע בראש, געשוויגן בעת די דאָזיקע מענטשן זענען געפּייניקט געוואָרן אין מאָדערנע אינקוויזיציעס, געשוויגן און געהוליעט און געשפּילט אין ספּאָרט...

ווי קליינלעך, ווי נישטיק, ווי שעמעוודיק דאַרף איצט זיין די וועלט כלפּי די דאָזיקע אויסגעוואָרצלטע!

מיסטער אנסטין האָט נישט קיין פאַרענטפערונג — נישט פאַר זיך, נישט פאַר זיין דעמאָקראַטיש־ציוויליזירט אַמעריקע.

וואָלט ער כאָטש געקענט זיך צונויפרעדן מיט די דאָזיקע יידן, זיך פאַר זיי אויסטענהן, געבן זיי צו פאַרשטיין וועגן דער גרויסער הילף, וואָס אַמעריקע טוט איצט פאַרן קליינעם רעשטל געבליבענע — הערשט אָבער דאָ אַזאַ שפּראַכן־געמיש, אַז די איינצלנע יידישע ווערטער: זיין שפּראַכפאַרמעג פאַר יידן און דייטשן, ווערן בטל, ווערן אויסגערונען, אויסגעלאַכט פון זיינע פּעטענטן...

אַזוי פריער, אין די ערשטע חדשים פון נעכמינער „דויטשעס מוזעאום", אַזוי איצט — אין זיין ביורא אויף דער שלאַנגענשטראַסע.

נישט איינמאָל איז אים שוין געקומען אויפן געדאַנק: פאַרפּאַקן די רענצלעך, אויסטאָן דעם מונדיר — און צוריק קיין אַמעריקע. אָבער זיין געפיל — נאָך אַ באַזוך אין דאַכאו — האָט אים געהאַלטן איינגעקלאַמערט אויפן פּלאַץ, נישט דערלויבט צו דעזערטירן, צו איבערלאָזן זיין אָנגעהויבענע אַרבעט אַ נישט־פאַרענדיקטע —

וואָס וועלן לייטן זאָגן: אין שוויינסהיים איבערגעלאָזט יידן מיט ט. ב. צ. און אַליין געקומען ספּאָרטעווען אין דער רייכער היים!

שוויינסהיים — אַ פּלאָג אויף אַלעמען; ספּעציעל דריקט שוויינס־היים אויפן דירעקטאָר פון דער אַמעריקאַניש־יידישער הילפסביוראָ, דעם מיסטער אַנסטין.

וואָס וועט פּאָרט ווערן פון די טויזנטער אויסגעוואָרצלטע אין שוויינסהיים?

אַמעריקע האַלט פאַרקלאַפּט די טויערן. פון ערגעץ קומט נישט קיין הילף. אייראָפּע ליגט אין חורבות. — אַ וועלט איז משוגע געוואָרן...

ער האָט אַ קוועטש געטאָן ביי אַ קנעפּל. זאָל מען אים תיכף פאַר־בינדן מיט שוויינסהיים־לאַגער.

אָט קומט ער פון דאָרט. נישט געהאַט מיט וועמען צו רעדן. נאָך דער נעכטיקער איבערקערעניש — אַ סכנה צו באַווייזן ס'פּנים פאַר די אויסגעוואָרצלטע. אומגעדולדיקע יידן — און די רעכט איז פּאָרט מיט זיי!

פון שוויינסהיים ענטפערט מען נישט. איבערגעריסן די טעלעפאָן־פאַרבינדונג.

וואָלט אימעצער פון דאָרט געקומען צו אים, וואָלט מען בשותפות געזוכט אַן עצה פאַר באַרואיקונג. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, גענומען אַרומשפּאַנען איבערן צימער. באַרואיקונג? ליגט דען אַזאַ מיטל אין זיין רשות? דאָך —

שוין לאַנג געדאַרפט באַזייטיקן דעם ביליקן פון דער לאַגערוואַך. אַ חוצפּהדיקער יונג. אַ קאַפּאָ געווען, זאָגט מען. איצט איז ער דער שולדי־קער אין די אומאָרדענונגען. בלויז ער? און פאַרוואָס נישט אַלע, מיר אַלע?...

מיסטער אַנסטין האָט איינגענעצט די באַקן מיט קעלניש וואַסער, צוגעפּרעסט די האָר, אַרויסגענומען פון שויבן־שענקל אַ געפּאַרבטע פלאַש, אָנגעגאָסן אין אַ גלאָז רויטן וויין. מיט איין זופּ איבערגעקערט די גלאָז. זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט מונטערקייט, מיט חשק צום לעבן.

ער וועט הייסן שיקן א טעלעגראַם, אַז תיכף זאָל אַרויסקומען צו אים אַ דעלעגאַציע פון שווינסהיים.

ז

שלאַנגענשטראַסע האָט געביטן איר אויסזען. פון אַ געסל, וווּ אָרעמע לייט האָבן געהאַט זייערע ווילעס, פאַררוקט צווישן ביימער און בלומען, איז איצט פון דער שלאַנגענשטראַסע געוואָרן אַ יידישער צענטער.

דאָ, אין דעם שמאָלן, שלאַנגיק־געדרייטן געסל — יידישער גערויש פון פריען פאַרטאָג ביז שפּעט אין נאַכט. יידישע צייטונגען, יידישע פּאַרטייען — און אַ יידישער באַזאַר, אָנגעפילט מיט כל טוב.

יידן צעוואַרפן די חורבות פון נעכטיגער שלאַנגענשטראַסע, שטעלן אַוועק הילצערנע בוידן אויפן אָרט פון צעקרישלטע ווילעס.

דאָ האַנדלט מען מיט אַמעריקאַנישע פּאַפּיראָסן, מיט קאָנסערווירטע פּושקעס און מיט — „ווייכע" און „האַרטע". ווער עס קויפט, ווער עס פאַרקויפט. אַ יאַריד אינמיטן דער „שטאָט דער בעוועגונג".

אַ שטיק ארץ ישראל אויף דייטשן באָדן.

שילדן מיט אויפשריפטן: „תל אביב", „גליל", „נגב" און אויך „ירושלים". רעסטאָראַנען און קנייפּעהייזער — וווּ מען שפּילט אין פּאָקער און ווו — „שוואַרצע" מסחרים ווערן פאַרהאַנדלט.

אויך קומען לאַגער־יידן אַהער, אויסגעוואָרצלטע, פאַרחושכטע, קומען פאַרבייטן אונטערגעשימלט קאָנסערוון־פלייש אויף אַ ברעקעלע כשר פעטס; אַ פּעקל ציגאַרעטן אויף אַביסל רייכסמאַרקן. מען דאַרף דער־האַלטן ס'חיות ביי אַ קינד, ביי אַ סוכאָטנעם מאַן. ווי קאָן מען זיך כסדר שפּייזן מיט קאָנסערוון?

„שוואַרץ" איז די שלאַנגענשטראַסע...

יידן מיט רויטע שטיוול, רויטע פּנימער, אויגן — אַ שרפה אונטער־צונינדן. „ווילע יונגען". וואָסי? די דייטשן האָבן געמעגט ראַבעווען, מאָרדן, אונטערצינדן? טענהן זיי גאָר, אַז אויסגעוואָרצלטע יידן באַ־רויבן דעם דייטשן אוצר. שוויינען־זין! אַ דייטשער אוצר? האָבן זיי אָפּגעגעבן חשבון פון יידישען אוצר? אַלץ זייערס — דאַרף איצט גע־

הערן צו יידן, צו אויסגעוואָרצלטע; דאַרף צוריק צוגענומען ווערן. הורן־זין!

שוואַרצט מען גרענעצן און „שוואַרצע" סחורה פּילט־אויס יידישע בוידן אויף שלאַנגענשטראַסע.

דייטשע באַלעבאָסטעס קומער אַהער איינקויפן, זיי און זייערע צע־פּיעשטשעטע הינטעלעך. דאָ קאָסט עס ביליקער. דאָ איז מען העפלעך. יידן ווינטשן „גוטען אַפּעטיט" — ביים פאַרקויפן פאַר רייכסמאַרקן אַמע־ריקאַנישע קאָנסערוון־פּושקעס, ציגאַרעטן און שאָקאָלאַד.

ניילאָן־זאָקן ברענגט מען פון דער נייטראַלער שווייץ. קאָנסערוון און שאָקאָלאַד — פון דער שלאַנגענשטראַסע־צענטראַלע.

מיסטער אנסטין טיילט „ראַציאָנען" פאַר פאַרטייען און פאַר זייערע „אַקטיוון".

וואָסזשע זאָל די פאַרטייען־צענטראַלע טאָן מיט אַזויפיל קאָנסערוון־פּושקעס, מיט אַזויפיל ציגאַרעטן?

אין שוויינסהיים ווערט דאָס איינטיילן „ראַציאָנען" קאָנטראָלירט — שטרענג, לויט קאַלאָריעס: נישט מער און נישט ווינציקער.

אין צענטער איז עס אַנדערש. דאָ אַרבעט די צענטראַלע...

איז שלאַנגענשטראַסע אַ שם־דבר איבער דער וועלט — דער פאַר־בינדונג־פּונקט פאַר יידן אין אַמעריקע מיט יידן אין ארץ ישראל. יידישע זשורנאַליסטן טרעפן זיך דאָ, פאַרשן, קויפן מתנות פאַר ווייב און קינ־דער, פאָרן צוריק און — שרייבן. ווער עס שמייכלט ביים שרייבטיש, ווער — עס קלאַפּט־אויס אויף דער מאַשינקע אַ חרם: חרם פאַר די אויס־געוואָרצלטע, פאַר די לאַגערניקעס! אַנדערע זענען גאָר צופרידן: גע־ווען אין שוויינסהיים; וואָסי דער רעש? — אַ יידיש, אַ באַחנט שטע־טעלע... יאָ. זאָל שוויינסהיים אויפהאַלטן דעם יידישן חן פון געוועזע־נעם ,פון פאַרטיליקטן שטעטל.

עם חכם ונבון.

און אָט אַזוי, טאַקע אַזוי, שלענגלט זיך די שלאַנגיקע שלאַנגען־שטראַסע איבער די בלעטער פון דער וועלט. ווער עס שרייט — שוואַרץ און ווער — ווייס.

קיין עצות גיט נישט קיינער.

נעראַטעוועטע יידן? וווהין זיי נעמען? — די טויערן פאַרהאַקט; קוואָטע; סעלעקציע...

הא?

איז טאַקע אַ תכלית אויפצוהאַלטן דעם צענטער אויף דער נעכמינער שלאַנגענשטראַסע? —

מען דאַרף רופן, מען דאַרף פאָדערן — נישט מיד ווערן צו שרייען, אויסצושרייען פאַר דער וועלט: ראַטעוועט! שארית־הפליטה! ראַטעוועט די שארית־הפליטה!!

וווהין?

עפענען די טויערן פון ארץ ישראל!

אויסגעוואָרצלטע מוזן זיך איינוואָרצלען אין אייגענעם באָדן!

האָבן פינצטערע נעכט — צווישן ברעסלאו און רוים, צווישן ווין און זאַלצבורג: הויכע אַלפּן־בערג, טיפער שניי, אַנגסט און שוויים, — האָבן טונקעלע נעכט געמאַכט אויפבליצן יונגע אויגן, אויפגעלויכטן, זיך אַריינגעריסן אין דער שוואַרץ־צעהעלטער שלאַנגענשטראַסע.

אויך געגרייכט קיין שווייצהיים.

„בריחה!" — אַ רוף פון אויער צו אויער, פון באַראַק צו באַראַק, פון געסל צו געסל.

מיט זאַק און קינד אויף פּלייצע — אַוועק, אַנטלאָפן: „בריחה" האָט זיך געקייקלט פון ליפּן צו ליפּן, פון געהער צו געהער.

אַזאַ איידעלער אויסדרוק.

אַזעלכע איידעלע בחורים —

„בריחה"־בחורים אַרבעטן אויף גרענעצן, העלפן אויסגעוואָרצלטע אין וועלדער און טאָלן — גרייכן די ברעגעס פון ארץ ישראל.

„הפּעלה", „גיוס", „עק־זאָ־דוס" —

אַ חלק דערין האָט די צענטראַלע פון דער שלאַנגענשטראַסע, בראש מיט מיסטער אַנסטין: זיינע „ראַציאָנען" העלפן צום אַריבערשוואַרצן גרענעצן — — —

הערט זיך איין רוף, פאַראַן איין ציל: ליקווידאַציע.

יחידים רופן און גייען אוועק.
אַ רבים שרייט און — באַזעצט זיך.
שלאַנגענשטראַסע לאַקט, ציט צו זיך.
פאַרוואָס נישט ?

דאָ ווערט מען רב אין „יורה דעה״ ; דאָ ווערט מען פּראָפעסאָר אין אוניווערזיטעט ; דאָ ווערט מען דאָקטאָר אין דיפּלאָם. און טאַקע אויף דער שלאַנגענשטראַסע האָבן זייער פּלאַץ : רבנים, פּראָפעסאָרן, דאָקטוירים, פאַרשערס און שרייבערס...

יעדער פאָדערט אָנערקענונג, פאַרלאַנגט רעכט, שטורעמט די טירן פון מיסטער אנסטין —

אַזוי ביז דער לעצטער מינוט, ביז אַ לעצטער ייד וועט נאָך זיצן אויף דער שלאַנגענשטראַסע : מען טאָר נישט לאָזן יידן אויף הפקר !

פירן רבנים צונויף אויף דער שלאַנגענשטראַסע שידוכים : משה מיט מאַטילדען, יצחק מיט יאַנושען... אַ גאָלדן מגן־דודל אויפן האַלדז פון דער פרויליין ; אַ „פּאַקעט״ דעם רב — און חופות ווערן געשטעלט...

שלאַנגענשטראַסע גיט אַרויס הכשרים פאַר יידישע בחורים און דייטשע מיידלעך צו ווערן מיטגלידער אין יידישער געמיינדע ; אויף שלאַנגענשטראַסע טוען געזעלשאַפטלעכע אַרבעט — געוועזענע קאַפּאָס, געוועזענע „יודענראַטלער״...

ווערט גרויס די סכנה. נעמט דראָען מיט בלוט. — הפקר ! אַלץ פאַרגעסן ? שוין ? !

טוט די נעכמינער פּאַרטיי־צענטראַלע, די רעפּרעזענטאַנץ, רופן אַ גרויסן, גאָר גרויסן קאָנגרעס „פון דער שארית הפליטה״, פירט אוועק קאָנגרעס־לייט אויף אַ לופטיקן מקום. טאַקע דאָרט, ווו עס קרייציקט זיך די גרענעץ צווישן דייטשלאַנד און עסטרייך. אַ סימבאָלישער פּלאַץ. פונדאַנען אַרויס וועט אויסגערופן ווערן דאָס שטורמישע וואָרט צו דער גאַנצער וועלט :

„ראַטעוועט די שארית־הפליטה ! ״

ח

א העלצעגרינטער פרימאָרגן. פון צווישן די חורבות אַרויס רייסן זיך בלומען־קלומיקלעך — רויטע און ווייסע רויזן אויף קברים־בערג. דאָ און דאָרט — אַ קינדערוועגעלע, באַגלייט פון „מוטער־מערכען". שוואַרצגעקרייזלט פראַנצל בליצט אַרויס, שמייכלט מיט צופרידענעם שטאָלץ אויף זיין געמישטן בלוט. האַלבנעגער, האַלבדייטש — מישלינג־דעמאָקראַטיע...

און אַרום — בייערן טינקט אין גרינס.

וויפל מאָל איסר זאָל נישט אויסשפייען, אויסבאַטלען די תוכחה אויפן גאַנצן אַרום, אַלץ מער קינדערוועגעלעך קרייצן דעם טראָטואַר, אַלץ מער גרינס און בלומען איבער דעכער און באַלקאָנען.

נאָך פאַרבליבן גאַנצע מויערן אין שטאָט?

איסר קאָן עס נישט תופס זיין. איין טרייסט: דעם חשבון מיט דער וועלט נישט פאַרענדיקט. ניין. ער וועט כסדר פאָדערן, מאָנען דעם חוב.

איילט ער איצט צום יידישן צענטער, צו דער שלאַנגענשטראַסע.

איסר שטערן דאַרף היינט זיין ביים מיסטער אַנסטין. ער האָט זיך אַליין אָנגעבאָטן צו פאַרמיטלען צווישן אים און די שוויינסהיימער. קיי־נער פון די אויסגעוואָרצלטע האָט נישט געוואָלט פאָרן צו דער „נכפה". אויף אים איז געפאַלן דער גורל. אַן אצבע אלוקים.

און אַז ער האָט זיך שוין אַרויסגעריסן פון לאַגער, וועט ער, איסר, אויך אַ קוק טאָן צו די יידן דאָ: וואָס טוען זיי? מיט וואָס זענען זיך מתעסק זיי? ווי מען שמועסט אין שוויינסהיים, זענען די אַלע שיינע זאַכן: „הפעלה", „גיוס", אידעאַליזם געשאַפן געוואָרן בלויז פאַר די טשעכאָטנע לייט, פאַר די יינגלעך, וואָס קוים די נשמה האַלט זיך אין זיי — איז דאָס אַלץ אמת? איז אמת, אַז די יידן פון שלאַנגענשטראַסע הייסן בלויז אַנדערע שוואַרצן גרענעצן און זיי אַליין...

איסר ציט־אויס זיין בערדל, טוט אַ שטויס דאָס גופל פאָרויס.

ער וועט זיי דאָס זאָגן. וועט נישט שווייגן. אויך וועט ער ביים מיס־טער אַנסטין פאַרלייגן אַ ברייטן שמועס, אַ גאַר־ברייטן שמועס וועגן די

אַלע אומדערהערטקייטן. ס׳טייטש? — וועט ער פרעגן — ווי איז דאָס געהערט געוואָרן, מ׳זאָל האַלטן אָפּגעשלאָסן פון דער וועלט אַ גאַנץ פאָלק, פאַרשלאָסן ערגעץ אין אַ דבר אחר־לאַגער, וואָס טראָגט דעם נאָמען שווייַנסהיים? אפילו — וועט ער טענהן — עס געפינען זיך יאָ אויסגעוואָרצלטע יונגע מענטשן וואָס ווילן גייען אויף הפעלה, שיקט מען זיי דאָך נאַקעט און הויל: אַ הימלשרייַענדיקע עוולה!

מיט אַזעלכע געדאַנקען שפּאַנט איסר אַרויף אויף דער שלאַנגענשטראַסע.

ער דערקענט נישט די גאַס. ווי איבערגעביטן עס האָט זיך איר פּרצוף זינט דאַן, מיט אַ צוויי יאָר צוריק!

לכתחילה האָט ער געטראַכט אויך אַ קוק צו טאָן אויפן „דויטשעס מוזעאום", פונוואַנען מ׳האָט אים אוועקגעפירט אין לאַגער אַרייַן, אָבער חרטה באַקומען: אויף אַ טומאה איז גלייַכער וואָס־ווייניקער צו קוקן... געגנוג איז די שלאַנגענשטראַסע, וועלכע איז סייווי כולל מיט זיך און אין זיך אַלדעם שלעכטס...

ער שטעלט בנעימותדיקע טריט, קוקט אויף זייַן הלבשה, צונויפגעשטעלט פון פאַרשידענע פאַרבן: אַ בלאָ העמד; רויט־געלע שיך און גרינע הויזן פון אַן אַמעריקאַנישן סאָלדאַט. אויך דאָס רעקל, וואָס אַמאָל איז עס געווען ווייס, גלאַנצט איצט — נאָכן באַקומען אויף זיך עפּעס אַ ברוינע פאַרב — גלאַנצט עס איצט קעגן דער זון מיט אָפּערגעקראָכענע פלעקן: אַ רעגנבויגן.

שפּאַנט ער בניחותא איבערן טראָטואַר, קילט זייַן צאָרנדיקן בליק מיט אויפגעריסענע ווילִיעס, וואָס טונקען אין גראָז ווי אויפגעפּלאַצטע וווּנדן אין אייטער.

ימח־שמם האָבן זיי געדאַרפט ווערן.

ער קאָן זיך נישט בארואיקן, איסר: געבליבן אַליין; פאַרלוירן אַזאַ גרויסע משפחה; אַזאַ ווייב און קינדער, אַזאַ שיין אשרל!

ער וועט דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

און קיינמאָל וועט ער נישט מוחל זייַן די דאָזיקע, וואָס פאַרגעסן און הייסן אַנדערע פאַרגעסן.

וואָרום, ווי דען איז אויסצוטייטשן די שלווה אויף דער שלאַנגגענ־שטראַסע. זע־נאָר: גלאַנציקע לימוזינעס, פון וועלכע יידן שמייכלען ארוים אזוי צופרידן; א „שווארצער" מסחר ווערט דאָ געפירט... זע־נאָר, ווי זיי האָבן זיך דאָ צעשפרייט, זיך באַזעצט, אויפגעבויט די שלאַנגגענ־שטראַסע!

איסר שטעלט זיך אוועק נעבן אייזערנע קראַטעס. פאַרזשאַווערט אייזן בריט אויף זיין פּלייצע.

וווהין זאָל ער גיין איצט?

ער שטעלט־אָן דעם בליק אויף א מענטשן־געזעמל. וואָס קומט דאָ פאָר? א קאַפּאָ. דאָס צענטראַלע ערנגעריכט משפּט א קאַפּאָ. אזוי? דאַרף מען אריינגיין, הערן דעם משפּט. און טאָקע שוין. א שאָד צייט. צום מיס־טער אנסטין וועט ער גיין שפּעטער.

זע נאָר, ווער היצט עס זיך דאָרט? ביליק! ער שרייט. האָט ער זיך נישט אויפגעהאַנגען, הייסט עס. א דאַנק דעם באַשעפער. ער שטייט אינ־מיטן רעדל, קלאַפּט מיט א פויסט אין הארץ:

„נישט געווען קיין יידישע קאַפּאָס; אויב יאָ — זענען אַלע געראַ־טעוועטע: קאַפּאָס, אַלע לעבנגעבליבן אויף יענעמס חשבון!"

וואָס? יידן שטוינען, יידן שרייען:

„אזוי רעדט א קאַפּאָ, בלויז אזוי!"

דאָס מענטשן־רעדל נעמט זיך פאַנאַנדערפאַלן. ווער עס שפּאַנט אוועק צום באַזאַר, ווער — אריין אין געריכט, אויסהערן דעם משפּט.

איסר שטערן גייט מיט די לעצטע.

*

— ס'טייטש, געוואַלד און געשריגן, יידן עס איז דאָך צו שרייען אי־בער דער גאַנצער וועלט... ווי האָט מען דערלאָזט, אז אזא פאַרשוין, א קצב, א מערדער, א געשטאַפּאָוויעץ — אז אזא אויסוואורף זאָל זיין א גע־זעלשאַפטלעכער טוער, זאָל פאַרטרעטן און רעדן אין נאָמען פון געראַטע־וועטע יידן, פון אויסגעוואָרצלטע יידן אויף א קאָנגרעס „פון שארית־הפּליטה"! יידן, אוי, יידן!...

ביים ארייננאנג אין געריכט שטייט א יונגערמאן, קריצט די ציין, ווארפט די הענט, זיינע אויגן — אָנגעפילט מיט געבעט און טרערן. ער טרייסלט זיך, גלייך אימעצער וואָלט אים אָט איצט געטאָן א הארבע עוולה. דאָס בעט ער ביי די ארומיקע יידן הילף. ער אפעלירט צו אלעמענס יידישן געוויסן, פאָדערט יושר:

— ס׳טייטש, געוואלד און געשריגן, יידן — חזרט ער כסדר איבער, איינמאָל, נאָכאמאָל. אָט, דאכט זיך אים אז אימעצער פארשטייט נישט זיין געשריי, פילט נישט, וויל נישט פילן, דערלאנגט ער א שפרונג צו יענעם, גרייט אויסצוגיסן זיין גאנצן צאָרן: „ווי איז דאָס געהערט געוואָרן! אזא רוצח! אזא מערדער! און איר . . . ״ ער האקט־איבער אינמיטן. עולם קוקט אויף אים. ווער עס זיפצט, ווער עס איילט אין געריכט־זאל, וויל פארכאפן א גאנטן פלאץ.

א קאפא. א מערדער. א יודענראטלער. האָט געשיקט יידישע קינדער־לעך צום אויוון. האָט דורכגעפירט סעלעקציעס . . .

אויבנאָן — דער געריכטצוזאמענשטעל: יידן פון פארטייען, אויס־געקליבענע דורך דער רעפרעזענטאנץ. זיי מישן אין פאפירן. דער פאָר־זיצער — מען רופט אים „דאָקטאָר יורי אן דיפלאָם״. דעם דיפלאָם ער־געץ פארלוירן. א מענטשל אָן גאל. אויף זיין נאָז — גרויסע, אמעריקא־נישע ברילנגלעזער. ער ווארפט בליקן רעכטס, לינקס. זוכט עפּעס. שמועסן צווישן פובליקום: „מען דאַרף דעם מערדער ארויסגעבן, איבערגעבן צו א געזעצלעך געריכט; וואָס וויסן זיי דען, די דאָזיקע יידן!״

אָנהייבן? נישט אָנהייבן? ווען יאָ — מאכן בקיצור. איז דען דער גאנצער ענין פאר די כוחות פון די עטלעכע יידן? דאָס געריכט פילט זיך אומבאקוועם. שושקעט זיך מיטן פאָרזיצער. אזויפיל פאפירן! אזוי־פיל באשולדיקונגען! —

שפּערע, סעלעקציע, אויסזידלונג, זאָנדערפאליציי, הוליאנקעס . . .

אויסדרוקן וואָס ווארפן־אָן שרעק, באווארפן מיט פחד. און די וועלט וועט נישט שווייגן, וועט ווארטן אויף א גערעכטן פסק. אנגעקומען אזוי־פיל בריוו, עדות, אויפפאָדערונגען.

וואָלט אפשר די גאַנצע זאַך אַריינגעפאַלן אין אַנדערע, אין ריכטיקע הענט, — האָט די רעפּרעזענטאַנץ גענומען און אַוועקגעזעצט דעם פאַר־שוין אויבנאָן דווקא — אַרויסגערופן דעם וואָלף פון וואַלד און אים באַשיינט מיטן טיטל: פאָרשטייער פון די אויסגעוואָרצלטע אויפן קאָנגרעס פון די שארית הפליטה... נישט געווען קיין צולהכעיס. חלילה. בלויז אָריענטאַציע געפעלט. שכל הישר... און באמת: וויים דען דאָ ווער — ווער עס איז ווער?...

—אין נאָמען פון ערנגעריכט ביי דער רעפּרעזענטאַנץ דערקלער איך פאַר געעפנט דעם טריבונאַל אינעם ענין...

שטיל אויפן זאַל. נישט ס'ערשטע מאָל ווערן דאָ געמשפט קאַפּאָס, ווערן אַרויסגעגעבן אורטיילן, וועלכע פאַרענדיקן זיך מיט דער וואָרענונג: פאַר שלעכטער אויפפירונג אין לאַגער, אין געטאָ — נישט פאַרנעמען קיין געזעלשאַפטלעכן אַמט אין דער שארית־הפליטה. איצט איז גאָר עפּעס אַנדערש; איצט קאָן מען נישט פאַרגלייכן דעם־אָ צו ערגעץ אַ שומר ביי אַ לאַגער־טויער. אַזאַ העכט: געוועזענער שעף פון דער „זאָנדערפּאָליציי"... אַ שעף געווען... געהוליעט, געזויפט, געראַבעוועט...

אַנטקעגן די ריכטערס זיצט דער באַשולדיקטער. זיין אויסזען — אַ פּנים, וואָס דערציילט גאָרנישט: עפּעס פאָרגעקומען? ער געדענקט נישט. אדרבא: אַ גאַנץ לעבן בלויז געטאָן טובות, געהאָלפן יידן. ער רייכערט אַ פּאַפּיראָס, בלאָזט אַוועק מיטן רויך אַלע שאלות. ווי האָבן זיי גאָר געוואַגט אים אַוועקצוזעצן אויף דער באַשולדיקונג־באַנק? אַן אָנגעזעענער סוחר, אַ כלל־טוער. קענען זיי אים נישט? ער שמייכלט זייער טעמפּ, קוקט מיט קרומע בליקן אַרום זיך.

דער „דאָקטאָר יורי אָן דיפּלאָם" וויל וויסן:

— האָט איר דורכגעפירט אַקציעס איבער געטאָ־קינדער?

אַן איינפאַל! דער באַשולדיקטער האָט נישט בדעה צו ענטפערן אויף אַזאַ שאלה. ער נעמט אַרויס דעם פּאַפּיראָס פון צווישן די גרעבלעך־רויטע ליפּן, נעמט קוקן צום ריכטערטיש, פאַרשטעקט די קרומלעכע אויגן אויפן סופית. נישט אים מיינט מען דאָ. אפילו יאָ — שוין געזען ערגערס: אין דייטשלאַנד דרייען זיך אַרום ווינציק נאַציס? פאַרוואָס

עפּעס זיך צוגעהעקלט צו אים? אדרבא, זאָלן זיין פּרוּוון מאַכן אַ געררער, אָ, דאָן, דאן וועט ער זיי פרעגן: „אין זייער מאַמען אריין, ווער זענען זיי דאָס? שיינע לייט!״ ער פּויקט מיט די פינגער אויפן טיש, פינגער — רויטע קלעצלעך.

— אמת, פרעגט איר? אזוי זאָלט איר לעבן, ווי אמת...

ער שמייכלט ביטולדיק. נישט געכאַפּט אים אויף דער ווענדקע. פאַרוואָס לייקענען? געווען פּאָליציי־שעף אין געטאָ? אוודאי געווען. עדות קאָנען דאָס באַשטעטיקן. אדרבא, זאָלן זיי זאָגן, די כאַמוילעס: איז נישט אדאנק אים געווען געגנוג צו פרעסן אין געטאָ? וואָס שווייגן זיי? מיט קאַרטאָפלעס באַזאָרגט, מיט האָלץ, מיט... סעלעקציעס? אויך אמת. אָבער טויזנטער קינדער געראַטעוועט — אָלץ ער!

— און וויפל קינדער געהייסן ארויספירן?

ער דערמאָנט זיך נישט. באַלד.

— קינדער, זאָגט איר? אוודאי האָט מען ארויסגעפירט קינדער, אָבער...

יידן אויפן זאַל קוקן צום באַשולדיקטנס ווינקל, הערן זיינע טעמפּע ווערטער, זענען גרייט אויף אים אַ שפּרונג צו טאָן. קינדער! אַן אויפרודערונג, אַ שטיל העשען. אימעצער שעפּטשעט ארויס:

— אַזאַ מערדער!

אַ צווייטער, העכער:

— אויסוואורף, רוצח!

מען וועט אים דאָ צעפּלמסן, צעשניידן אויף שטיקער. ווי גלייכגילטיק ער רעדט! אפילו נישט קיין באַוועג מיט אַ ברעם.

עדות מצד דער פּאַרטיידיקונג: איידעלע מענטשעלעך, רעדן רק פּויליש. לאַנגע, גלאַנציקע נעגל, די הערעלעך — שטייף אויפן קאָפּ. „זאָנדעראָוועצעס״ רופן זיי זיך. און ער, דער באַשולדיקטער, געווען זייער שעף. איצט טיטולירן זיי אים: „פּאַניע שעפיע״.

איינער נאָכן אַנדערן גיבן זיי צו פאַרשטיין: „דער הער שעף איז געווען טריי און גוט צו די יידן אין געטאָ, האָט באַזאָרגט דאָס געטאָ מיט קאַרטאָפּליעס...״

— מער־דער! — טוט זיך אַ צונויפגעדרייט יידל אַ ריס פון אָרט.
— מיין קינד!

אַ טומל, אַ מהומה. דאָס געריכט רייסט־איבער די פאַרהאַנדלונגען. אַ הפסקה.

עולם נעמט זיך הייבן פון די בענקלעך. דער באַשולדיקטער און זיי־נע עדות פאַרשווינדן פון זאַל. אַלע — צום אַרויסגאַנג. בלויז אויף זיין פּלאַץ איז געבליבן איסר. ער פילט אַ מישונג אין קאָפּ. וואָס איז דאָ פאָר־געקומען? ווער זענען די ריכטערס און ווער — דער געמשפּטער? לית דין ולית דיין... אַזאַ קאָשמאַר. און אפשר טאַקע — ווער ווייס: האָט דער דאָזיקער אויך אשרלען געהייסן אַרויספירן, אַוועקפירן ערגעץ צום פאַרברענען...

ער פילט ווי די געדערעם, רחמנא לצלן, קערן זיך אים איבער, ווילן זיך אַרויסרייסן. אַזאַ רוצחות!

ביים אַרויסגיין שטויסט ער אָן דעם בליק מיט כיליקס. יענעמס פּנים — פון גלאָז אויסגעגאָסן. עס איז גאָרנישט פאָרגעקומען. אַלע שרייען און ער שווייגט. איצט פילט איסר, אַז ער דאַרף זיין ווייטיק אויסגיסן אויף אימעצנס קאָפּ. ער וועט זיך נישט באַרואיקן. קוקט ער אויף כיליקס גלע־זערנעם פּנים, איז „אַרויסרופעריש". איסרס אויגן — זיי שמייכלען און וויינען צוזאַמען. אַ ברעקעלע נקמה פאַר דעם הייליקן אשרלס נשמהלע...

לייגט כיליק אַרויף אַ האַנט אויף איסרס פּלייצע, נעמט אַריינ־שמייכלען אין זיינע אויגן, אַ שמייכל —אַ ריס איבערן פלייש.

— וואָס הערט זיך אין שווייצהיים? — וויל כיליק וויסן.

פון זיינע אויגן קוקט אַרויס „יענע" נאַכט. ער האָט זי, די נאַכט, נאָכנישט פאַרגעסן. וועווע? ער וועט אים דעם קאָפּ אַראָפּדרייען...

— ביזט אַ קאַפּאָ געווען און פאַרבליבן! — רייסט זיך אַרויס פון איסרס טיפעניש אַ יאָמערדיק געשריי — נעם אַראָפּ פון מיר דיין מערדע־רישע האַנט! אַררראָפּ!

— אַ קאַפּאָ בין איך? — פאַרקלעמט כיליק זיין האַנט שטאַרקער אַרום איסרס האַלדז, אַרום זיין בערדל.

כוח גיב מיר, גאָט — האָט איסר תפילה געטאָן. זיך איינגעדרייט,

ארויסגעשלעפּט אַ פאַרדאַרט הענטל און פאַרפאַרן דערמיט כיליקן צווישן די אויגן מיט אַזויפיל גבורה, אַז בלויז אַן אויסערלעכער כוח איז אים געקומען צוהילף...

— קאַפּאַ! מערדער!

יידן שטעלן זיך אַרום, ווילן נישט דערלאָזן צו קיין געשלעג. איסר האַלט פאַרשטייפּט די ביינערדיקע פויסטלעך. זיין קול — כריפּענדיק, זיין בערדל — פאַרשפּיצט. דוד קעגן גליתן. איסר פילט דאָס. מיט השם יתברכס הילף וועט ער אים אויסרייניקן, דעם קאַפּאַ, דעם ווילן יונג, פון דער שלאַנגענשטראַסע...

— טרעט־אָפּ — וואָרענען יידן כיליקן — גיי אוועק, רייס זיך נישט צו אַ בכבודיקן ייד.

זיינע באַקן פאַרפלאַמט. עס אַרט אים נישט, כיליקן, דער פּאַטש, ווי די חוצפּה פון אַ גאָרנישט צו וואַרפן זיך אויף אים שלאָגן. מיט צוויי פינגער צעקוועטשט ער דאָך אים, דעם יידלאַק מיט דער באָרד. אוי, אַ רוח׳ן זיין...

איסר געפינט זיך שוין אויף יענער זייט טיר. די פינגער, גלייך ער וואָלט נאָרוואָס באַטאַפּט אַ שרץ. וואָס דאָ טוט זיך! וואָס דאָ קומט־פאָר! אַ מבול, רבונו של עולם, אַ פאַרפלייצונג שיק אַראָפּ פון אַלע הימלען...

ט

ביים מיסטער אַנסטין אין ביוראָ איז נאָרוואָס פאָרגעקומען אַ וויכטיקע זיצונג. פאָרשטייער פון דער רעפּרעזענטאַנץ האָבן געפאָדערט „מער באַציאונג" צו זיך, צו זייערע אַרבעטן...

איצט האַלט מיסטער אַנסטין אינמיטן אויסלופטערן דאָס צימער, אַרויסטרייבן דעם פּאַפּיראָסן־רויך.

— אַ רעפּ־רע־זענ־טאַנץ? — קייט ער דאָס וואָרט צווישן די ציין — ווער דאַרף זי?

אויסגעוואָרצלטע יידן זיך באַזעצט אויף אַ וואָקזאַל, וואַרטן דער צוג זאָל אָנפאָרן, זאָל זיי ערגעץ־ווו אַוועקפירן. זיי זיצן אויף די פּעקלעך. וואָסזשע וויל דאָ אַ רעפּרעזענטאַנץ? מיינען די דאָזיקע יידן, אַז ער, מיסטער

אנסטין, געשיקט פון יידן אין אמעריקע צו געבן הילף, צו געפינען א היים פאר די אויסגעוואָרצלטע — מיינען זיי, אז נאָך לאנג וועט ער געבן „ראַציאָנען" פאר דעם באזאר אויף שלאנגענשטראסע? זיי טענהן: הילף פאר ליקווידאציע, פאר אומלעגאלער עליה, — דארף ער דערצו פארמיטלערס, מעקלערס? . . .

אויף זיין שטערן — שווייסטראָפּנס. די הענט — אָנגעצויגן, פאַרשטייפט, ווי ער וואָלט זיך געגרייט צו א ספּאָרט־פּייט. מיסטער אנסטין — א גייענדיקע שאנק מיט א קיילעכיק גזימסל פון אויבן. אזוי שפּאַנט ער איצט איבערן צימער פון זיין ביוראָ אויף שלאנגענשטראסע.

אינדרויסן פארגילדט די זון גרינע קרוינען אויף ברייטצעוואקסענע ביימער.

ער זעצט זיך אוועק ביים באגלאָזטן טיש, קוקט אויפן באשריבענעם קאלענדאר־בלעטל: היינט דארף קומען א רעפּרעזענטאנץ פון שוויינסהיים. ווידער א רעפּרעזענטאנץ! די ביוראָ וועט דארפן באזעצן אין לאגער אן אייגענעם פאָרשטייער. אומבאדינגט.

עס צעקלינגט זיך אן עלעקטרישער גלאָק. ווער דאָרט?

— אריין.

איסר איז יאָ אריין און נישט אריין. ער איז שטיין געבליבן אויף דער שוועל, ווי אמאָל אין זיינע ישיבה־טעג, ביים קומען ערגעץ אָפּעסן א „טאָג". אזוי איצט אויך — פרעמד, אומבאהאָלפן. אויך איצט עסט ער „טעג" ביים מיסטער אנסטין . . .

— שלום עליכם — האָט ער ארויסגעשטאמלט, געשיקט דאָס בערדל פאָרויס און אליין אויך געשטעלט עטלעכע טריט — איך קום פון שוויינסהיים.

מיסטער אנסטין דערזעט זיין טאטן. אָט אזוי האָט ער דאָך אויסגעקוקט, דער טאטע זיינער. ער דערמאָנט אים ווי אין חלום, אָפּגעשיידט זאָל ער זיין. א בערדעלע, צעשראָקענע אויגן און אויך אזוי אומבאהאָלפן אין זיינע „גרינע" אמעריקאנישע יאָרן.

— גרים גאָט, מיסטער . . .

— שטערן — איז איסר געוואָרן דרייסטער, געשטעלט נאָך איינ־קע טריט, נענטער צום טיש.

— אאא, סטאָרן, מיסטער סטאָרן, ביטע זיצט, זיצט זיצען זי.

ביי איסרן נעמען זיך די אויגן פאַנאַנדערפּענען, נעמען איינזאַפּן אין זיך פרעמדע זאַכן. זיין בליק איז נישט געווויינט צו אַזויפיל גלאַנץ: פאָלעטער, גלאָז, טעפּיכער... אַזויפיל טעלעפאָנען אויפן טיש, דראָטן... ער שטעלט ווייכע טריט איבערן טעפּיך, באַמיט זיך צו פאַרשלינגען אין זיי נערויש.

אויף זיין פּנים צייכנט זיך נאָך די איבערלעבעניש מיטן קאַפּאָ כיליק; אויף זיינע הענט — דער ברי נאָכן באַרירן כיליקס פּרצוף. ער שטרענגט זיך אָן אָפּצווישן די אומרואיקייט; לאָזט אראָפּ זיין גופל אין אַ טיפן פאָ־טעל, ווערט פאַרזינקען צווישן די ווייכע ווענטלעך.

ביי וואָס זאָל ער אָנהייבן דעם שמועס? אַ שאָד. געדאַרפט פאַרציי־כענען אויף פּאַפּיר אַלע הארבע ענינים. פאַרגעסן. אָבער ניין. אַזויפיל צו פרעגן, אַז אַלץ, אַלע טענות און שאלות, קוועטשן זיך מיטאַמאָל, ווילן זיין פון די ערשטע ביים מיסטער אנסטין אויפן טיש.

— איך קום צו אייך, מיסטער אנסטין, מיט אַ שליחות פון שווינס־היים.

ער רעדט זייער יידישלעך, מיט אַ טאָן וואָס איז בכוח דורכצולעכערן אַ וואַנט. ער שרייט נישט. דאָס ליגט נישט אין זיין טבע. זיין קול — פון אַ פאַרווינט קינד וואָס האָט געליטן אַן עוולה פון שלעכטע מענטשן. איסר וויים, אַז די צייט ביים מיסטער אנסטין איז געמאָסטן מיט גאָלד. דאַרף מען נישט מאַכן קיין שהיות און גלייך צוטרעטן צום ענין. איז קודם:

— ווי איז דאָס געהערט געוואָרן, ביי וועלכע יידן אויף דער וועלט, אַז מען זאָל נעמען יידן, געראַטעוועטע, אויסגעוואָרצלטע יידן, אַ קליין רעש־טעלע פון אַ גרוים, אויסגעקוילעטע פאָלק און באַזעצן אינעם טמאדיקן דייטשלאַנד? אַ וואָקזאָל? פאַרוואָס נישט געמאַכט דעם וואָקזאָל אַנדערש־וו, אין אַן אַנדער לאַנד? דווקא אין דייטשן לאַנד? און אדרבא: איז דאָס נאָך געווען ווינציק, האָט מען גענומען יידן, אַ רעשטל געראַטע־וועטע פון געטאָס און לאַגערן, און אַריינגעוואָרפן אין אַ לאַגער מיטן נאָ־

מען שווייגסהיים (פאַר די ליפּן נישט צו ברענגען אַזאַ נאָמען!), געלאָזט אויף הפקר פאַר קאַפּאָס און אויסוואורפן; און דער עיקר: קינדער, קיין עין הרע, אַזויפיל יידישע קינדער אָן אַ יידיש אות!

איסר פילט בפירוש, אַז ער טראָגט־אויס זיין שליחות מיטן געהער־יקן כבוד. ער וויל נישט דערפאַר קיין שום שכר. ער איז אַ שומר חינם. עס פאַרדריסט אים בלויז, וואָס ער האָט דאָ אַרויסגעברענגט שלעכטע ווער־טער אויף יידן. ווי קומט דאָס צו אים? ישראל אף על פּי שחטא, ישראל הוא. שטייט איסר אויף אַ העכערער מדריגה פון חכמינו ז״ל? אָבער גע־פינט גלייך אַ פאַרענטפערונג אינעם „הבא להרגך, השכם והרגו״: אַזויפיל יידישע קינדער אויסגעהרגעט און אויך איצט זענען זיי, די קאַפּאָס, גרייט צו הרגענען, צו קוילענען...

איסר רייסט־איבער די טרויעריקע מחשבות, זעט, ווי מיסטער אנסטין איז פאַרטיפט אין זיין, איסרס, בערדל, גלייך ר׳וואָלט געציילט די הערעלעך דערויף.

מיסטער אנסטין איז שטאַרק פאַרטראַכט. ער איז זיכער, אַז דער מיס־טער סטאָרן האָט דאָ אַרויסגעלייגט גערעכטע טענות, כאָטש נישט אַלע האָט ער פאַרשטאַנען, נישט געקענט „אָניאָגן״ דעם שווערן „דזשואיש״ פונעם רעפּרעזענטאַנט, אָבער...

— יאָ, מיסטער סטאָרן — נעמט ער ציילן די ווערטער, היט זיך, נישט צו פאַרלירן אַ וואָרט אויפן וועג — יאָ, איך ווייס אַלצלעס, אָבער שלאַגן דאַרף מען נישט...

איסר נעמט זיך פילן היימישער. ער רוקט־צו דעם פאָטעל אַביסעלע נענטער, לייגט אַרויף אויפן טיש איין געשיכטע נאָך דער צווייטער. פריער דערציילן, דערנאָך פאָדערן. און ער דערציילט מיט זיין בנעימותדיקן טאָן וועגן דעם „יודענראַטלער״ וואָס זיין משפּט קומט איצט פאַר אין ערנגע־ריכט; וועגן דעם קאַפּאָ כיליק; רעדט אויך וועגן די „ראַציאָנען״ און נעמט פאָדערן פאַר די שוויינסהיימער: אַוועקצוטרייבן די טויערוואַך, נישט ראַ־ציאָנירן די באַשפּייזונג, דער עיקר — אַרויסנעמען די יידן און זאָלן זיי פאָרן וווהין זיי ווילן נאָר...

מיסטער אנסטין נעמט אַרויס פון גלאָזן־שענקל אַ פאַרביקע פלאַש,

גיסט־אָן וויין. איסר זאָגט זיך אָפּ פון כיבוד. וויין פון יידן אין אַמעריקע, אָבער אָן אַ הכשר. מילא — לחיים וועט ער ווינטשן, סתם אַזוי.

מיסטער אַנסטין שמייכלט אַריין אין דער גלאָז. און ווען איסר פרעגט אים, הלמאי ער טראָגט נישט קיין יידישן נאָמען, צעלייגט זיך דער שמייכל גאָר ברייט איבער זיינע אויסגעפּילטע באַקן, בלייבט שטעקן אין די גרויסע אויגן מיט אַ ווײַן־גלאַנץ.

דער גלעזערנער זייגער אויפן טיש גיט אַרויס פון זיך וואָרענענדיקע קלאַנגען: די ווייזערס האַלטן זיך אין אײַליקן רוקן צו דער אָוונט־שעה.

— יאָ, מיסטער סטאָרן, אַלֿלעס וועט זיין גוט.

— נישט סטאָרן — פאַרבעסערט איסר — שטע־רן.

— גוט — צעקלינגט זיך דער שמייכל אין אַ געלעכטער ביים מיסטער אַנסטין — איז מיין נאָמען אויך נישט אַנסטין, נאָר איינ־שטיין . . .

און דאָ גיט ער איסרן צו דערקלערן: וועט מיסטער שטערן קומען קיין אַמעריקע (אין וואָס ער איז זיכער), וועט דאָרט פון שטערן ווערן סטאַרן, ווי פון איינשטיין איז געוואָרן אַנסטין. אין אַמעריקע איז אַנדערש ווי אין יוראָפּ; דאָרט איז אַלץ אַנדערש. און טאַקע דערפאַר איז אַ גרויסע זכיה אַריינצוקומען קיין אַמעריקע . . .

הערט איסר מיט קאָפּ. אים איז בלויז קשה:

— אויב אַזוי, מיסטער איינשטיין: פאַרוואָס האָבן אייערע אַמעריקאַנישע יידן נישט גענומען תיכּף און אָוועקגעפירט די אויסגעוואָרצלטע קיין אַמעריקע? ווינציק פאַר זיי געוועזן געטאָס און לאַגערן? פאַרוואָס, מיסטער איינשטיין, האָט מען טאַקע תיכּף נישט גענומען און אַריינגעזעצט די פאַרבליבענע אויסגעוואָרצלטע אין עראָפּלאַנען און זיי גלייך אָוועקגעפירט פון דייטשלאַנד?

האַרבע שאלות. מיסטער אַנסטין האָט נישט אויף זיי קיין תשובות. אוודאי וואָלט ער געזאָגט, אַז חוץ יידן אין אַמעריקע זענען דאָרט אויך פאַראַן גויים, וואָס גרייטן־צו געזעצן מיט קוואָטעס, אָבער . . .

— מיסטער סטאַרן, באַלֿלד קומט אַ געזעץ פאַר אַלֿלע רעפיוודזשים, פאַר אַלֿלע דיספּלייסד פּערסאַנס . . . באַלֿלד.

ער נעמט איסרן אונטער אָן אָרעם. ביידע שפּאַנען צום אַרויסגאַנג.

איסר מיטן בערדל אנטקעגן דעם מיסטער אנסטין — אַ קליין, פאַר־דאַרט קינד קעגן אַ גרויסן, אַ צעוואַקסענעם טאַטן.

י

שוויינסהיים באַקומט פאַרב. אויפן אָרט פון אַפּאַטישער מעלאַנכאָליע נעמט זיך פילן אין לאַגער אַ רירעוודיקע אויפלעבונג.

ווי מען שמועסט אין צענטער, וועלן די אויסגעוואָרצלטע נאָך לאַנג מוזן זיצן אין לאַגער, נאָך לאַנג מוזן לעבן פון מיסטער אָנסטינס קאָלאָריעס. די וועלט איז פאַרהאַקט. עפּנט זיך ערגעץ־ווו אַ שפּאַרונקעלע, באַוויליקט אַ קאָנסול צו געבן אַ וויזע — וויפל פּורעניות און אָנשיקענישן!

נעמען שוויינסהיימער זיך פילן ווי „באַזעסענע"; נעמט דער שלאַנגענשטראַסע־יאַריד אויך אַריינדרינגען קיין שוויינסהיים: פאַרטייען, דיסקוסיעס, טאַראַראַם.

בוידעמשטיבלעך ווערן אָפּגערייניקט, ווערן פאַרפולט מיט רעדעס און געזאַנג.

רעשיק קלינגט־אָפּ הויך און ווייט איבער די באַראַקן דער —
„אנו עולים ארצה בשירה ובזמרה"

אַלע זינגען: קינדער מיט בלאָע שניפּסן, מיט רויטע און ברוינע שניפּסן, מיט בלאָע העמדעלעך און ווייסע קעלנערלעך. די קינדער האָבן באַקומען פאַרב אויף די באַקן.

ארץ ישראל־יידן פאָרן קיין שוויינסהיים, האַלטן פייערדיקע רעדעס, שטורעמען מיט אידעאָלאָגיעס. איינער קעגן איינעם. ווער עס שרייט, אַז מען דאַרף אויפבויען „דאָס לאַנד" אויף קאָלעקטיווע יסודות, ווער — פרייע איניציאַטיוו וועט אונדז ראַטעווען! קומט אַ דריטער מיט דער וואַרענונג: אויסשולן די יוגנט און גיין איינעמען אונדזער לאַנד ביז אַריבער דעם עבר הירדן.

האָט גענומען אַריינשטראָמען אַ פרישע, אַן אויפהייטערנדיקע לופט, ביז — הימל עפן דיך.

בלויז דער רומענישער הערש פּלאָנטערט דאָ אַרום אַ נעכטיקער. ער

איז מסכים מיט די אַלע רעדעס און רעדנערס, אומעטום גייט ער און הערט; אים איז בלויז שווער צו פאַרשטיין:

— פאַרן קיין ארץ ישראל? מסכים. אָבער פאַרוואָס שרייט איינער רעכטס, אַ צווייטער לינקס און אַ דריטער זאָגט עפּעס נישט אַהין און נישט אַהער? פאַרוואָס, פרעגט איך און מאַכטש מיך קלוג, זענען אין לאַגער אַריינגעטראָטן אַזויפיל פאַרטייען און אַזויפיל אידעאָלאָגיעס און אַלע זענען דאָך ציוניסטן: פאַרוואָס קריגט מען זיך אַרום דאָ, אין שווייגס־היים?...

אַרויסגענומען פון די פּרעגנישן האָט אים איסר, ווען אין אַ פאַר־נאַכט האָבן זיי ביידע אַוועקגעשפּאַנט צום לאַגער־גרוב, זיך אַוועקגעזעצט ביים ראַנד, געגומען אייגהערן צום פרייזיגן טומל פון די לאַגער־קינדער.

— צוואָס, הערש, דאַרפסטו פרעגן, אַמער לאָמיר עפּעס טאָן, לאָמיר אויך אַריינלייגן אונדזער חלק אין קינדערס דערציאונג... אַ חדר מאַכן, לאַבוסעם — שרייט ער אַריין צו דער וואָיוועגדיקער חבֿרה — איר וועט גייען אין חדר אַריין?

ער שטעלט צוריק אָן דעם בליק אויף הערשן, וואַרט אויף זיין הסכּמה. איז הערשס מיינונג, אַז דאָ דאַרף מען גאָרנישט מאַכן, לגמרי גאָרנישט.

— אויפהאָדעווען גויים?

— ווי טאַטע־מאַמע ווילן; דאָ דאַרף מען נישט שאַפן קיין אידעאָלאָגיעס מיט קיין פּאַרטייען מיט קיין קריגערייען...

— אָבער אַ שייטל עברי!

— דער רבונו של עולם פאַרשטייט זיך אויפן ווונק אויך... ווייסטו וואָס, איסר, כ'וועל דיר דערציילן אַ פּאַסיקע מעשה...

...צוזאַמען מיטן ציוניסטיש־פאַרטייאישן אַריינשטראָם אין לאַגער, האָט זיך אויך אָנגעטראָגן אַ ווונק וועגן געעפענטע טויערן פון אַמעריקע פאַר די שווייגסהיימער.

פאַר איסרן איז דאָס געוואָרן אַ פּראָבלעם; ער נעמט דאָס אויף מיט נישט קיין קאַטאָוועס:

— אַמעריקע געפעלט מיר נישט; אָט דערמאָן איך זיך ווי דער מיס־

טער איינשטיין, וואָס רופט זיך אנסטין, האָט נישט אַנדערש געוואָלט, נאָר פון מיין שטערן זאָל ווערן עפּעס אַ מין סטאַרן ...

— וואָס? ביזט אַ בטלן, כ׳לעבן ...

— ווי דו הערסט. און אַזוי פאַרשטיי איך עס: אין אַמעריקע איז אַנ־דערש ווי אין אייראָפּע. דאָרט דאַרף מען פאַרגעסן דעם יידישן נאָמען; פאַרשטיי: אָפּגעהיטן מיין יחוסדיקן נאָמען איבער לאַגערן און געטאָס, איצט ... וואָס מאַך איך פון סטאַרן? פון שטערן ווערט כוכב, פאַר־שטיי ...

— פאַר־זשע קיין ארץ ישראל. אייל זיך נישט. קיין אַמעריקע פאָרסטו נאָך סייווי נישט.

— פאַרשטייסט: ככוכבי השמים לרוב ...

— אַ מאָדנער ייד ביזטו, איסר: רעדסטו אַן פּסוקים פאַרשטיי איך דיך, נעמסטו אָבער אַראָפּגיין פון גלאַטיקן וועג ...

— וואָס מיינט ביי דיר גלאַטיק?

— יענץ, ווייסט שוין וואָס ...

— פע, רעדסט שוין ווידער ניבול־פּה, האַ, רומעניש ער הערש!

— אוי, איסר, באמת צייט, זאָלסט חתונה האָבן און זאָלסט אָנהייבן אויפסניי ...

ביי איסרן הייבט זיך אונטער דאָס בערדל, פאַרשיפּט זיך אַרויף, צום שקיעהדיקן הימל.

## יא

צי ווינטער, צי זומער — זיסקינד גיט זיך אַן עצה: זיינע בעקעלעך פאַרלירן נישט פון דער וואָג. קיילעכדיק און שרייענדיק, האָט זיסקינד שוין דורכגעוואָרפן כלערליי געטער, אָבער קיין איינעם פון זיי נישט צעבראָכן.

אָנגעהויבן האָט זיסקינד „מיט די בעקעלעך" ערגעץ אין באַפרייטן פּוילן, דאָרט גערופן די יידן „צו העלפן אויפבויען די אויטשיזנע פון די חורבות", דערנאָך — פון די ערשטע אוועק, זיך אָפּגעפונען אויף דער בעכמינער שלאַנגענשטראַסע.

נישט געענדערט זיך אויף אַ האָר: קליין, פעטלעך, קיילעכדיק און

שרייענדיק. דאָ איז פאַראַן אויפצוטאָן ; דאָ שפּרייט זיך אַ פעלד מיט אַר־בעט. פּאַרטייען. אידעאָלאָגיעס. ער וועט זיך שוין ערגעץ אַריינפּאַסן.

איז זיסקינד געוואָרן אַ נאַציאָנאַלער ייד — מיטן בליק צו די טויערן פון ארץ־ישראל. וואָלט מען געמעגט רופן אין דייטשלאַנד — ווי אין פוילן — צום אויפבויען די חורבות, וואָלט זיסקינד אויך דאָ (ווי אין פוילן) געשטאַנען אויף טריבונעס און געשיקט זיין פּאַטריאָטישן רוף צו אַלע ביר־גער אָן אונטערשיד פון ראַסע און קלאַס — — — פון דייטשלאַנד דאַרף מען רופן צום אַוועקגיין. אַ טמאַדיקע ערד.

זיסקינד „מיט די בעקעלעך", בעקעלעך, אויף וועלכע שלאַנגענשטראַסע זאָגט, אַז זיי, די בעקעלעך זיסקינדס, זענען באַשאַפן געוואָרן בלויז אויף אויסצופּאַטשן זיי, — דער פעטינקער זיסקינד האָט גענומען שטיין אויף טריבונעס, גענומען האַלטן רעדעס, רופן —

„צו שטורעמען די טויערן פון ארץ ישראל ! "

אַ שוויצנדיקער, אַ שווערסאַפּענדיקער, מאַניערן פון איינעם וואָס האָט „אַמאָל געוווינט אין פיַנף צימערן", האָט זיסקינד דערפילט דעם אומאויס־שעפּלעכן קוואַל אויף שלאַנגענשטראַסע, אַ קוואַל, וואָס מען דאַרף אים כסדר אויפהאַלטן, נישט דערלאָזן ר׳זאָל פאַרטרוקנט ווערן.

ביי זיסקינדן האָט די שלאַנגענשטראַסע זיך גענומען וואַלגערן אין אַ וועסטלקעשענע.

חוץ אַ נאַציאָנאַלער פּאַטריאָט, אויך אַן אינטערנאַציאָנאַלער סוחר : „ווייכע" און הארטע" און „ראַציאָנען" און וואָס נישט ? — אַלץ צו באַ־קומען ביי זיסקינד „מיט די בעקעלעך".

אַ שם־דבר אויף שלאַנגענשטראַסע — אַ פייערדיקער, אַ נאַציאָנאַל־פּאַטריאָטישער, פּאַרטייאישער ייד.

ביז אַמעריקע האָט אָנגענומען אַ געזעץ : כך וכך אויסגעוואָרצלטע מעגן הנאה האָבן פון דער אַמעריקאַנישער דעמאָקראַטיע.

דאָ האָט זיסקינד דערפילט אַ טרייסל אונטער די טריט. אַמעריקע ? וועלכער ייד וויל דען נישט פאָרן קיין אַמעריקע ? אַ חודש, צוויי — און אוים מיט דער שלאַנגענשטראַסע . . .

זיסקינד „מיט די בעקעלעך" האָט געהאַט זיין חשבון: אויפהאַלטן אַלע געטער און אַמשטאַרקסטן זיך קלאַמערן אָן גאָט פון געלט.

*

די פרייד נעמט טיף אַריינדרינגען קיין שוויינסהיים. מיסטער אנסטין האָט זיינס אָפּגעטאָן: די טויערן פון אַמעריקע זענען אָפן. ווער עס איז געקומען קיין שוויינסהיים אין דער ריכטיקער דאַטע, ווי עס פאָדערט דאָס די־פּי־געזעץ, דער דאַרף זיך שטעלן אין ריי.

האָט שוויינסהיים אויפגעוואַכט. האָבן לאַגערניקעס געבערענגט פּאַפּירלעך, זיך איינגעחזרט דאַטעס, אַוועק צו דער ביוראָ, ווו אַלץ איז אויפגענומען און פאַרשריבן געוואָרן פּינקטלעך: באַפרייט געוואָרן פון דעם און דעם לאַגער, געקומען קיין שוויינסהיים אין דער און דער דאַטע, זיך אויפגעפירט לייטיש און מענטשלעך — אַ פּאַסיקער קאַנדידאַט פאַר אַמעריקע.

צווישן די ערשטע צום פאַרשרייבן זיך איז אויך אַוועק וועווע סטאָלער. דערנאָך אַ צופרידענער אַרומגעשפּאַנט צווישן די לאַגערגעסלעך, געוואַרט אויפן טאָג פון דער פריידיקער בשורה: אַזוי און אַזוי, מיסטער וועווע; פאַרפאַקט און געפאָרן קיין אַמעריקע.

און לאַגערניקעס האָבן זיך פאַרפאַקט. באַראַקן זיך אויסגעליידיקט. פרייד און האָפענונג האָט געטליעט אין צעהיצטע אויגן.

בלויז פון ערגעץ־ווו — אַ דין, שניידיק געוויין, גלייך אַ טעמפּ מעסער וואָלט זיך אַריינגעשניטן אין לייב —

„אָפּגעוואָרפן",

„נישט באַשטעטיקט!"

וואָס געשען?

ט. ב. צ. לאָזט מען נישט אַריין קיין אַמעריקע.

„שלעכטע אויפפירונג" אויך נישט.

וואָסזשע טויג דאָס גאַנצע געזעץ? לאַגערניקעס מיט געזונטע לונגען — און אַ פּגם? שוחטים! „שלעכטע אויפפירונג"? בלויז אין אַמעריקע געפונען זיך לויטער צדיקים... וואָס האָבן זיי, די אַמעריקאַנער, גע־

טאָן ביז איצט פאַר קאַצעט־ און לאַגערליידן ? איצט — גיב זיי לויטער מוס־קולירטע, לויטער צדיקים . . .

א טראַגעדיע.

איצט שטעלט זיך אַרויס איסר מיט זיינע גערעכטע טענות :

— ווו עס איז נישט פאַראַן קיין יידישקייט, איז אויך נישט פאַראַן קיין מענטשלעכקייט !

אָבער זיין חבר הערש האַלט זיך ביי אַ פריערדיקער מיינונג :

— אַמעריקע איז אַ טיפער, גאָר טיפער קוואַל ; דאָרט געפינט מען שלעכטס און גוטס, נישט אַנדערש ווי אויף דער גאַנצער וועלט.

— אַנדערש !

ביידע חברים וואַרטן־אָפּ מיטן פאַרשרייבן זיך קיין אַמעריקע. איצט שפּאַנען זיי אַרום איבערן לאַגער, האָבן הנאה פון זייער אויפטו : געשאַפן אַ בשותפותדיק בית הספר, ווו קינדער לערנען אי פון סידור, אי פון ביכל. אָבער לעצטנס פאַרשווינדן די תלמידים פון דער שולבאַנק. טאַטעס פאָרן אוועק. ווערט עס ביי איסרן און הערשן קאַלעמוטנע : אויפגעבויט אַ בנין און אָט צעפאַלט ער זיך.

— אַזוי האָב איך לכתחילה געזאָגט : נישט בויען גאָרנישט אויף שווינסהיימער ערד. נעמען, פאַרשרייבן זיך און אוועקפאָרן. האָבן מיר דען נישט געבעטן דערויף ?

איסר האַלט, אַז מחמת די ישועה איז שוין אַריינגעדרינגען אין לאַ־גער, ווערט זי, די הילף, פונדאַנען אַזוי גיך נישט אַוועק.

— וועלכע הילף ?

— די הילף, וואָס קומט פון זיין ליבן נאָמען ; ווערסט זען, הערש, אַז מירן נאָך פאָרן קיין ארץ ישראל.

— לאַגערליידן, איסר, אויסגעפּאָכניעטע . . .

— טיפּשות ; די טשעכאָטקע לאָזט מען סיווי נישט אַריין קיין אַמע־ריקע.

— דאָך . . .

— יאָ. הערש, דבר אל העצים ואל האבנים.

— רעדסט שוין ווידער מיט פּסוקים, איסר, שוין ווידער אַראָפּ פון גלאַטיקן וועג.

הערש האָט אין שוויינסהיים דורכגעשטופּט די פרייע שעהן מיט לייענען ביכער, מיט דער הנאה צו שמועסן קאָלעקטיוו וועגן דעם צי יענעם שרייבער. אין אַמעריקע, איז ער זיכער, וועט ער זיך אָפּזוכן ערגעץ אַזאַ ווינקעלע, זיך אויסלעבן יידיש...

— יידיש־שמידיש — בייזערט זיך איסר — עס זענען דאָ בלויז יידן; אָן יידן איז נישטאָ קיין יידיש.

ביידע חברים האָבן זיך נאָך לאַנג געאַמפּערט איבער תוך־זאַכן. צו קיין טאָלק נישט געקומען. אפילו שוין גענומען טראַכטן וועגן אָוועקשטעלן זיך אין דער ריי, פאַרשרייבן זיך קיין אַמעריקע. וואָס וועט זיין דאָס וואַרטן? קאָן מען דען פון אַמעריקע נישט פאָרן קיין ארץ ישראל? הערש האָט „גענומען" זיין חבר מיט אַ חכמהלע און...

אַ נייס אין שוויינסהיים:

— מוסרים!

מען מסרט. אַ חלף איבערן האַלדז.

יעדן טאָג קומען צוריק פון צענטער יידן מיטן אויסזען פון ערב־מתים. שוין געהאַלטן אָט־אָט: אַלץ פאַרשריבן, אַלץ אויסגעפרעגט; אויך אַ באַשטעטיקונג פון דאָקטער — — אַ „צעשטערערישער עלעמענט"...

אַ וואָס?

קיין פּיפּס. שוויינסהיימער האָבן גענומען שווייגן. מען היט זיך אַרויס־צוברענגען אַ וואָרט. נישט מען וויינט. נישט מען לאַכט. שכנים מיידן זיך אויס... וויים דען ווער ווו דער מסור געפינט זיך?

— מיינע רייד — קוקט איסר שטערן אַריין אין זיין חברס געלע אויגן — יש אזנים לכתלים.

— וואָס האָסטו געזאָגט, סאַרא פּסוק ווידער?

— ביזט אַ גראָבער יונג, הערש; פאַר דיר איז גוט אַמעריקע; דאָך האָב איך מורא, אַז דיין טשעכאָטקע וועט ווערן געפּסלט, דיינע אויגן מסרן...

— איז ווידער גוט — לאַכט הערש — האָב איך דאָך אַן אייגענעם

מסור... אויך אַ פּיעקעליק שטאַרבט, בפרט אַ מענטש, וואָלט געזאָגט אונדזער שלום עליכם.

— נישט אונדזער, נאָר דיינער, הערש, דיין שלום עליכם. מיינער וואָלט געזאָגט: קול העם כקול שדי.

— שוין ווידער אַ פּסוק?

— הער, גראָבער נפש, וועל איך דיר פּאַרטייטשן: שוין צווייטויזנט יאָר שרייט דאָס פאָלק „ותחזנה עינינו", לאָמיר זיך אומקערן קיין ציון מיט דער שכינה כביכול...

— שוין געהערט, איסר, יעדן טאָג געהערט פון די אַלע רעדנערס, געהערט, אויך געהערט דאָס אייגענע פון זיסקינדן...

— דערמאָן מיר נישט זיין נאָמען, איך בעט דיר... און איסר שטערן וועט קיינמאָל נישט פאַרבייטן דעם שטערן אויף סטאַרן. כוכב יאָ, סטאַרן — ניין...

— ביזטו דאָך אַזאַ ציוניסט ווי זיסקינד „מיט די בעקעלעך"...

זיי האָבן זיך אַזוי לאַנג געאַמפּערט, ביז עס איז געקומען די שעה פון געזעגענען — ביז מאָרגן.

*

כיליק האָט פילמאָל געזען בלוט, מענטשלעך בלוט — און נישט נתפּעל געוואָרן, — וועט ער זיך איצט אָוועקזעצן וויינען איבער מענטשלעכע טרערן?

אַ ייִנגל פון די וואַרשעווער האַלעס, זיין טאַטע (דער „קאָלבאַסניק" האָט מען אים גערופן) — אַ נאַכאַל, נישט איין מאָל צעשפּאָלטן דעם שאַרבן ביי אַ פּלייצעטרעגער, — האָט כיליק באַקומען זיין רעשט דערציאונג אין אַ לאַגער און טאַקע דאָרט, אונטער דייטשער השגחה, געווען אַ מין אויפזעער, אַ יידן־שלעגער, אַליין, אַבי צו פאַרהיטן זיך, צו ראַטעווען זיך פון אויוון.

און אָט אַזוי איז טאַקע כיליק אַרויס גאַנץ, געבליבן אפילו אָן אַ לונגענפעלער — אַרויסגעקומען פון לאַגער אַזוי ווי ער איז: אַ גראָבע פעל, אַ גנב, אַ מסור מיט קליינע אייגעלעך און אָנגעגאָסענע, פולע באַקן.

אין שווייגסהיים האָט זיך כיליק נישט געפילט שלעכט: אַן אויפ־זעער און פּאָליציאַנט־באַפעלער איבערן לאַגער, איבער טויזנטער יידן. האָט מען פאַר אים געציטערט — אימת מוות. איז געקומען יענע נאַכט, אין וועלכער אַלע, בראש מיט וועווען, זענען אים אַזוי מיאוס באַפאַלן, אַזוי צענעריקט.

ווע ווע!

ער האָט זיך אפילו דערוועגט כיליקן צו דראָען מיט אַ געריכט. וואָלט דאָס געווען די שענסטע שפּיל: וועווע וועט אַרויסרופן עדות, וועט צו־שטעלן דאָקומענטן, אַז ער, כיליק, איז געווען אַ קאַפּאָ — איז דאָס דען אַ סוד? נישטאָ ווער עס זאָל לאַכן. דער טריבונאַל? שוין געזען אַזוינס. זיין משפּט? נישט צו פאַרנעמען קיין געזעלשאַפטלעכן אַמט. פאַר אַ כפּרה זייערע אַמטן. וועמען זיי פאַרמשפּטן? בלויז שוואַכלינגען, בלויז די וואָס קאָנען נישט דערלאַנגען קיין „פּעקל". כיליק וואָלט אונטערגעשיקט דעם פּאָרזיצער, דעם „דאָקטאָר יורי אין דיפּלאָם" אַ „פּייקע", וואָלט ער דער־קלערט אַ הפסקה ביי די פאַרהאַנדלונגען און...

כיליק קאָן אויך צעשפּאַלטן אַ קאָפּ, — די האַנט איז איבערן שכל.

דאָך, איצט, דאַרף מען זיין אַביסל צוריקגעהאַלטן. עס קאָן שאָדענען צו פאָרן קיין אַמעריקע. עס ווענדט זיך אויך וועמען. כיליק איז צופיל גע־ביפט, ער זאָל זיך שרעקן פאַר אַזאַ נאַרישקייט. זאָלן זיך שרעקן די לע־מעשקעס.

כיליק האָט שוין באַוויזן צו שליסן קאַנטשאַפט מיט די יינגלעך פון הונדסוועג, אַדאַנק זיי — מיט די סאַמע קעפּ פון די קאָמיסיעס. וויל ער, קאָן ער אפילו שוין פאָרן קיין אַמעריקע. פאַר אַ מטבע — אַ צעטל פון דאָקטער און היידאַ אין וועג אַריין.

וואָס וועט ער, כיליק, טאָן אין אַמעריקע?

אויף שלאַנגענשטראַסע איז ער אַן אויסגעוואָרצלטער. דאָ האָט ער רעכט צו שרייען, צו פאָדערן — אַ „דיספּלייסד פּערסאָן" דאַרף נישט אַר־בעטן אויף פּרנסה.

אין אַמעריקע ווערט ער אַ בירגער.

צוואָס דאַרף ער דאָס?

ניין. נישט איילן זיך.

און כיליק האָט געפּאָלגט זיין אינערלעכן רוף, זיך צוגעהערט צו זיין קלאָרן געוויסן.

יעדן טאָג זענען פון הונדסוועג אוועק טראַנספּאָרטן, אויסגעלאָגערט געוואָרן טויזנטער — כיליק איז פאַרבליבן צווישן די, וואָס האָבן זיך דורכגעשלאָגן דאָס ביסל פּרנסה (נישט צום פאַרזינדיקן) אויף און אַרום דער שלאַנגענשטראַסע —

חוץ אַלעם האָט כיליק אויך געהאַט אַ נעבן־פּרנסה: „צעטעלעך"...

צו דער נייער פּרנסה האָט אים צוגעהאָלפן זיסקינד „מיט די בעקעלעך".

ביידע האָבן זיך אַזוי צונויפגעחברט, אַז קיין אידילישער פּאָרל איז אינערגעץ נישט געווען צו באַגעגענען: איין גרייס, איין עלטער, אין די דרייסיקער, אָנגעפּילט מיט האָפענונג צום לעבן, האָבן זיי געאָרעמט אַרומגעשפּאַנט איבער דער שלאַנגענשטראַסע, געקוקט, געפאָרשט, געזוכט „שוואַרצע" סחורה און געוואָרנט:

„עס קאָסט כך וכך, אַנישט — פאַרסטו נישט קיין אַמעריקע"...

זיסקינד האָט אין זיין „שרייבן" אויך אַריינגעלייגט פּאַטריאָטיזם: יידן דאַרפן פאָרן קיין ארץ ישראל! חוץ בכבודיקע פּרנסה, האָט אויך דערין געשטעקט אַמביציע: אַ מכה וועלן די שונאים פאָרן קיין אַמעריקע!

איז אוועק אַ גאַנג — — — מוסרים.

יב

הונדסוועג — אַ געוועזענע קאַזאַרמע פאַר דייטשע סאָלדאַטן. הונדסוועג האָט באַוואָרפן מיט שרעק, געווען אַ וואָרענונג דער וועלט.

איצט זענען די צייטן אַנדערע. איצט זענען אין קאַזאַרמע פאַרבליבן בלויז די ביקסן־האַלטערס, וואָס שטייען פאַריתומט אין קאָרידאָר־ווינקלען, אויך צייכנס פון שוצגריבער.

איצט איז הונדסוועג אַ דורכגאַנגלאַגער פאַר אַלע אויסגעוואָרצלטע — דער לעצטער פּונקט פאַרן איינזיצן אין צוג, פאַרן אוועקפירן צו דער שיף.

דאָ — די סאַמע לעצטע פאָרמאַליטעטן, דערנאָך — מיט דער הסכמה פון קאָנסול — זיך באַזעצן אין הונדסוועג אויף אַ טאָג, צוויי.

הונדסוועג האָט זיך צו רימען מיט די ספּעציעלע אויספאָרשונגען. דאָ זיצן געניטע פּסיכאָלאָגן, זענען בכוח אַריינצודרינגען טיף אין דער נשמה פון אויסגעוואָרצלטן, צו דערגיין זיינע טראַכטונגען, זיינע פילונגען וועגן דעם הומאַניטאַרן אויסדרוק, וואָס איז באַצייכנט מיטן וואָרט — דעמאָקראַטיע: איז ער, דער דאָזיקער די־פּי, אַ דעמאָקראַט? וועט ער נישט זיין שעדלעך פאַר דער אַמעריקאַנישער דעמאָקראַטיע? איז זיין פאַרגאַנגענהייט — פאַרן לאַגער, אין לאַגער, נאָכן לאַגער — איז זיין יוגנט בכלל געווען אַ דעמאָקראַטישע? זענען זיינע טאַטע־מאַמע, פריערדיקע דורות — איז ער אַן אָפּשטאַמיקער פון אַ דעמאָקראַטישער משפחה, פון אַ יחוסדיקער גזע? — — —

נישט יעדער די־פּי קאָן אויסהאַלטן דעם דעמאָקראַטישן עקזאַמען פון הונדסוועג. ווער עס „ברעכט" זיך, אַנדערע — גרויסהאַלטערס — דערלאַנגען אינמיטן דער אויספאָרשונג אַ שפּיי איבערן פּאָל: מוחל אייער אַמעריקע מיט אייער דעמאָקראַטיע!

בלויז אויסגעמוטשעטע, נעבעכדיקע, קוים־אויף־די־פיס־האַלטנדיקע — זיי טרייסטן זיך בעטן מיט אַ הבטחה: קיין שענערע דעמאָקראַטן זענען דאָך גאָרנישט בנמצא אויף דער וועלט!

האָט עס פעולה?

דווקא אין זייער „פייל" ליגט אַ „צעטעלע", שוואַרץ אויף ווייס: אַ שעדלעכער עלעמענט...

ווערט אַזאַ איינער אַוועקגעשטעלט אויף אַ שוואַרצער ליסטע — שוואַרץ ווי אַ פינצטערע, שוואַרצע נאַכט: נישט אַרויסצופאָרן פון שוויינסהיים מער!...

מילא. קיין אַמעריקע נישט — איז נישט.

אָבער די הונדסוועגער אויספאָרשער האָבן פאַנאַנדערגעשיקט קאָפּיעס פון זייער פּסק־דין אומעטום: ווו נאָר עס קאָן מעגלעך זיין, אַז דער אומ־דעמאָקראַטישער, שעדלעכער „דיספּלייסד פּערסאָן" זאָל אָנגעבן אַ בקשה

אויף צו העלפן באפרייען זיך פון שוויינסהיים — האָט מען אומעטום אָפּ־געזאָגט — — — אָפּגעשלאָסן די גאנצע וועלט.

דערויף האָט געשפּילט כיליק מיט דער הילף פון זיסקינדן. זאָל שלאַנ־גענשטראָסע וויסן, אַז נישט אַבי ווער זאָגט דעה אין דער רעפרעזענטאַנץ; נישט אַבי ווער האַלט אויג אויף די שווארצע סוחרים...

שותפות? יאָ. ווילסטו מיך נישט פאַר קיין שותף, פּאַסט דיר נישט צו האָבן מיך אין דיין שווארצער משפּחה — — — ווער צעפּלאַצט, ווער!

*

צווישן דידאָזיקע וואָס האָבן געפּלאַצט האָט זיך אויך געפונען וועווע סטאָלער, — זיין נאָמען אויף דער שווארצער ליסטע! פאַראַן אַ גרעסערער פאַרדראָס?

נישט ער האַנדלט, נישט ער שווארצט גרענעצן — אַ ייד אָן אַ פּרוטה ביי דער נשמה. אַ שוויינסהיימער. ווי מען זאָגט — מיט ט. ב. צ. אָן אַ זעטיקן בּיסן. ווען האָט ער שלעכטס געטאָן? ביי וועמען האָט ער די פּרנסה צוגענומען? מיט וועמען האָט ער נישט געוואָלט טיילן זיינע הכנסות אויף דער שלאַנגענשטראָסע?

אסור, צי וועווע ווייס פון אַ בייזן חלום.

בלויז ערגעץ־ווו, אין אַ ווינקל ערגעץ, זיצט אַ ייד, טרייסלט צו וועווען מיט אַ פינגער: דערמאָן זיך, וועוועשע, הא, דערמאָן זיך — געשלאָגן כי־ליקן? אים אַריינגעשפּיגן אין פּיסק? דאָס איז עס!

יאָ. דאָס איז עס. אַזוי קרענקען זאָל כיליק, ווי דאָס איז עס.

וואָסזשע זאָל ער טאָן איצט, וועווע? בלייבט אים בלויז — זיך אוועק־לייגן אויף אַ שוויינסהיימער בעטל און דאָרט אַזוי בלייבן ליגן ביז מ׳וועט אים אַראָפּטראָגן פון דאָרט.

וואָלט ער אויך דאָס געטאָן, אָבער — אַ מכּה כיליקן. ער וועט עס אים נישט צוליב טאָן. איז כיליק טאַקע דער גאַנצער מאַכער, אויספאָרשער, דעה־זאָגער און וויזע־געבער — איז כיליק די אַמעריקאַנישע דעמאָקראַטיע? וויבאַלד יאָ — דאַרף וועווע פאַר אַ כּפּרה אַזאַ מין דעמאָקראַטיע. אלא וואָס — כיליק בלויז אַ צוטשעפּעניש, אַן אונטערהונקעניש, אַ כאָלערע,

אַן אומגליק, אַ מסור: וועט וועווע טאַקע פאָדערן יושר. ער וועט נישט בעטן — פאָדערן!

אויף זיין ערנוואָרט מען מען אים גלייבן, וועווען: ער איז אַ מענטש מיט די ריכטיקע דעמאָקראַטישע פּרינציפּן, קיינמאָל אַ ווערעמל אונטער דער פאָדעשווע נישט צעטראָטן, שטענדיק הנאה געהאַט פון פריי — — פרייהייט...

ווינציק אַזאַ דעמאָקראַטיע?

לויפט איצט וועווע איבער שווינסהיימער געסלעך, וואַרפט די גרויסע הענט:

— איז עס געגאַנגען גוט ביז מען האָט אָפּגעמסרט. וואָס טוט מען. יידן גיט אַן עצה...

וואָס־שייך וועווען אָפּמסרן? — חידושט זיך דער לאַגער. מילא, אי־מעצער, וואָס האָט אויף זיך עפּעס אַ שפּרענקעלע, אַ סימן פון אַ פּגם, אָבער וועווע? אַ מענטש וואָס שיידט נישט אונטער צווישן שוואַרץ און וויס — נישט זיין עסק — נעמט מען און טראַכט מען אויס אויף אַזאַ ייד אַ בילבול?!

וועווע רייסט־אָפּ טירן, איז גרייט אַ וועלט אומצוברענגען. איצט גייט אים נישט אין זיין אייגענעם ענין — אַ כפרה אַמעריקע מיט די מוסרים צוזאַמען, — דאָ מוז מען אויפדעקן דעם מסור פאַר אַלעמען, פאַר דער גאַנצער וועלט!

אַז וועווע זאָגט, דאַרף מען אים גלייבן.

אויך אין יענער נאַכט מיט כיליקן האָט וועווע פריער געטאָן אַ נדר, אַז ער מוז דעם קאַפּאָ פאַרטרייבן פון שווינסהיים און האָט אים פאַרטריבן.

אויך איצט וועט ער אים פאַרטרייבן, ער וועט!...

...אַ טריבנדיק־רעגנדיקער, שווינסהיימער פרימאָרגן. אַ רעשיק טרעטן איבערן קאָרידאָר. די טיר פון וועוועס שטיבל עפנט זיך מיט אַ האַסטיקן סקריפּ. וועווע נעמט טרעטן צום אַרויסגאַנג.

וועווע איז אַן אָרנטלעכער מענטש, האָט מיט קיינעם נישט זאַטשע־פּעט, בלויז פאַרטיידיקט זיך און יענעם קעגן אָנפאַלערס. איצט איז וועווע אַליין. ווי מען זאָגט, ווי מען וויל אים איינשמועסן, האָט ער ט. ב. צ. —

איז דאָס אַ ליגן, אַ העסלעכער שקר. ער פילט זיך אַזוי געזונט, אַז אָט איצט, אין שוויינסהיימער פּאַרטאַג, איז ער גרייט אַ כּיליקן איבערצוברעכן, אַרויסצורייסן זיינע קישקעס מיט די געדערעם, זיי אויסצוטרוקענען, מאַכן שטריק און אים אויפצוהענגען אויף דעם העכסטן שוויינסהיימער סלופּ. אַזויפיל געליטן — זענען זיי די שיינע מענטשן, די אָרנטלעכע לייט; מיר — נישט; זיי זענען די דעמאָקראַטן; מיר — טאָרן נישט נהנה זיין פון דעמאָקראַטיע. אויפהענגען, יאָ — וועווע האָט געזען תּליות: נאָך איין תּליה כּאָטש! כּיליק! — — —

ער טוט אַ האַסטיקן שפּיי, נעמט שטעלן ברייטע טריט איבערן גלי־טשיקן ברוק.

פענצטערלעך צעעפענען זיך, פּנימער שפּאַרן אַרויס. ווער גייט? וועווע! אַזוי פרי?

וועווע שפּייט, כראַקעט, הוסט אויף אַ קול, וועקט פאַרשלאָפענע שוויינסהיימער פון זייערע אייזערנע בעטלעך, גלייך ר'וואָלט זיך געגרייט אַרויסצושפּייען די גאַל, זי אַ שליידער צו טאָן דער וועלט אין פּרצוף אַריין.

אַ וועלט אַזאַ, אַ מיתה־משונהדיקע וועלט...

זיין בייזקייט שטעלט דעם לאַגער אויף די פיס.

אויך איסר, קוועטשנדיק זיין ביינער־בינטל אויפן בעטל, דערפילט עפּעס אומנאָרמאַלס: גרייט זיך שוין ווידער עפּעס? איז שוין חלילה עפּעס געשען?

ער גיסט־אָפּ די נעגל, כאַפּט עפּעס אַריין „פון פאָרנט", זעט דורכן פענצטער וועווען אַרומשפּאַנען, אַוועקשפּאַנען צום אַרויסגאַנג.

— וועווע, האַ, וועווע!

מען רופט אים. ער קערט־אויס זיין פּנים — אַ ברייטצעלעכערטע מאַסקע.

— ווער שרייט דאָרט?

— באַלד, וועווע, איך גיי אַרויס!

איסרס בערדל קלעפּט אויף זיין גאָמבע איצט, אין פאַרכמאַרעט־נע־

פּלדיקן פּרימאָרגן, ווי אַ פרעמד צוטשעפּעניש, אַ זייטיקע זאַך אויפן צעקנאָדערטן פּנים. ער איילט איבערן ברוק, גלייכט זיך אויס מיט וועווען.

— וווהין אַזוי פרי, וועווע?

— אַ מעשה אָפּטאָן, רעב איסר, ווי איר הערט: אָדער זיין לעבן, אָדער מיינס...

— וואָס?

— איך האָב כּיליקן פאַרטריבן פון לאַגער! איצט וועל איך אים פאַרטרייבן פון דער וועלט...

— אויפן ניכטערן מאָגן?

באַלד. דער טאָג האַלט זיך אין אַרויסשיילן, אין אַוועקשטעלן איבער שוויינסהיים.

וועווען האָט עס אַרויסגעטראַסקעט פון בעט, נישט געלאָזט אים איינליגן במנוחה. איצט איז כּדאַי צו הערן דאָס לעצטע וואָרט. אדרבא. זאָלן קלוגע מענטשן פּסקנען — ווער עס איז גערעכט.

וועווע האָט זיך געלאָזט איבעררעדן. איסר איז אַוועק צו השכמה. שפּעטער האָבן זיי שוין אין דרייען — וועווע, הערש און איסר — זיך אויסגעטענהט צווישן אַ גערעכט לאַגער־רעדל.

יידן, יידענעס, מיט פּושקעס און טעפּלעך פון קאַווע־קעסל — טשעקאַווע צו הערן אַ קלוג וואָרט פון רעב איסרן —

— וואָס זאָגט איר צו אונדזער בראָך, האַ?

— אַזאַ אומגליק — אַזאַ אומקומעניש אויף זיי!

פּנימער פאַרשוואַרצטע, איינגעפּאַלענע באַקן, אויגן — אָנגעפּילט מיט געבעט און געוויין.

— זענען מיר נישט קיין מענטשן, האַ?

— מענטשן, מענטשן — צעשרייט וועווע זיין כּריפּענדיקן האַלדז

— באַבעס זענט איר, נישט קיין מענטשן!

— וואָזשע איז די עצה?

— קומט מיט מיר אַלע, קומט, לאָמיר גיין, לאָמיר ווייזן, אַז אויך מיר לעבן, זענען מענטשן, מיר, די לעצטע, די איבערגעבליבענע, די נישט־דערברענטע פון אַ גרויס, אַ העליש פייער, קומטס!

וועווע לאָזט זיך נישט באַרואיקן. אין קרענצל — איסר. דער טאָג — אַ פּאַראומערטער, אַ רעגנדיק־קאַלטער.

— הערט, יידן — פּאַרוויקלט איסר זיינע הענט אַרום די שמאָלע אַקסלען — איך זאָג: אל תבטחו בנדיבים, בבן אדם...

— ביזט געקומען אַהער דאַווענען, איסר? — צעטרייסלט הערש זיין גופל — זאָג אַ גלאַטיק, מענטשלעך וואָרט!

— ביזט אַ גראָבער קאָפּ, הערש. דאָס מאַכן די ביכלעך פון דיר אַ תל. אַ מענטש זאָל נישט וועלן פאַרשטיין אַ לשון קודשדיק וואָרט?!

— נו, שוין גענוג זיך געקריגט, אדרבא, לאָמיר הערן אַן עצה.

— איך האָב געזאָגט, עולם, אַז מען דאַרף זיך נישט פאַרלאָזן אויף קיין נדבות און אויף קיין מנדבים, אויף קיין מיסטער אַנסטינס און אויך נישט אויף קיין קאָנסערוואַטיווע פּושקעס... איך זאָג אייך, עולם, אַז עס זענען בעסער אייגענע ד׳ אמות, איידער יענעמס פּאַלאַצן... איך וואָרן אייך, עולם, אַז מיר דאַרפן פאָרן קיין ארץ ישראל און זיי איבערלאָזן מיט זייער אַמעריקע און פּאַרטיק...

שוויינסהיימער נעמען זיך פּאַנאַנדעררוקן, אַרויסרוקן פון רעדל: שוין געהערט די חכמה, געמיינט, ער האָט עפּעס נייס צו דערציילן.

— ערשט נעכטן האָט די אייגענע מעשה דערציילט זיסקינד „מיט די בעקעלעך״.

— אַז געשוואָלן זאָל אים ווערן דער קאָפּ...

— שאַ, יידן, לאָמיר זיך נישט שעלטן — האָט איסר פאַרגלאָצט די אויגן מיט געבעט צום אַרום — לאָמיר זיך נישט שעלטן; לאָמיר גלייכער עפּעס טאָן. איר וועט דאָך זיכער נישט זאָגן, אַז איך טראַכט אַזוי ווי זיסקינד דער הולטאַי. ער וועט זיצן אויף שלאַנגענשטראַסע ביז דעם לעצטן פּעקל ציגאַרעטן און איך בין אדם נאַקעט; ביי מיר איז עס דברים היוצאים מן הלב. אין ארץ ישראל וועט זיך יעדער איינאָרדענען צווישן יידן...

— פּאַרוואָסזשע זיצט איר נאָך דאָ, רעב איסר?

— אונדז וויל ער אוועקשיקן, כדי מיר, די אויסגעמאַרעטע, זאָלן צוגרייטן פאַר אים אַ פּלאַץ דאָרט...

— און אז דער פּלאַץ וועט שוין זיין צוגעגרייט, וועט רעב איסר שוין לאַנג זיין אַן אַמעריקאַנער בירגער.

— און דערווייל וויל ער מיט זיינע רעדעס ווערן אַ מאַכער ביי די פּאַרטייען.

— אַ גנבהשע באָרד...

יג

די נעכמינער רעפּרעזענטאַנץ, וואָס האָט איר ביוראָ אויף שלאַנגען־שטראַסע, איז אַרוים מיט אַ נצחון: געשריגן אַזוי לאַנג, גערופן צו דער וועלט אַזויפיל, — איצט האָבן שוין יידן אַן אייגן לאַנד, אַן אייגענע מדינה, אַ מדינת ישראל. עט, מען דאַרף נאָר וויסן וויאַזוי צו שרייען, וויאַזוי צו פּאָדערן. אָרגאַניזירט. דיסציפּלינירט: דאָס איז צו פאַרדאַנקען דער רעפּרעזענטאַנץ.

זי האָט געשריגן: „עפּענען די טויערן פון ארץ ישראל פאַר דער שארית הפּליטה!" — האָט מען טאַקע געעפּנט.

איצט פאָרן שטעט, לאַגערס, משפחות — טויזנטער. מען פאָרט זינגענדיק; מען פאָרט טאַנצנדיק —

— אנו עולים ארצה בשירה ובזמרה...

נישט לענגער איין טאָג אפילו, איין שעה, — שוין פאַרפּאַקן און אַוועקפאָרן.

נישט אַוועקפאָרן:

— עולה־זיין.

קיין אַמעריקע פאָרט מען. קיין ישראל איז מען עולה.

בטל איז געוואָרן דער גאַנצער ענין „אַמעריקע", קליינלעך און נישטיק אַנטקעגן דער קליינער יידישער מדינה. לציס זאָגן, לצים פון מין דער רומענישער הערש, אַז די מדינה וועט זיין צו־קליין אויפצונעמען אַלעמען — גאַנץ שוויינסהיים און אויך אַ שטיק פון דער שלאַנגענשטראַסע. און פאַרוואָס עפּעס בלויז „אַ שטיק" און נישט די גאַנצע שטראַסע? ווייל די רעפּרעזענטאַנץ האָט נאָך דערווייל נישט בדעה זיך צו ליקווידירן —

זי וועט נאָך פאַרנעמען אַ גרויס שטיק פון דער שלאַנגענשטראַסע, וועט נאָך דאָ זיצן און וואַרטן: ביז דעם לעצטן ייד...

ווען מען גייט׳ם דען אָן.

איצט האָט זיסקינדס פּאַטריאָטיזם באַקומען אָנזען, געוואָרן חשוב: יידן דאַרפן עולה זיין קיין מדינת ישראל! — האָט ער געשריגן פון טריבונעס אַראָפּ.

אָבער זיין געשריי און דאָס געשריי פון דער רעפּרעזענטאַנץ — זייערע קולות זענען פאַרטויבט געוואָרן פון פרייליך־רעשנדיקע אויסרופן, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון באַפרייטע, פון אויסגעלייזטע — — —

די שלאַנגענשטראַסע האָט פאַרלוירן איר אויסזען. הילצערנע קרעמלעך אייליק זיך גענומען פאַרקלאַפּן, אַנדערע — געמאַכט פון האָלצקרעמל אַ קאַסטן, פאַרפּאַקט ס׳ביסל פאַרמעגן און אַוועק צום יידישן קאָנסול נעמען אַ וויזע.

חורבן נעמט זיך פילן אויפן באַזאַר, אַרום די „שוואַרצע" סוחרים — דער צווייטער חורבן אויף דער אַדעליקער שלאַנגענשטראַסע. נישט קיין אויסזען, נישט קיין פּנים, נישט קיין יידישן טעם — האָבן די שילדן מיט די אויפשריפטן „תל אביב", „נגב", „גליל" און „ירושלים" אין צענטער פון דייטשן בייערן...

דאָס אַלץ האָט זיסקינד דערפילט און עס איז געוואָרן ביי אים, טיף אין אים, דער באַקאַנטער „ויחד יתרו": אי עס איז דאָ אַ יידישע מדינה און אי עס ליקווידירט זיך די שלאַנגענשטראַסע; זעט איר: וואָלטן זיי ביידע כאָטש געקאָנט עקזיסטירן גלייך אויף גלייך!...

זיסקינד שפּאַנט, ווי שטענדיק, מיט זיין חבר, מיט כיליקן, אויף און אָפּ. זיי זעען דעם יידן־שטראָם וואָס ציט זיך און רייסט זיך — וואָס ווייטער פון דייטשלאַנד; וואָס גיכער אַרויסצובאַקומען די וויזע און עולה צו זיין. נעכטיקע טעג. ישראל, ברודערקע, איז נישט אַמעריקע. דאָ מאַכט מען נישט קיין שהיות: שרייב אָן אַ פּאַפּירל און נאַ דיר אַ וויזע. אפילו „שעדלעכע עלעמענטן" לאָזט מען אויך אַריין אַהין...

פאַר די עטלעכע יאָר אויף דער שלאַנגענשטראַסע האָבן די ביידע

שותפים זיך טריי געדינט. געווען גלייכע שותפים צו די הכנסות, פאַר־ברענגט נישקשה, נישט צו פאַרקלאָגן זיך.

בלויז לעצטנס, אַז די געשעפטן האָבן גענומען גייען שוואַכער; אַז שלאַנגענשטראַסע־יידן האָבן אויפגעהערט צו געבן שוחד, זיך מער נישט געשראָקן פאַר „נישט פאָרן קיין אַמעריקע": מיר זענען עולה קיין ישראל! — דאָ איז אַריינגעטראָטן אַ ביטערניש צווישן זיסקינדן און כיליקן. אייי־נער האָט גענומען חושד־זיין דעם צווייטן, פאָרוואַרפן, אַז דאָס מאַכט ער „פּרנסה אויף אייגענער האַנט", גיט נישט אָפּ קיין חשבון; דאָך, פאַר לייטן האָט מען זיך געהאַלטן סטאַטעטשנע. — סוחרים בלייבן סוחרים אומעטום און שטענדיק.

שפּאַנען זיי איצט און שווייגן. איין גרעב, איין עלטער, אויסגעפּעטסט און אויסגעוואַרעמט. איינער האָט רעפּרעזענטירט די אויסגעוואָרצלטע דורך זיין פּאַרטיי, דער צווייטער — סתם אַ גנב געווען.

איצט פילן זיי ביידע בפועל ממש, אַז דאָס „יידישע קאַפּיטל" אין דייטשלאַנד פאַרענדיקט זיך, פאַלט אַרויס פון אונטער די הענט — אַ גאָלד אוצר.

— קום אַריין אין „תל אביב" און לאָמיר מאַכן אַ שטיקל חשבון.

איז זיסקינד מסכים. בלויז צעטרייסלט ער זיינע בעקעלעך מיט אַ וואָרענונג:

— אַריינגיין, אָבער גדענק, אָן סקאַנדאַלן.

אין רעסטאָראַן וואָס געפינט זיך אַנטקעגן שלאַנגענשטראַסע־באַזאַר און וואָס זיין נאָמען איז „תל אביב" — אויסגעפּילטע טישלעך, אַ הייזע־ריק גרילצן, גערויש און קאָרטן־געשפּיל. ווער עס ציילט „גרינע" און ווער עס זיצט איבער אַ פאַרעדיקער שיסל. נישט לאַנג וועט נאָך דאָ זיין טע־טיק דער רעסטאָראַן „תל אביב". שיטערער ווערט. עולם פאַרפּאַקט זיך. בלויז די לעצטע דרייען זיך נאָך דאָ אַרום, זוכן אָנהאַלט — אויך זיי וועלן אָפּליידיקן די טישלעך, וועלן פאַרשווינדן.

כיליק זעצט זיך אַוועק, נעבן אים — זיסקינד. ביידע אָנגעבלאָזן, פאַרלוירן די מראה. נישט די אייגענע חברים פון אַ וואָך, אַ חודש צו־ריק. אויך דאָס דרך־ארצדיקע קוקן אויף זיי איז פאַרשוווּנדן. איבעריקע

פֿאַרשווינען. מאַכן דעם חשבון און אַ סוף זאָל'ס נעמען. פֿרעגט כּיליקן בהרם צי ער ווייס ווו איין און ווו אויס. אַ חשבון? פֿון וואָס? מילא.

ביר און צוביס. דער בייערישער ביר איז דער בעסטער אויף דער וועלט. אַ גאַנצער ליטער. צוויי ליטער. דערלאַנג, קעלנער...

— הער אָבער!

זיסקינד נעמט אַרויס אַ ביכעלע. ציפֿערן נעמען פֿליען ווי זלידנע פֿליגן, בייסן זיך אַריין אין כּיליקס פֿלייש. נישט דעם חשבון האָט ער גע־מיינט. וועלכן?

— אַ רוח'ן דיין טריפֿהנער פֿעל אַריין! מיך ווילסטו אָפּבאַרען?

ביידע פֿאַרשטעקן זיי גלאַנציקע גאָמבעס אין די טיפֿע, שוימיקע גלעזער. זייערע אויגן — גלאַנצן מיט חשד.

— שרייב! — באַפֿעלט זיסקינד — פֿאַרצייכן!

— איך בין נישט קיין צייכענער; דו גיב אַהער געלט!

— אַ קרענק!

— אַ וואָס?

הענט האָבן זיך אַרומגעוויקלט אַרום אַ ליטערדיקער פֿלאַש, איינגע־קלאַמערט, ווי אין לעצטן שוצמיטל. גיפֿטיקע בליקן האָבן זיך דורכגע־שטאָכן.

— אַ גרויסער צעליינער, גיב אים געלט...

— אוי, אַ רוח'ן דיין געפּגרט...

— — — פֿון באַזאַר, פֿון הייף און פֿון געסלעך אַרום דער שלאַנ־גענשטראַסע איז מען געלאָפֿן צום רעסטאָראַן „תּל אביב". אַ געהרגעטער! איין ייִד האָט דעם צווייטן דערהרגעט!

אויך פֿון דער רעפּרעזענטאַנץ איז מען געקומען צולויפֿן. זיסקינד „מיט די בעקעלעך", דער פּאַרטייאישער פֿאָרשטייער אין דער רעפּרעזענ־טאַנץ, שטייט אַ צעקנעפּלטער, מיט איבערגעקערטע אויגן. וואָס איז גע־שען? ער האָט דערלאַנגט מיט אַ פֿלאַש איבערן קאָפּ פֿון כּיליקן.

— אַזאַ מסור!

זיסקינד האָט פֿאַרטיידיקט דעם כּבֿוד פֿון די אויסגעוואָרצלטע...

— אזא מערדעריי — הערן זיך קולות פון ווייבער, פון מענער — צו נעמען מיט א פלאַש און צו שפּאַלטן א ייד דעם קאָפּ!

...דער לעצטער חשבון צווישן כיליקן און זיסקינדן אויף דער שלאַנגענשטראָסע.

## יד

פאַרטאָג זענען זיי אָנגעקומען צום אָנגעוויזענעם פּונקט. די גראָזן האָבן געגלאַנצט מיט טויאיקע פּערל, פאַרשפּרייט ארום זיך ריחות פון ער־געץ אַן אויפגייענדיקן געבלי.

דער רומענישער הערש פילט זיך אויפגעלייגט; עס ווילט זיך אים זינגען.

— פאַרשטייט, דער יחיד איז דאָך א גאַנצע וועלט, א וועלטל פאַר זיך — און די איצטיקע וועלט פאַרטאַכלעוועט אזוי דעם יחיד...

— יאָ ,דיין פילאָזאָפיע איז ערשט אויפן פּלאַץ — זאָגט איסר אי־ראַניש און קוקט זיך איין אויף א ווינקל אין צעגרינטן גאָרטן — זע, קוק אהין וועסטו זען ווו עס ליגט דעם יידס צוקונפט.

צונויפגעקנאָדערט, איינער איינגעטוליעט אין איינעם, וועקן זיך פון דרעמל שוויינסהיימער קינדער. די אויפגייענדיקע זון לייכט אויף זייערע פאַרשלאָפענע פּנימלעך, צייכנט א באַחנטן שמייכל ביים ערשטן אויפקום.

— נו, חברה, ווי זיך געשלאָפן?

באַלד קומט די מאַשין, וועט אַלעמען אוועקפירן צום אָנגעצייכנטן פּלאַץ און פון דאָרט — צו דער שיף...

איבערן גראָז זענען פאַנאַנדערגעלייגט געוואָרן פייערלעך, טרוקענע צווייגן האָבן אַרויסגעלאָזט א פרייליך געקנאַל פון אונטער די טשייניקלעך אַפּער.

איצט איז וועוועגעוועגעווען אָנזעעוודיק. ער האָט אַרומגעשמייעט איבערן פּלאַץ, יעדן מיט עפּעס געהאָלפן, געגלעט איבער קינדישע קעפּלעך.

— איך פיל זיך אינדערהיים, רעב איסר.

— יאָ — האָט הערש צעטרייסלט דעם צעקודלטן קאָפּ — א קליין שטיקעלע טעריטאָריע און דאָך ביי זיך. איסר האָט געהאַט רעכט. אויפ־

היטן דעם מענטש אין יחיד. פארשטיי: זיי שיקן טראנספּאָרטן קיין אַמע־ריקע און דערביי צעקוועטשן זיי הונדערטער יחידים... טויזנטער ווערן באַפרייט און הונדערטער ווערן צעריבן...

— אַזוי איז עס — ווייזט וועווע אַרויס זיין צופרידנקייט — דאָ האָט מען ביי מיר גאָרנישט געפרעגט, בלויז געוואָלט אַ באַשטעטיקונג אַז כ'בין אַ ייד. כאַ־כי־כאַ! אַ יידישער סטאָלער. וועל אַרבעטן ביים וואַר־שטאַט, שניידן האָלץ און מאַכן טישן פאַרן קיבוץ... זיי האָבן געלאַכט און געגעבן אַ וויזע. וויפל איז דאָס ווערט געווען, הע, רעב איסר...

— איינגענע ד' אמות, איידער יענעמס פּאַלאַצן.

איסר האָט אָנגענומען אַ ייִנגעלע ביי דער האַנט, אַריינגעקוקט טיף אין זיינע אויגן:

— ווי הייסטו?

— חיימל.

דאָס ייִנגעלע — אַ שטיק פון דער בלאָנדער זון. אַלע האָבן זיך אויס־געזעצט אין אַ ראָד — קרוב צו אַ מנין — געטרונקען טיי פון בלעכענע טעפּלעך. אויף איסרס קני — חיימל.

— פּונקט אַזאַ ייִנגעלע ווי דו האָב איך געהאַט, אשרל האָט ער גע־הייסן...

— מאַמער נישט דאָס קינד — האָט זיך הערש אַ הייב געטאָן פון פּלאַץ — חיים איז צום לעבן און צום געזונט... לאָז אים אָפּ...

איסר האָט איינגעטוליעט זיין פּנים און באָרד אין ייִנגעלעס צעפּלאָ־שעטן קאָפּ.

עס איז אָנגעפאָרן אַ גרויסער אויטאָבוס. איינס און צוויי — מיט יונ־גע, רירעוודיקע באַוועגונגען זענען אַלע אַריינגעשפּרונגען, פאַרנומען פּלע־צער.

„אנו עולים ארצה בשירה ובזמרה" — האָט זיך געטראָגן אַ יונג, קלינגענדיק געזאַנג, זיך איינגעשניטן אין די חורבות פון דער שלאַנגען־שטראַסע.

איסר האָט זיך גענומען צום דאַווענען, צום „אַריינכאַפּן" עפּעס פון

פּאָרנט... דער אויטאָ האָט געקרייציקט די נעכמינער פאַרשלאָפענע גאַסן.
מה טובו אוהליך, יעקב...

— אָ, איצט פאַרשטיי איך שוין דעם טייטש פון דעם פסוק — האָט הערש זיך געטרייסלט אויף דער באַנק, געלאַכט צו איסרן —

— מה טובו אוהליך, יעקב, משכנותיך, ישראל — — —

# הלל־אַנטאָניאָ

א

זיי זיצן ביי צוויי באַזונדערע טישלעך, זופּן קאַווע פֿון פֿאַרצעלייענע טעפּלעך.

דער באַר — אויסגעפֿילט מיט ציגאַרן־רויך, נאַפּט־עיפּוש און אַ געדיכטן טומל, וואָס הייבט זיך פֿונעם פֿאַרשפּיגעלטן דיל ביזן פֿאַרסאַדזשעטן סופֿיט. צענדליקער קולות. איין קול איבערן צווייטן. אַ באָד — אויף דער העכסטער שוויצבאַנק.

זלמן קופּער איז מיד, נישט אָפּראַזירט. די באָרד שטעכט אויף זיינע איינגעפֿאַלענע באַקן. מאַכט אים אַלט, וואַרפֿט אים אַריין, אים, דעם דרייסיקיאָריקן, אין טיפֿער זקנה. ער באַמיט זיך אויפֿצוכאַפּן אַ וואָרט, אַן אות — פֿאַרשטייט ער נישט קיין איטאַליעניש. גוט וואָלט אים איצט געווען, זלמנען, ווען ער געפֿינט דאָ ערגעץ אַ ייִד; האָט מיט וועמען זיך דורכצושמועסן.

נאָרוואָס געקומען פֿון רוים קיין נעאַפּאָל, געזען דעם ים קרייזלען אַרום שטאָט. קוקט אַזוי אויס דער ים? וועט זלמן טאַקע מאָרגן שווימען איבער אים, זען פֿון שיף־דעק די שוימיקע שפּיל פֿון כוואַליעס? יאָ. מאָרגן וועט אים אַ שיף אַוועקפֿירן פֿון איטאַליענישן ברעג, מאָרגן... בלויז נאָך היינטיקע נאַכט איבערשלאָפֿן אויף אַ קאַזאַרמע־בעטל, צעחשבונען זיך מיט פֿאַרגאַנגענעם לעבן.

קאָן מען דאָס פֿאַרגאַנגענע באַצייכענען מיטן וואָרט „לעבן"? אַ מענטש לעבט. לעבט אַ גוסס אויך? יאָרן — אַ מינוט פֿאַרן טויט...

זלמן קופּער פֿאַרקוועטשט די שטעכיקע גאָמבע אויפֿן הייסן פֿאַר־

צעלייענעם ראַנד פון בריענדיקן טעפל. זיינע אויגן — בלויז שלאָף. ווי לאַנג נאָך זיצן דאָ, אינעם טומלדיקן באַר?

טוט ער זיך אַ הייב פון בענקל. זיין אויסזען — אַן אויסגעדרייטע פּאָדלאָגע־שמאַטע. ער וואַרפט אַוועק אויפן טיש אַ געלט־פּאַפּירל. צייט צו גיין.

— איין מינוט — הערט ער אַ קול — איך האָב קליינס; איך וועל שוין צאָלן.

ווער איז דאָס? ווער רעדט עס דאָרט? אָפּגעזעסן קרוב צו אַ שעה און איצט...

זלמן זעט פאַר זיך אַ פּנים — אַ שטיק חשכות, ענלעך צו די שוואַרצע פּנימער אין באַר.

— עמך?

— יאָ און ניין; וואָס איז דען די נפקא מינה; פאַר דער קאַווע צאָל איך... זענט איר אַליין? נישטאָ מער קיין יידן?

פון דער טונקלקייט נעמט זיך אויסשיילן אַ העל פּנים, צוויי בליצנ־דיקע אויגן, אַ שמאָל, קינדעריש מיילעכל — און אויף אַלעם דריקט עפּעס אַ מין פינצטערניש, וואָס...

— דו קוקסט יאָ און נישט אויס ווי אַ ייד, אָבער דו רעדסט אַזאַ היימישן יידיש; ווי אַלט ביזטו, בחור?

— צווישן פופצן און זעכצן.

— און וואָס טוסטו דאָ, אין דעם איטאַליענישן דאָרף?

— באַלד. איר קוקט מיר אויס צו זיין אַ נגיד. פאַר אַ טעפל ברודי־קער קאַווע צאָלט מען ביי אונדז צוואַנציק לירעס און איר האָט אים גע־געבן אַ גאַנצן הונדערטער...

— איז וואָס? נישט קיין אומגליק; עס מאַכט נישט.

— אהאַ, ווי ברייטהאַרציק; ביי מיר איז די לירע גאָר אַ וואַזשנער ענין; ביי מיר, אַז כ'האָב נישט צו באַצאָלן, לייג איך זיך אַוועק אַ טרו־קענער אויפן שטרויזאַק...

זיי זענען אַרויס פון באַר. געגומען שפּאַנען טרעפּ־אַרויף, טרעפּ־אַראָפּ. פון ביידע זייטן געסלעך — בלינדע, אָן־פענצטערדיקע ווענט.

הויך, איבער די ליימיקע דעכלעך — א באשטערנטער הימל, וואס זיין ברעג לאזט זיך אראפ ערגעץ טיף, טיף, גאר טיף, אזש צום ים... ווייט פונדאנען דער ים?

זלמן טאפט־ארום די שטעכיקע באקן. ביידע שפאנען שווייגנדיקע צו דער קאזארמע.

צוויי יידן זיך געטראפען אין א טומלדיקן באר — צוויי אויסגעווארצלטע יידן, וואס יעדער פון זיי איז א וועלט, האט פון זיך צו דערציילן א וועלט מיט איבערלעבענישן. מאדנע. אויך אין פארוואקפענעם העק, ערגעץ ביים ברעג ים, אין אן איטאליעניש דארף — אומעטום געפינט מען א ייד... ווי גוט עס איז צו זיין א ייד! עס ווערט דאך אזוי מחיהדיק אויף דער נשמה... זלמן פילט דאס איצט. ער זאגט דאס אויפן קול. זאל אויך דער בחור, וואס טראכט מסתמא ווי ער — זאל אויך ער זיין צופרידן מיטן דאזיקן צונויפטרעף.

— ניין — האט דאס בלאנדע, צעקנאדערטע יינגל זיך צוגעטוליעט צו זלמנען — ניין, זאג איך: נישט שטענדיק איז גוט צו זיין א ייד...

דאכט זיך, ער וויינט. ווער איז ער און פונוואנען קומט ער אהער? א מאדנער בחור. א געליטענער. זיכער אויף זיינע יינגלשע יארן אויסגעטראגן קאלטס און ווארעמס. איז דען א וואנדער: ארויסגעריסן פון היים, אוועקגעשלעפט פון טאטע־מאמע. איצט...

זלמן איז מיד, פארמאטערט. פילט נישט אויף זיך קיין גאנץ אבר. איז נאך ווייט צו דער קאזארמע? מען דארף גיין גיכער. עס ווערט שפעט. אוי, ווי די פיס ברעכן! בלויז היינטיקע נאכט. מארגן? מארגן וועט זלמן אוועקשווימען, קומען ערגעץ צו א ברעג נאך יארן וואנדערן...

פון ערגעץ נאנט — א טומל, א געשריי פון קינדער. דער שפעטאוונט איינגעהילט אין שווארצן. נאך דער בייטאגיקער היץ איז איצט געווארן קיל, האט א ווינטל צעבלאזן די פארנעקיים. אזוי איז עס ארום ים. אין אנדערע אייראפעאישע לענדער איז איצט, סוף דעצעמבער, ביים־סיק־פראסטיק. דא, ארום נעאפאל, איז בלויז אין די נעכט קיל. דער ווינטער גרייכט נישט קיין איטאליע.

האלב־נאַקעטע קינדער פאַרהילכן די לופט. דער בחור נעמט איילי־קער שפּרייזן. זלמן — נאָך אים.

ביידע שטעלן זיך אָפּ נעבן אַ צעהעלט פענצטער.

— לאָמיר אַריינגיין.

— ווידער קאַווע?

— יאָ — זאָגט דער בלאָנדער בחור און צעוואַרפט זיינע צעקאָדלטע האָר — איך וועל צאָלן.

זלמן פאַרלירט אַ שמייכל. כדאי מיט דעם יינגל צו פאַרברענגען נאָך אַ שעה. אין צווייען — ווערט לייכטער, ווערט פרייליכער אויפן געמיט. און אפשר וועט ער גאָר קענען מיט עפּעס העלפן אים, דעם פאַרוויינטן, הפקרדיקן יינגל.

אין דעם קאַפעהויז איז רואיקער. איטאַליענער שפּילן אין דאָמינאָ. ביידע פאַרנעמען אַ טישל. זלמן הייסט באַשטעלן ביר און צוביסן. דאָס יינגל רופט צו דעם קעלנער, רעדט צו אים אין אַ פליסיקן איטאַליעניש. פונ־וואַנען קען ער די שפּראַך? וואָס־לענגער זלמן פאַרברענגט מיט דעם טשעקאַווען יינגל, אַלץ מער וווּנדער איז ער פאַר אים.

— זאָג מיר: ווער ביזטו, ווי הייסטו, פונוואַנען קומסטו? — זלמן האָט געשטעלט די פראַגעס מיט איין אָטעם, אַריינגעקוקט אינעם שמאָלן יינגלשן פּנימל, געוואָלט פון דאָרט אַרויסלייענען אַ באַהאַלטענעם סוד.

און דאָס יינגל — נישט אים מיינט מען — ער קנאַקט די ציין אי־בער ווייסע זעמל, פאַרטרינקט מיט ביר. יעדע ווײַלע פאַרקוועטשט ער זיינע שמאָלע פינגער צווישן די האָרקודלעס, רייסט מיט נעגל אויפן שאַרבן.

— מיין נאָמען? מיין טאַטע האָט מיך גערופן הלל.

אייליק האָט ער אָפּגעריייניקט דעם טיש. גערופן דעם קעלנער און גע־הייסן דערלאַנגען נאָך. אַ ווילדקייט האָט זיך געפילט אין זיין עסן, אין זיינע באַוועגונגען. ער האָט געגעסן אומרואיק, געוואָרפן אַרום זיך צע־שראָקענע בליקן, גלייך אימעצער וואָלט געשטאַנען איבער אים, געטריבן.

— וואָס איילסטו זיך אַזוי, הלל — האָט זלמן אויסגעצויגן זיין ביינערדיק פּנים — ווער יאָגט דיך דען, הלל?

— נישט הלל! — האָט דאָס ייִנגל אָפּגערוקט די אויסגעלייִדיקטע פלאַש — שוין צייט צו גיין.

גייסטיק־צערודערט? אָן חידוש: אַ קינד — אויסגעוואָרצלט פון נאָנטע, פון היימישע, וואַלגערט זיך איבער דער וועלט. איז אפשר גלייכער צו שווייגן, מער נישט צו שטעלן קיין שאלות. ווי האָט איצט זלמן כוח אויסצוטראָגן אויך יענעמס צרות. אַליין אַ צעלאָמיעטער, קוים וואָס ער פילט זיך...

איבערן וועג איז הלל געוואָרן באַרעדעוודיק. איצט האָט ער מער נישט געוואַרט, זלמן זאָל אים פרעגן. ער האָט בלויז מבטיח געווען: אין באַראַק וועט ער אַלץ דערציילן, אַ וואָרט נישט אויסבאַהאַלטן. אדרבא. שוין חדשים וואָס ער וואַרט, אַ ייִד זאָל קומען אַהער, אַן אייגענער, מיט וועמען זיך אַן עצה צו האַלטן, צו בעטן הילף.

— מיין נאָמען, האָט איר געוואָלט וויסן? האָב איך דאָך אייך געענטפערט, אַז דער טאַטע מייַנער האָט מיך גערופן הלל ווען כ׳בין געווען אַ גאָר־קליין ייִנגעלע; איצט, אַז כ׳האָב נישט דעם טאַטן, נישט דער מאַמען און קיינעם נישט, רופט מען מיך אַנטאָניאָ, האָט מען מיר געגעבן אַן איטאַליעניש נאָמען. פאַרוואָס — ווילט איר זיכער וויסן? יאָ, באַלד וועט איר אַלץ וויסן...

הללן נעמט שטיקן אַ געוויין. פונווייטן זעען זיך די ערשטע ליכטער פון דער לאַגער־קאַזאַרמע.

אַ זאַמדיקער וועג. ווייטע, טונקעלע קאָנטורן שיילן זיך אַרויס פון דער פאָרטזאָנגע, פון איינצלנע ציגלנע געביידעס, פון קלויסטער־קופּאָל, וואָס שטעקט מיט זיין צלם טיף אין די וואָלקנס.

צו דער זייט פון קלויסטער איז איצט אויסגעשטרעקט הללס האַנט. דאָרט אַהין איז געווענדט זיין בליק. וועמען זוכט ער דאָרט? איז דאָס דער וועג צו דער קאַזאַרמע?

פון זאַמדברוק נעמט זיך הייבן אַ שטויב. אַן אויטאָ גליטשט זיך. אַרום אים און אויף אים — קינדער, מיט געשריי און געפּילדער: די אייגענע קינדער וואָס האָבן פריער גערוישט, פאַרקוויטשעט דעם הלל.

— ווער פאָרט אין אויטאָ און ווער זענען די קינדער, וואָס קלעפּן

ארום אים? — האָט זלמן אָנגעקוקט הלל'ן, געפילט ווי דאָס יינגל ציטערט, פארגייט אין געוויין.

— דאָס איז דער... דאָרפישער גלח — האָט הלל געענטפערט א בליפּענדיקער — דער פּאָטער פון... אלע פארלאָזטע אין דאָרף...

און די קינדער? דאָס באַקומען זיי יעדן אָוונט פון אים צוגעטיילט אייניקע לירעס.

דעם גלחס וועג פירט צו דער קאַזאַרמע. זיין אויטאָ פארהאלט זיך דאָרט א ווייל. ער פרעגט זיך נאָך אויפן געזונט פון די אויסגעוואָרצלטע, זאָגט, מיט וועמען ער דאַרף, ווידוי, גיט עצות, שענקט רפואות און מיט א ברכה פאר אלע — צוריק איבערן זעלביקן וועג.

הלל האָט גענומען נאָכאיילן דעם גלחס אויטאָ, געלאָפן, ווי פון אימעצן געיאָגט.

— וואָס איילסטו אזוי — איז זלמן טשעקאווע צו וויסן — אָט, זעגען מיר דאָך שוין אָנגעקומען?!

— איך מוז... שוין זיין... אין באַראַק... שוין...

פון יינגלס געוויין האָט זיך פאר זלמנען ארויסגעשיילט די טראַגעדיע פון הונדערטער יידישע קינדער, פארפלאָנטערטע אינעם העסלעכן געוועב פון פּיין און אומקום.

אליין דורכגעמאַכט דאָס ערגסטע, וואָס פאר אַן אויסגעוואָרצלטן איז געוואָרן צוגעגרייט אין יאָרן פון רשעות. איצט? ווארעמט זיך אין זיין טאַש א וויזירטער פּאַס, א חתימה, וואָס גיט אים, זלמנען, די דערלויבענישט צו געפינען ערגעץ אין דער שלעכטער וועלט א מקום־מנוחה, — איצט, איין נאַכט פארן איינשטייגן אין שיף — האָט אים דער בייזער גורל צוגעשיקט דעם הלל, א יינגל, וואָס וואלגערט זיך אין אַן איטאַליעניש דאָרף מיט א נאָמען אַנטאָניאָ, שרעקט זיך פארן קלויסטער, פארן גלח...

טפו זאָל'ס ווערן... צו אלדע בייזע רוחות!

ב

א קאַזאַרמע הינטער נעאַפּאָל, פארשטעקט צווישןביימער און בערג,

— געווען דאָס אייגנטום פון דוטשעם חיילות; פונדאַנען זענען מושטירטע סאָלדאַטן געשיקט געוואָרן צום נעאַפּאָלער פּאָרט און פון דאָרט...

איצט געהער שוין דאָס צו פאַרגאַנגענהייט.

איצט ווערן אין דער דאָזיקער קאַזאַרמע צונויפגעזאַמלט אויסגע־וואָרצלטע; דאָ ווערן דורכגעפירט לעצטע פאָרמאַליטעטן; פונדאַנען שיקט מען היימלאָזע אַוועק, מיט שיפן אַוועק איבער דער גאַנצער וועלט. אַלץ ווערט דאָ געמאַכט גיך. דער לעצטער וועג. אָן שום צערעמאָניעס. אַ דורכגאַנגפּונקט. דאָ אַהער קומען בלויז „וויזירטע”, אַזעלכע, וואָס האָבן שוין פון קאָנסול באַקומען די חתימה, די דערלויבעניש אַריינצוקומען אין זיין לאַנד. בלייבט בלויז דאָס לעצטע: אַן איינשפּריצונג קעגן דער שיפּחולאַת; אַ קאָלעקטיווע שיפקאַרטע און — אַן אויסגעוואָרצלטער ווינ־ציקער...

דער לאַגער טראָגט אַן אינטערנאַציאָנאַלן נאָמען, — אויך פאַר יידישע פּליטים. געציילטע יידן ווערן געברענגט אַהער, יחידים, איינער צי צוויי אין חודש. איבער יעדן — די זעלביקע פּראָצעדור: אַן אַלגעמיינע רשימה; איין טראַנספּאָרט פאַר אַלע; אַוועקגעפירט צום פּאָרט.

אַנדערש איז עס אָבער צוגעגאַנגען מיטן פּאַסאַזשיר הלל וורצעל. ער איז געקומען אין קאַזאַרמע מיט אַ פּאַס און אויף אים — די חתימה פון באָליוויאַנישן קאָנסול אין רוים. האָט מען ביי אים צוגענומען דעם פּאַס און אָפּגעלייגט זיין נסיעה פון איין וואָך צו דער צווייטער.

עפּעס האָט איינער אַ באַאַמטער געוואָרפן אויף אים „אַן אויג”, אַ שלעכט אויג, לאָזט אים נישט אַרויס פון לאַגער. וואָס האָט ער צו אים, הלל? געהערן דען ניט צו אים, דעם יידישן יינגל, די זעלביקע רעכט וואָס אוקראַינער, רוסן און פּאָלאַקן באַקומען? נאָר שריי און רוף — גאָרנישט: שוין באַלד זעקס חדשים זיצט ער דאָ...

און במשך דער צייט האָט מען הלל געגרופן פּילמאָל אין קאַנצע־לאַריע, מיט אים געשמועסט, דווקא געוואָלט, ר׳זאָל מבטל מאַכן זיינע פּלענער...

וואָס דען זאָל ער טאָן?

וואַרט ער און וואַרט. זיין ענין וועט דאָך מוזן אַרויסשווימען.

געשיקט געוואָרן אהער פון רוים, ווו הלל איז געווען תושב במשך די לעצטע יאָרן.

לייכט צו זאָגן: „תושב"...

איצט איז הלל ארום די זעכצן. מיט צען יאָר צוריק זענען טאַטע־מאַמע אנטלאָפן פון פּוילישן שטעטל, געלאָפן, געזוכט צו ראַטעווען זיך און דעם זון פון די נאַצים. האָבן זיי געגרייכט קיין פּאַריז. און דערנאָך זענען די נאַצים אריין קיין פּאַריז. דאַן איז דער קליינער הלל אַריבערגעשיקט געוואָרן קיין איטאַליע צוזאַמען מיט נאָך יידישע קינדער. און אזוי איז ער פאַרבליבן אין רוים. געבענקט צו טאַטע־מאַמע, געוויינט און לסוף — שלום געמאַכט מיטן גורל.

פאַרענדיקט די מלחמה אין איטאַליע, נעמט הלל וואַנדערן פון שטאָט צו שטאָט: ווו געגעכטיקט נישט געטאָגט; איבער וואָקזאַלן, געבעטלט, געוואָרן איינער פון א סך — אָפּגעריסענע, היימלאָזע קינדער. הלל איז אריינגעוואַקסן אין דער איטאַליענישער סביבה — אַן איטאַליענער אין לשון און מאַניערן, — אָבער זיין יידישן אָפּשטאַם לאָזט מען אים נישט פאַרגעסן. דערין האָבן אים שטענדיק דערמאָנט זיינע חברימלעך, די אויסגעוואָרצלטע איטאַליענישע קינדער, וואָס האָבן צוזאַמען מיט הללן געוואַנדערט איבער איטאַליעס שטעט.

ער האָט געלעבט זייער לעבן: געשלאָפן אונטערן בריק, גערייכערט פון צונויפגעקליבענע אוועקגעוואָרפענע פּאַפּיראָסן, געשאָלטן „אין די וויטע דורות" אויף איטאַליעניש — מען האָט כסדר זיך געמאַכט לוסטיק איבער זיינע בלאָנדע האָר:

— א „ביאַנקאָ" איז נישט קיין בלוטגעבוירענער פון איטאַליע...

און הלל האָט נישט געפּרווט פאַרלייקענען זיין ייד אין אים. נישט ער און נישט זיינע חברים האָבן געוווסט אונטערצושיידן פון ייד ביז איטאַליענער. בלויז א שפּיל אזא געווען, וואָס הללן האָט מען גערופן „ביאַנקאָ".

און דווקא דער דאָזיקער צונאָמען איז אים אריין טיף אין נשמה, אים געמאַכט דערמאָנען, אז ר'איז א ייד, האָט געהאַט יידישע טאַטע־מאַמע.

לסוף האָט ער זיך ארומגעזען: איבערגעריסן זיין וואנדערלעבן. אוועק פון די נישט־יידישע חברים.

אין רוים — זיך אויפגעהאלטן אין א יידיש קינדער־היים, אָבער נישט לאנג. עס האָט אים ווידער גענומען ציען צו דער גאַס. געוואָרן איי־נער פון די, וואָס מען באַצייכנט זיי — גאַסניונגען. א גאַסניונג איז ער געוואָרן, דער פופצניאָריקער הלל. געלעבט פון „האַנט צום מויל" — זיך פאַרנומען מיט גנבות. ער האָט געגנבעט וואָס עס איז געקומען אונטער דער האַנט, אזוי לאַנג, ביז — מען האָט אים ארייַנגעפאַקט אין „חד גדיא"...

דאָרט, א מין אויסבעסערונגהויז, — געמאַכט מיט זיך דעם חשבון און געקומען צום אויספיר: נישט פאַרשעמען טאַטע־מאַמעס אָנדענק; מער נישט גיין אויפן שלעכטן וועג; ווערן א לייט.

זיך אָפּגעמאַטערט חדשים, ארויס אויף דער פריי — האָט די וועלט צו אים א שיין געטאָן מיט ראָזע פאַרבן, און ווידער נישט אויף לאַנג.

ער איז אוועק אין דער יידישער עמיגראַציע־ביוראָ, זיך פאַרשריבן אויסצוּוואַנדערן ערגעץ אין א לאַנד — האָט אים דער קאָנסול נישט גע־וואָלט געבן די וויזע: זיין נאָמען געפינט זיך אויף א „שוואַרצער ליס־טע"... גנבים לאָזט מען נישט אַריין אין קיין שום לאַנד...

אָבער דאָס מזל האָט אים ווידער צוגעשפּילט: פאַר א ביסל לירעס באַקומען א פּאַס מיט א וויזע צו פאָרן קיין באָליוויע...

און אָט אזוי, אָנגעפילט מיט ביטערניש צו זיין אויסגעוואָרצלטקייט, מיט פרייד צו קענען זיך ערגעץ איינאָרדענען — איז הלל וורצעל גע־קומען אינעם דורכגאַנגלאַגער, אריבערגעשפּאַנט די שוועל פון דער לאַ־נער־קאָנצעלאַריע, אוועקגעגעבן מיט גרויס האָפענונג דעם פּאַס מיט דער וויזע: „שיקט מיך אוועק קיין באָליוויע!"...

דאָס איז די געשיכטע, וואָס דער קליינער הלל האָט דורכגעמאַכט ביז צו זיין אָנקומען אין קאַזאַרמע; אזוי וואַרט ער שוין דאָ, דער קרוב זעכצניאָריקער, וואָכן און חדשים; הונדערטער זענען פאַר זיין צייט פון לאַגער געוואָרן אוועקגעפירט צו פאַרשידענע שיפן, לאַנג פאַרגעסן אָן זייער אויסגעוואָרצלטקייט, — אויף אים האָט דער קאַנצעלאַריע־באַאַמ־

טער געוואָרפן „אָן אויג": הלל לאָזט ער נישט ארויס פון לאַגער...

וואָלט ער נישט געווען ביי זיך אַזוי געפאַלן, אַזוי דערשלאָגן, אַזוי מוטלאָז, אָהאָ! — וואָלט ער געבראָכן טירן און פענצטער, געפאָדערט זיין רעכט: „אייך געברענגט אַ וויזירטן פּאַס? גיט אהער אַ שיפסקאַרטע!"

הלל האָט שוין אפילו געהאַט אויפן געדאַנק דאָס אַנטלויפן פון לאַ־גער, פון איטאַליענישן דאָרף, פון נעאַפּאָלער פּאָרט — צוריקלויפן קיין רוים און דאָרט זוכן שוץ, פאָדערן יושר, — האָט ער דאָך נישט קיין שום דאָקומענט, קיין שום פּאַפּירל, וואָס זאָל באַשטעטיקן זיין נאָמען, אַז דאָס איז ער טאַקע, דער אומגליקלעכער הלל וורצעל! און אַז מ׳וועט אים אויפן וועג אַרעסטירן, אַוועקשיקן ערגעץ... וואָס וועט זיין דאַן? ווער וועט אים אויסלייזן?

ער וועט עס נישט איבערהאַלטן. ער וועט נאָך אָפּטאָן מיט זיך עפּעס אַ מעשה. ווי איז מען אַזוי אכזריותדיק צו אַ היימלאָז יינגל? אין קאַ־זאַרמע מעג מען זיצן בלויז ביז איין וואָך — און אים האַלט מען שוין אויפן לאַגער־בעטל קרוב צו זעקס חדשים!

אָבער אין דער געשיכטע פון זיין אָנקומען און זיצן אין קאַ־זאַרמע, רוקט זיך אריין נאָך איין געשיכטע, וועלכע מאַכט טשעקאַווע הללס ענין ביז גאָר: צווישן האָט מען אים גערופן אין קאַנצעלאַריע.

האָבן זיינע ווייסע אויגן דאַן אויפגעלויכטן — העלע, צאַפּלדיקע ליכטלעך, די האָר — צעפּלאַשעט גאָלד: —

דער קאַנצעלאַריע־באַאַמטער רוקט אים אונטער אַ בענקל, קוקט אויף אים מיט רחמנותפולע בליקן. ער מישט אין פּאַפּירן, איז פאַרגראָבן אין אַ באַרג דאָקומענטן.

אין אַ ווינקל זיצט דער דאָרפישער גלח. מסתמא דאַרף ער דאָ עפּעס דערליידיקן. נאָך הללן וועט קומען זיין ריי.

נעמט דער גלח און רוקט זיך צו נענטער צום טיש: ער „וועט נישט שטערן?" דער באַאַמטער צעשאָקלט דעם קאָפּ אויף ניין — ער וועט נישט שטערן. דאַן שטרעקט דער „פּאָטער" אויס אַ ווייכע האַנט צו הללן — ווייך ווי זיין פּנים און אויסזען. הלל נעמט פילן אַ דריגען איבערן לייב, אַ טרייסלען אין דיביינער.

און איצט איז עס פאַרגעקומען:

דער באַאַמטער בייגט זיך צו נענטער צו הללן, קוקט אויף אים מיט א ווייס, פריש־אַרומראַזירט פנים, לאָזט אַריין אין אים זיין אָטעם: „דער ענין הלל וווּרצעל איז אַן אָפּגעוואָרפענער, א באַזייטיקטער, אַן אַרויסגענומענער פון דער קאַרטאָטעק... א פאַלשער פּאַס, א פאַלשע וויזע... דאָ ווייס מען אַלץ"... וואָס? וואָס האָט ער געזאָגט? א שפּיי טאָן אין פּרצוף, א כראָקע אין צורה — — — הלל איז שוין גרייט דאָס צו טאָן...

אָבער דער באַאַמטער רעדט צו אים זייער צערטלעך, גלעט אויף זיינע איינגעפאַלענע באַקן מיט ליבלעכע, מיט רחמנותפולע ווערטער. הלל נעמט זיך בארואיקן. גאָר מעגלעך, אַז טאַקע דאָרט, אין רוים, האָט דער „מאַכער" ביי אים צוגענומען די לעצטע לירעס, אים אָפּגענאַרט...

איצט וועט ער פאַרענדיקן מיט זיך, פאַרעקן מיט זיין לעבן!

טרערן קייקלען זיך איבער הללס באַקן. ער צעהעשעט זיך אויפן קול. א ווײַלע שטיל. מען שטערט נישט זיין וויינען, זיין טרייסלען מיט די שמאָלע אַקסלען.

בלויז דער גלח נעמט זיך באַוועגן אויפן געזעס. איצט איז געקומען זיין צייט. איצט דאַרף ער אויספירן די ראָל, צו וועלכער דער הייליקער גורל האָט אים באַשטימט. נעמט ער גלעטן איבער הללס ווייסע האָר, איבער זיינע לאַנגע, ווייסע פינגער: גאָט וועט העלפן. און גאָט העלפט טאַקע. ער שיקט זיין הילף דורך אים, דורך דער גוטער האַנט פון דאָרפישן גלח. דער „פּאָטער פון די פּאַרלאָזטע" רופט מען אים דאָ. אַלע ווייסן דאָס. און זאָל דאָס אויך הלל וויסן. ער העלפט אַלעמען — אַלע אויסגעוואָרצלטע פון זייערע היימען, פרומע קינדער פון קריסטלעכן גלויבן...

דער פּלאַן איז שוין דאָן געווען א צונויפגעשטעלטער אין קאַנצעלאַריע:

הללס פנים האָט אַלע סימנים פון צערטלעכקייט, יענע אײדעלע שטריכן, מיט וועלכע עס צייכענען זיך ספּעציעל אויס די דאָזיקע קינדער, וואָס ווערן אָנגערופן אין אַמעריקע — „אַלטאַר באָי" — — — — אויף

איטאַליעניש קלינגט עם היימישער, פאַרשטענדלעכער — „מאָנאַ־גיליאָ״...

... אויסלייזן אַ נשמה פון פּיין; ברענגען הלל צווישן די ווענט פון דאַרפישן קלויסטער.

דער גלח האָט אוועקגעלייגט אויפן טיש אַ פּעקל מיט לירעס, געזאָגט צום באַאמטן, אַז דאָס געלט געהער צו הלל: „ווען ער וועט נאָר בעטן״. ער האָט זיך איינגעקוקט אין יינגלס פּנים. דער קליינער זיצט אַ שטייפער, בליקט פאַרגליווערט צום דרויסן. ער טראַכט: מען זאָל אים נאָר פון לאַגער נישט אַרויסוואַרפן; ווייטער וועט ער נעמען זוכן אַן עצה. דער גלח? יאָ. עפּעס האָט ער געזאָגט וועגן געלט, דערמאָנט הללס נאָמען, צו־געזאָגט זיין גרייטקייט צו העלפן... ער האָט זיך אונטערגעהויבן פון בענקל, זיך אָנגעשטויסן מיטן גלחס בליק, פאַרלאָזט די קאַנצעלאַריע אָן אַ „זיי געזונט״.

אין זיין יונגן מוח עגבערן פאַרשידענע מחשבות:

איז נישט די גאַנצע געשיכטע אַ חוזק־שפּיל, אַ קאָמעדיע? ווייסן זיי דען נישט, אַז הללס נאָמען וועט אייביק בלייבן הלל און ניט — אַנטאָניאָ?

אין זיינע יאָרן קאָן שוין הלל אליין געניי צעקייען אַן ענין, פאַר־שטיין — וואָס עס טויג יאָ און וואָס עס טויג נישט.

פאַרלאָזן דעם לאַגער, פאָרן ערגעץ צווישן נאָרמאַלע מענשן — — — מיט אַ קאַטוילישער וויזע, אויפן נאָמען פון אַ קריסטלעכן אַנטאָניאָ?... פאַרלייקענען דעם אייגענעם שטאַם, דעם אייגענעם נאָמען, די אייגענע טאַטע־מאַמע, — ווי מעג מען דאָס און ווי מאַכט מען דאָס?!

מען מעג טאַקע נישט, אָבער... הלל האָט עס געמאַכט... ער האָט זיך געפּייניקט וואָכן מיט זיינע טרויעריקע מחשבות און — זיך גענומען אַריינפּאַסן אין זיין נייער ראָל: געטראָגן אין בוזעם דאָס קאַטוילישע פּאַפּירל, אין וועלכן ס׳איז געווען געשריבן פּינקטלעך און גענוי: „אַנ־טאָניאָ, אַן אויסגעוואָרצלט קינד, אָן אַ היים, האָט געפונען זיין רופלאַץ אין קלויסטער פון הייליקן אַנטאָניאָ; דער טויפשיין געחתמעט״...

הלל... אנטאָניאָ... אַן „אַלטאַר באָי"... אַ „מאַנאַגיליאַ" אין דאָרפישן קלויסטער...

אַ ווייס העמדעלע, צוויי ליכט. — ווי זיין פּנים פּאַסט זיך אריין צווישן די קלויסטער־הייליקע...

אנטאָניאָ ווארט אויף עפּעס אַ נס. זיינע מחשבות פּייניקן אים, האַלטן אים כסדר אין קלעם: איז דען פאַראַן אַ כוח, וואָס זאָל אים צווינגען צו גיין אין קלויסטער אריין! — — —

יעדן טאָג שפּאַנט ער אוועק צום באַאַמטן אין קאַנצעלאַריע, נעמט זיין חלק לירעס וואָס דער גלח האָט איבערגעלאָזט. אזוי וואָכן.

און ווען איינמאָל האָט אים דער באַאַמטער זייער ליבלעך און מיט געציילטע ווערטער געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זיין פּלאַץ איז שוין, אייגנטלעך, נישט מער אין קאַזאַרמע, אויפן לאַגער־בעטל; אַז זיין פּלאַץ, אַנטאָניאָס, דאַרף זיך גאָר געפינען אויפן ריכטיקן פּלאַץ: ביים טויפּפּאַטער אין קלויסטער, — איז דאַן הלל־אַנטאָניאָס פּנים געוואָרן אָנגעפּילט מיט צאָרן, מיט יענעם צאָרן, וואָס נאָר אַ באַשפּיגענער איז בכוח פון זיך אַרויסצולאָזן:

„איך בין אַן אויסלענדער, זאָל זיין פון קאַטוילישן גלויבן — וועט איר דאָס אָפּלייקענען? פאַרוואָס שיקט איר נישט די רוסן און אוקראַינער צום גלח! אין קלויסטער אריין, זאָגט איר? און פאַרוואָס טויג נישט דער קאַזאַרמע־קלויסטער? !"

אין זיין ירגזון האָט זיך דאַן געפילט אומבאַהאָלפנקייט, נאַיוויטעט פון אַן איבערגעוואַקסן קינד, בעת דער טאַטע זאָגט עם מוסר. ער האָט נאָך אַלץ נישט געוואָלט פאַרשטיין, אַז איצט וועלן נישט האָבן קיין פּעולה סתם־ווערטער: הלל האָט באַוויליקט זיך אָפּצושמדן, באַוויליקט דורכצומאַכן אַ שמד־צערעמאָניע מיט ברענענדיקע ליכט און מיט תפילות, באַוויליקט אָנצונעמען די פאָרגעלייגטע אַרבעט אין דאָרפישן קלויסטער, צו ווערן דאָרט אַ געהילף ביים גלח — אַ מאַנאַגיליאָ... — וואָסזשע שטעלט ער זיך קעגן? וואָס וועלן אים העלפן זיינע בייזע רייד?

ביז זיין לעצטן דורכשמועס מיטן באַאַמטן:

אויף אַנטאָניאָן האָבן זיך אויסגעגלייכט די פּלייצעס. ער שפּאַנט

איבערן לאַגער מיט גלייכע טריט. זיינע באַקן — אויסגעפּילט, באַקומען גריבעלעך און אַ ראָזע פאַרב, וואָס דאָס אַלץ פּאַסט זיך אַריין אינעם אויסזען פון אַ באַחנטן, האַלב־שטיפערישן בחור.

אויך די לאַגער־אָנפירונג האָט גענומען קוקן אויף אים אַנדערש. דער נאָמען „זשידאָק" איז שוין לאַנג פאַרשוווּנדן, אַראָפּ פון די ליפּן, אויפגעהערט ביי די כלעריליי אויסגעוואָרצלטע צו זיין דער ביינאָמען פונעם יידישן יינגל הלל. „אַנטאָניאָ" קלינגט שיין, האָט אפילו דעם געהעריקן אָפּקלאַנג צווישן די קאַזאַרמע ווענט...

אַנטאָניאָ איז געשלאָפן אויף איינעם פון די בעסטע לאַגער־בעטן, באַקומען עסן פון ערשטן קעסל, — אַזוי האָט די קאַנצעלאַריע באַפוילן.

אָבער ווי לאַנג קאָן מען זיין אַזוי חשובדיק אין אַ קאַזאַרמע? ווי לאַנג קאָן אַזאַ אַנטאָניאָ ווערן געצערטלט אין אַ דורכגאַנגלאַגער, וואָס זיין איינציקער וועג פירט בלויז — צו דער שיף?!

יאָ. הלל־אַנטאָניאָ איז אַזוי לאַנג געוועזן דאָס געצערטלטע קינד אין לאַגער, ביז דער באַאַמטער האָט גענומען פאַרקלענערן זיינע געלט־פאַרציעס, אַזוי לאַנג, ביז נאָך דעם לעצטן שמועס, וואָס אַנטאָניאָ האָט געהאַט אין קאַנצעלאַריע, אַ שמועס, פון וועלכן עס האָט זיך אַרויסגעהערט בייזקייט, חוצפּה און ציניזם. בלויז אַ ייד קאָן זיין אַזוי אומדאַנקבאַר! — זיך געלאָזט קאָרמען מיט קלויסטער־געלט... איצט — שפּריצט עס פון אים מיט חוצפּה!...

— וואָסזשע וועט זיין דער סוף פון דער דאָזיקער בייזער שפּיל? — דאָס האָבן אַלע געפרעגט, אויך אַנטאָניאָ.

ביז די שעה האָט אַרויסגעפּלאַצט (הלל האָט זיך במחשבה געגרייט דערצו):

נאָך אַ טאָג אַרומפּלאָנטערן איבערן דאָרף, איבערן לאַגער, איז ער ווי שטענדיק געקומען אין באַראַק, גרייט געוועזן צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ, זיין בעטל, — איז שוין דערויף געזעסן אַ צווייטער, זיך געגרייט צום שלאָפן לייגן. לויט אַ באַפעל פון באַראַק־אויפזעער, איז נישטאָ מער קיין פּלאַץ פאַר אים; אַלע בעטן זענען פאַרנומען; היינט איז געקומען אַ נייער טראַנספּאָרט אין לאַגער, וואָס דאַרף געגרייט ווערן צום אָפּפאָר...

אַט אזוי האָט זיך פאַרן קליינעם משומד, דעם געצערטלטן אין קאַ־זאַרמע, אָנגעהויבן אַ נייער נע־ונד, אַן ארומבלאָנקען צווישן ווענט פון דער גרויסער, טומלדיקער קאַזאַרמע . . .

הלל האָט אויסגעוויינט אין די ווינקלען זיינע טעג און נעכט, גע־וואַרט אויף דער שעה צו קאָנען אַפּטאָן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אויפ־טרייסלען, צעטרייסלען דעם גאַנצן ארום צוזאַמען מיט אים — — —

ג

— — — אַן אויסטערלישע און מאָדנע געשיכטע.

זלמן קופער זיצט אויף זיין צוגעטיילט בעטל, נעבן אים — הלל־אַנטאָניאָ. אין באַראַק — אַ יאַריד, אַ געלויף און געטומל. מאָרגן גייט־אָפּ אַ שיף פון פאָרט. ווידער וועט דער באַראַק ווערן אויסגעליידיקט; ווי־דער וועט הלל ארומבלאָנקען צווישן די לאַגער־ווענט — אַן אויסגעשפּי־גענער און באַשפּיגענער.

בעת דאָס יינגל האָט דערציילט זיין געשיכטע פאַר זלמנען, האָט אים קופער געקוקט אין די אויגן, געוואָלט פון דאָרט ארויסלייענען: וויפל אמת און וויפל פאַנטאַזיע עס געפינט זיך אין זיין דערציילן. ווי איז דאָס מעגלעך ? ווי האָט גאָר אַזוינס געקאָנט געשען ?

וואָס לענגער ער האָט זיך איינגעהערט; וואָס טיפער זיך איינגעקוקט אין אַנטאָניאָס טויפפּאַפּירן, — האָבן די ספיקות געהאַלטן אין צעשוו־מען. בלויז קשה איז זלמנען געווען: פאַרוואָס האָט הלל לכתחילה מסכים געווען זיך אָפּצושמדן ? פאַרוואָס איז ער נישט אַנטלאָפן פון קאַזאַרמע, נישט געלאָפן ערגעץ צו יידן, בעטן, מ'זאָל אים ארויסשלעפּן פון דער נעץ?

אַ וואַגאַבונד, וואָס האָט פאַרדינט מיט אַ בייטש איבערן לייב . . .

וואָלט איצט הלל נישט ארויסגעוויזן זיין אויפריכטיקע חרטה, נישט געבעטן ביי זלמנען, ער זאָל אים העלפן, עפּעס טאָן פאַר אים, וואָלט ער אים אַט גלייך פאַרטריבן פון זיך, נישט געוואָלט אים האָבן אין זיינע ד' אמות. אָפּגעטאָן מיט פאַרשטאַנד, מיט אייגענעם ווילן, וועט זיין מיט אַ ייד ווינציקער אויף דער איצטיקער וועלט . . . אַזויפיל אומגעקומען — נאָך איינער . . .

אָבער הלל האָט אַרויסגעגאָסן פון זיך די פאַרביטערטקייט, געוויינט א פעליקע נאַכט, נישט געלאָזט זלמנען במנוחה.

„ט'האָסטו א באַגעגעניש אויפן וואַנדערוועג!" — האָט ביי קור־פערן געגומען איינדאַרן דער מוח.

וואָס וויל ער דען פון אים?

הלל וויל, זלמן זאָל עפּעס טאָן: זאָל אָפּשרעקן זיי דאָרט, אין קאַנצעלאַריע, וואָרענען, אַז ער וועט אַלץ דערציילן אין דער וועלט, פּינקטלעך דערציילן, ווי ערלעך עס אַרבעט אַן אַדמיניסטראַציע אין אַן אינטערנאַציאָנאַלן פּליטים־לאַגער...

ניין. זלמן וועט דאָס איצט נישט טאָן. דאָ מוז ער שווייגן. פריער אַרויסבאַקומען זיינע פּאַפּירן, זיצן אין שיף. שפּעטער — אפשר יאָ. איצט — גאָרנישט. ער וויל נישט פאַרשפּילן זיין וויזירטן פּאַס...

— ניין! — האָט ער זיך געפּרוווט אָפּטרייסלען — איך קען דיך נישט און וויל דיך נישט קענען; וועסט מיר נאָך צעשטערן מיין אָפּפאָרן פונדאַנען; גיי אַליין און טו אַליין, ווי דו האָסט פריער געטאָן...

— אָבער איך האָב געמיינט — האָט הלל נישט געקענט פאַרהאַלטן די טרערן — איך בין געווען זיכער, אַז זיי וועלן מיר געבן א וויזע...

דער אוויר — א שטיקנדיקער, אָנגעפּילט מיט א געדיכטן שנאָרכן, א כראָפּען, אויסגעמישט מיט געלעכטער. מען שלאָפט אויף קאַסטנס און פּעק. א וואָקזאַל. ווער עס שפּילט אין קאָרטן, ווער — עס לאַכט אַריין אין די הירזשענדיקע באַקן פון א מויד. געלעכטער און געכראָפּ פּילט אויס דעם באַראַק. באַלד וועט דער לאַגער־גלאָק זיך צעקלונגען, רופן די אויסגעוואָרצלטע צום דורכפירן די לעצטע הכנות ערב דעם איינזיצן אין שיף.

סוף־דעצעמבער. אין קאַנצעלאַריע גרייט מען זיך אָפּצורייניקן דעם לאַגער, אַוועקצושיקן דעם לעצטן טראַנספּאָרט. א באַפעל איז אָנגעקומען, צו שליסן די קאַזאַרמע אויף ניי־יאָר. שוין אויסגענוצט אַלע מעגלעכקייטן פון באַקומען וויזעס. ביז־איצט האָבן קאָנסולן געלייגט צענדליקער חתימות א טאָג; איצט ווערט שוואַכער, ווערט ווינציקער מיט אַריינפאָר־דערלויבענישן. אַמעריקע האָט שוין פאַרענדיקט איר פּליטים־קוואָטע. אויך אַנדערע לענדער האָבן שוין גענוג אַריינגעלאָזט צו זיך... קליינע גרופּ־

קעם פאָרן נאָך קיין לאַטיינאַמעריקע. די לעצטע שיף פון היי־יאָר גייט מאָרגן, סוף־דעצעמבער, צום עקוואַטאָר. דערמיט ווערט אָפּגעשלאָסן דאָס גרויסע קאַפּיטל „אויסגעוואָרצלטע אין אייראָפּע". יחידים וועלן פאָרן אויך אין קומענדיקן יאָר. קיין דורכגאַנגלאַגערן דאַרף מען מער נישט אויפהאַלטן.

אַזוי האָט זיך געלייענט דער באַפעל פון צענטער.

איז דערפאַר דער איצטיקער טראַנספּאָרט געווען דער גרעסטער, דער רווישיקסטער. לעצטע הונדערטער אויסגעוואָרצלטע זענען געגרייט געוואָרן איינצוזיצן אין שיף, אַ פאַראַנקערטע אין נעאַפּאָלער פּאָרט.

איז די אַרבעט צוגעגאַנגען טומלדיק, ראַשיק. אין קאַנצעלאַריע זע־נען געלייגט געוואָרן חתימות און אונטערשריפטן אויף צענדליקער פּאַ־פּירן, זענען געגרייט געוואָרן קאָלעקטיווע שיפקאַרטן: נאָך איניקע טעג — און די קאַזאַרמע ווערט געשלאָסן.

ספּעציעל האָט געהאַט אַרבעט די קאַטוילישע הילפגעזעלשאַפט, אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען דער דאָרפּישער גלח, דער פּאָטער „פון אַלע פאַרלאָזטע". ער האָט צונויפגעשטעלט גרופּע־רשימות, זיי איבערגע־געבן צו פאַרטרוילעכע מענטשן, וועלכע האָבן געדאַרפט אין יענער מדינה, וווהין די גרופּע האָט געהאַט אַן אָנווייזונג, זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט אָרטיקע קאַטוילישע אָרגאַניזאַציעס און דאָרט האָבן די אַפּוטרופּסים פאַנאַנדערגעטיילט די נייע בירגער אויף אַרבעטפּלעצער, זיך געהאַלטן לויט דער אָנווייזונג פון די פּאַפּירן, אויף וועלכע עס זענען אָנגעצייכנט די פעאיקייטן פון די אָנגעקומענע פּעטענטן.

אויף איינער אַזאַ רשימה האָט דער גלח אויך אַרויפגעשטעלט אַנ־טאָניאָס נאָמען.

שוין לאַנג האָט ער געוווסט, אַז פונעם צעפּיעשטשעטן יינגל וועט קיין לייט נישט זיין; אַז ער וועט נישט אָננעמען די צוגעטיילטע אַרבעט. האָט ער דערפאַר אַלץ געטון טאָן, כדי אויסצוגעפינען פאַר אים אַ פּאַ־סיקע אַרבעט אין אַ צווייט לאַנד. און צוגלייך ווי פאַר אַ גרויסן טייל „פאַרלאָזטע", וואָס זענען געקומען צו אים בעטן הילף, בעטן אַ מעגלעכ־קייט אויסצוואַנדערן, האָט ער אויך, דער גלח, אַלץ געטאָן פאַר אַנ־

טאַניאַ: באַקומען פאַר אים אַ קאָנטראַקט אין אַ לאַטיינאַמעריקאַנישׂ לאַנד.

דאָרט וועט ער קריגן זיין תּיקון; דאָרט וועט אַנטאָניאָ דערפילן די גוטסקייט פון טויפּפּאָטער...

איצט דרייט זיך דער גלח אַרום איבערן גרויסן קאַזאַרמע־הויף, שמייכלט צו יעדן, דריקט די האַנט, שיקט־מיט אַ ברכה אויפן וועג.

ד

וויגט זיך אַ שווערטאָניקע שיף איבער די ים־כוואַליעס, אויסגעפילט אין אירע אינגעווייידן מיט אייניקע הונדערט פּאַסאַזשירן, וועלכע פאַר־נעמען די אונטערשטע, די לעצטע קלאַסן. די שיף בייגט זיך און טרייסלט זיך און צוזאַמען מיט איר — די געדערעם ביי אומגעדולדיקע ים־פאָ־רערס: „גאָט, מיין גאָט!”, צלמט מען זיך אין די ווינקלען, „גיט מען אָפּ” דאָס עסן פון נעכטן און פון אַ וואָך צוריק —

„באָזשע טי מאָי!”...

אויף איינער פון די נאַרעס, אין סאַמע אונטערשטן קעלער ליגט אַנ־טאָניאָ און עס קערט זיך אים די גאַל. זיינע איינגעצוויגענע באַקן האָבן פאַרלוירן די מענטשלעכע פאַרב. נישט ער עסט, נישט ער שלאָפט. אַן אָפּקומעניש פאַר זיינע זינד...

פאַר די עטלעכע טעג וואָס ביידע האָבן זיך נענטער באַקענט, וואָס זלמן געפינט זיך נאָענט פון אויסגעצערטן יינגל, פילט ער זיך שוין, זלמן קופער, אַזוי פאַרעלטערט, אַזוי אויסגעמאַטערט, — מער שאָטן ווי מענטש.

— ווילסט אפשר אַ שטיקל ציטרין? — בעט ער זיך ביים יינגל, וואָס טרייסלט זיין שמאָל גופל אויף דער האַרטער נאַרע.

און אַנטאָניאָ ענטפערט נישט. עס איבלט אים דער גאַנצער אַרום, די גאַנצע סביבה, די אַלע אוקראַאינער און רוסן, צווישן וועלכע עס געפינט זיך אויך זיין אַפּוטרופּס, — ער וועט עס נישט אויסהאַלטן:

— איך וויל אַריינשפּרינגען אין ים...

— דער בעסטער אויסוועג פאַר דיר, אַנטאָניאָ; אין ים וועסטו זיך אַביסל אַרומוואַשן...

— רופט מיך נישט אַנטאָניאָ — קערט אויס דאָס יינגל זיינע פאַר־ווײנטע אויגן צו זלמנען — רופט מיך ווי מיין טאַטע האָט מיך גערופן: הלל!

אַן איבערקערעניש געוואָרן אין קליינעמס מוח. מיט אייניקע טעג צוריק בלויז האָט ער מכלומרשט פאַרוועגט זלמנען צו רופן אים הלל... ווי לאַנג איז עס דען פון זייער ערשטער באַגעגעניש אין איטאַליענישן דאָרף ביז איצט. דערמלט, אַ — אין יענע טעג — האָט ער גענומען ערנסט די הבטחה פון גלח; איז ער געווען זיכער, אַז דער „פּאַטער" וועט אים אויסלייזן; האָט ער זיך געשמדט, אַבי אויסצונאָרן אַ ווי־זע, — זאָל זי זיין אויפן נאָמען פון אַ משומד אַנטאָניאָ...

— קום אַביסל אַרויף אויפן דעק, הלל — האָט אים זלמן גענומען צערטלען — אויבן איז לופטיקער.

— ניין. איך וויל נישט זיין אויבן. איך וויל זיך נישט טרעפן מיט יענעם, וואָס האָט מיין שיפקאַרטע...

עס וועט גאָרנישט העלפן; זלמן איז זיכער דערין: הלל וועט נישט קענען פאַרלאָזן די שיף אָן זיין גרופּע צו וועלכער ער איז געוואָרן צוגע־טיילט; וועט אין נייעם לאַנד נישט באַקומען קיין אַרבעט אָן דער הילף פון דער קאַטוילישער אָרגאַניזאַציע. אַזוי איז עס געוואָרן צוגעגרייט. אַנ־דערש וועט עס נישט זיין. דאָס פילט זלמן. דערפון ווייס הלל.

וואָסזשע איז די עצה?

די שיף וואַקלט זיך נישט מער, גליטשט זיך איבערן ים־שפּיגל גלאַט און לייכט.

פון דעק — געזאַנג, אַ פריילעך טאַנצן און שפּילן אויף האַרמאָשקעס.

בלויז הלל וואַלגערט זיך אויף דער נאַרע אין אונטערשטן קעלער, פאַרטרייבט פון זיך יעדע מין הנאה. אַ נזיר געוואָרן, אַן אָפּגעזונדערטער פון מענטש און וועלט — — — אייניקע מאָל האָט ער אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורכן פענצטער־לאָך, געכאַפּט איבערן פנים אַ קאַלטן ים־שפּריץ. געזאַלצן וואַסער...

...די שיף איז בייגעשוווּמען דעם עקוואַטאָר אינמיטן נאַכט. אויפן דעק האָבן זיך געפונען בלויז די מאַטראָזן און שיף־אָפיצירן. ראַשיקע היץ־כוואַליעס האָבן געשלאָגן איבער דער שיפס נאָז, זי דווקא געוואָלט אַריינשלעפּן ערגעץ אין אַ קאָכיקן קעסלגרוב, זי פאַרשלינגען צוזאַמען מיט די הונדערטער פּאַסאַזשירן — — — אַ קליין בלעזעלע אויף אַזאַ היי־ציקער ים־כוואַליע האָט זיך אין דער שפּעטער נאַכט־שעה געעפנט און צוריק פאַרמאַכט, פאַרשלינגען אין זיך אַ לעבעדיק באַשעפעניש — אַ מעווע צי אַ מענטש — — —

אָפּגעזונדערט, אין אַ שטיל, רואיק ווינקל, אויפן דעק פון דער שוועד־טאַניקער שיף, שטייט זלמן קופער און שעפּטשעט צום ים, צו די שפּרינ־גענדיקע ים־כוואַליעס. זיין פּנים שטעכיק און באַוואַקסן ווי דאַן, אין יענ־ער נאַכט, ביי זיין ערשטן צונויפטרעף מיטן אומבאַקאַנטן יינגל הלל. איצט רופט ער אַרויס הללס געשטאַלט: זיינע אומרואיקע ווייסע אויגן, זיין קורץ, געשניצט נעזל, זיינע גאָלדגלאַנציקע האָר און לאַנג־ווייסע פינגער.

הלל שטייט פאַר אים...

אל... מלא... רחמים...

# בעריש בויט בנינים

פון קאַלטן סיביר ביזן הייסן
גיהנום — איז ווייט ?

אין אוזבעקיסטאַן געפינט זיך אַ באַרג אַזאַ — פּאַרכאַד : בלויז שטיין און אייזן. הויך איז ער, דער באַרג — ביז צום זיבעטן הימל. אַזוי דער־ציילן אוזבעקן. און שטיין שטייט ער אין אַ טיפער זומפּ, אַ וואַסער אַזאַ — סיר דאַריאַ : אַ וואַסער, וואָס קען חרוב מאַכן וועלטן. אַזוי זאָגן אוזבעקן. און ווינטן בלאָזן אַרום זיי ביידע, דעם פּאַרכאַד און סיר־דאַריאַ, ווינטן־שדים — שוין מיליאָנען יאָרן. און אַרום און אַרום, מיילן ווייט, הויקער־דיקע בערג, צעקניטשטע פעלדער, ווייס־געלער הימל. אַלע היטן זיי דעם פּאַרכאַד און די סיר־דאַריאַ. נישט קיין פוסגייער, נישט קיין רייטער, נישט קיין אויטאָמאָביל — קיינער טאָר נישט אַריינקומען אין די דאָזיקע ד׳ אמות. שוין מיליאָנען מיט יאָרן.

און קיינער האָט נישט געדאַרפט אַריינקומען. צוואָס ? אַזויפיל מדבריות אין אַזיע — נאָך איינע.

האָבן זיך געביטן דורות. האָבן פּרס־ומדי זיך צעקריגט. איז פון פּרס געוואָרן — איראַן און פון מדי — אוזבעקיסטאַן.

אוים מיט שותפות.

אוים מיט כאַנען.

מיין ברעט, מיין ווינקעלע — ביי זיך אין דער היים.

בפרט, אַז מוכאַמעד־אַטאַ האָט אַרומגעשוירן די באָרד, זי אינגאַנצן אַראָפּגענומען, אויך די אַבאַיע, געזאָגט :

„כודוי, אוזבעקיסטאַן — בירטאַ״.

גאַט און אוזבעקיסטאַן — איינס.

האָט אַ זעץ געטאָן אַ שווערער האַמער איבער באַרג און קישלאַק. האָבן שאַף זיך גענומען פיטערן אין געוועזענע מדבריות. איז געוואָרן אוזבעקיסטאַן אַ לאַנד מיט לענדער גלייך.

זיצט אין דער עיר־הבירה, טאַשקענט — מוכאַמעד־אַטאַ, גלעט די שוואַרצע וואָנסעס, גלאַטן קאָפּ, באַקן, טראַכט:

פאַרכאַד.

סיר־דאַריאַ.

גענוג מיטן מדבר!

ער, אוזבעקיסטאַנס טאַטע, וועט מאַכן — עס זאָל בליען.

בייקומען שטיין און אייזן. איינשטילן שטראָם און כוואַליע. באַרו־איקן בושעווענדיקן ווינט.

אומברענגען דעם פאַרכאַד מיט דער סיר־דאַריאַ צוזאַמען.

איז געקומען צופליען אַן עראָפּלאַן פון ווייטע מרחקים. צעפּאַכעט זיינע פליגלען איבער דעם אַטאַס גלאַנציקן קאָפּ:

הענט!

מענטשן!

קיטמענעס!

אין דעם עראָפּלאַן זענען געזעסן אינזשעניערן, גרויסע פּאַכלייט, אומגעדולדיקע ספּעציאַליסטן מיט אַ פאַרטיקן פּלאַן: אוועקשטעלן אַן עלעקטרישע סטאַנציע אויפן אָרט פון פאַרכאַד און סיר־דאַריאַ.

ליכטיק זאָל ווערן אין אוזבעקיסטאַן.

האָט אַ חשבות אריינגעדרונגען אין אוזבעקישע קיביטקעס:

טויזנטער אוזבעקן אוועקגעשיקט אין מדבר.

און אַזויפיל יידן צונויפגענומען אין טאַשקענט, סאַמאַרקאַנד, אַנדי־זשאַן, בוכאַרע — יידן פון וואַרשע, קאָוונע, ריגע, מינסק, זיי געזאָגט: — גענוג!

גענוג פאַרחושכט געוואָרן.

האָבן יידן מסכים געווען —

זאָל זיין גענוג.

זאָל זיין אזוי.
מהיתי תיתי.

*

ביענאָוואַט —

אזוי הייסט עס, א מקום אזא, אויף וועלכן עס בלאָזט דער ווינט פון סיר־דאַריאַ, דאָס זאַמד פון פאַרכאַד.

א שטעטעלע מיט קיביטקעס, באַזאַר, טשייכאַנעס — אַלץ צוזאַמענגעקלעפּט פון ליים, שטרוי און איבער אַלץ — א צעזונטער הימל־מיט, אָנגעשפּאַרט זיינע ברעגעס אויף פאַרשנייטע בערג.

דאָ, אויף דער שטעטלשער סטאַציע, האָט זיך אָפּגעשטעלט א צוג. דאָ איז שטיין געבליבן בעריש, זיין קאָמפּאַניע פון סאַמאַרקאַנדער פּאַרק. און דאָ ווי דאָרט, האָבן זיי געלעבט אין איין חברותא: געשלאָפן צוזאַמען אויף פייכטע שטרוי־זעק, געגעסן צוזאַמען פון איין קעסעלע, און צוזאַמען באַשלאָסן:

צום פאַרכאַד נישט צו גיין.

אַזעלכע ווינטן. אַזעלכע שטורעמס. דאָ, אין שטעטל, בלייבן זיי. און זאָל זיין וואָס עס וויל זיין.

—געדענקט, חברה — האָט בעריש געטרייסלט מיט זיינע צוואַנציק יאָר — דאָ וועלן מיר גייען אויפן באַזאַר, גנבנען א מייער; דאָרט — באַקומען מיר די פּגירה.

— די פּגירה — האָט רעשט מסכים געווען.

זעקס בחורים. אַלע צוזאַמען — גרין און שוואַרץ; זייערע יאָרן — זעקס מאָל אַרום די צוואַנציק.

זיצן זיי אויף שטרוי־זעק א טאָג, דריי, ישובן זיך — האָבן אויסגעישובט: בעריש וועט זיין א מרגל; וועט א קוק טאָן דאָ, א קוק טאָן דאָרט און קומען זאָגן: אָדער מען גייט העלפן בויען די עלעקטרישע סטאַנציע, אָדער מען אַנטלויפט.

הימל און ערד — איין שטיק חשכות, איין שטיק וואָלקן. אזוי האָט

מען געבויט פּתום־ורעמסס. און אַזוי האָט מען בעריש׳ן דערציילט אַמאָל אין חדר:

אַז עס איז אַראָפּגעפאַלן אַמאָל, מיט טויזנט יאָר צוריק, אַ ציגל פון אַ הויכן טורעם, וואָס מ׳האָט געבויט אין פּתום־ורעמסס, איז דער צער גע־ווען זייער גרויס; און אַז עס איז אַראָפּגעפאַלן אַ מענטש פון טורעם, איז געווען — גאָרנישט: אַ מענטש און אַ ציגל — נישט צום פאַרגלייכן.

האָט זיך בעריש איצט דאָס דערמאָנט, קוקנדיק אויפן פאַרכאַד, צום הימל־שפּיץ:

לאַנגע, שמאָלע מענטשן־רייען קרייזן אַרום דעם באַרג, שפּאַנען איי־נער הינטער איינעם אויף שמאָלע שטעגעלעך, טראָגן פאַרוויקלט אין וואַט־ניקעס שטיקער פונעם פאַרכאַד אַראָפּ, אַראָפּ, ביז צום סיר־דאַריאַ.

טויזנטער.

טויזנטער רייסן שטיקער פונעם פאַרכאַד, וואַרפן זיי אַריין אין סיר־דאַריאַ.

פאַרכאַד און סיר־דאַריאַ, ווי ער זעט זיי איצט; פּתום און רעמסס, ווי מ׳האָט אים דערציילט אין חדר.

שטייט ער. טראַכט ער. און פּלוצלונג:

— אוהואואאאוווק!

דער ווינט צעיאָמערט דעם פאַרכאַד, צעהילכט דאָס געשריי פון סיר־דאַריאַ — באַשיצט זיין נעסט פון דור־דורות.

שפּייט דער ווינט מיט זאַמד איבער טויזנטער.

איילט בעריש צוריק קיין ביעגאָוואַט, צו זיינע חברים:

— קומט, חברה, לאָמיר לויפן!

די בלאָע פרימאָרגן־לופט האָט זיי געוויזן דעם וועג צוריק, צום סאַ־מאַרקאַנדער פּאַרק.

*

די אוזבעקישע זון קריכט אַרויס פון איר נאַכט־באַהעלטעניש איידער דער טאָג באַווייזט זיך — אַ זון אַ שרעק: בלויז הערנער, בלויז פייער. און וואַרט וואַרט זי מיט איר דראָענדיקער רויטקייט הינטער איינעם אַ

בארג־שפּיץ, אריבערקוקנדיק איבער פעלדער צום קעגנאיבערדיקן האָרי־זאָנט, ווו דער לבנהס פּליכעוואַטער קאָפּ ראַנגלט זיך, ערב גסיסה, אין דער בלאָער דעמפּיקייט פון טאָג־אָנקום.

נעמען זיך ארויסשיילן וואַטע־קופּקעלעך ארום גרין־געלע קנאָספּן, קרויט־קעפּלעך פון אונטער גרינע בלעטער, זומפּיקע שטחים ארום פליסיקע וואַסערן; צייכענען דעם וועג, פון ישוב צו ישוב, שמאָל־שלענגלדיקע וועגעלעך, איינגעטונקענע אין נעפּל אויף בארג און טאָל.

בלאָער אויזבעקישער באַגינען איז אַנדערש ווי אויף דער גאַנצער וועלט: אַ חמימהדיקער, אַ קלעפּיקער — צוזאַמען מיט זון־אויפגאַנג, מיט לבנה־פאַרשווינדן. אָן פרימאָרגן־קילקייט. אָן נאַכט־איבערבלייב.

פאַר וואַנדערנדיקע איז דאָס אי גוט, אי שלעכט: מען שפּאַנט מיט נאַקעטער פלייצע, אָן וואַטניק־צודעק; מען מוז אָבער יעדע עטלעכע שפּאַן אָוועקזעצן רוען, ארומווישן באַזאַמדטן שווייס פון קלעפּיק לייב.

בארג־ארויף, בארג־אראָפּ זיגזאַגעווען זיך גליאיקע שטעגעלעך פון ביעגאָוואַט ביז סאַמאַרקאַנד.

— חברה, שטייט אויף פון באַהעלטעניש; שוין טיפער באַגינען!

בעריש האָט אַ ריס געטאָן איינעם פון צווישן די קשאַקעס, אַ צווייטן.

די לבנה איז איינגעגאַנגען אינעם ווייסן נעפּל, וואָס האָט זיך געקרייזט פון יענער זייט פאַרכאַד.

אַ מיד גענעצן האָט איבערגעוועקט די שטילקייט, אַ פויל קראַצן — פאַרטריבן לעצטע קאָמאַרעס פון נאַקעטן לייב.

זעקס בחורים, הפקרדיקע בחורים, האָבן איינגעשטאָכן זייערע בליקן אויף אַ בארג־הויכקייט, ווו עס איז געלעגן פאַרוואָרפן אַ צעטראָטענער וועג־פּאַס.

— קומט!

בעריש — פאַראויס. נישט זיכער, צי איז דאָס דער וועג וואָס פירט קיין סאַמאַרקאַנד, אָדער צוריק — קיין ביעגאָוואַט.

האָט ער אָנגעשטעלט זיינע אויגן צו דער זונס זייט, צום האָריזאָנט, פונוואַנען זי איז אַרויסגעקראָכן.

— זעט נאָר, זעט — האָט ער אַ פריילעכער אויסגערופן — אַ נעפּל!

דאָס האָט זיך געהויבן דער שטויב איבער כוואַלעדיקן סיר־דאַריאַ. פון דאָרט אַנטלויפן זיי. זייער וועג מוז פירן פאָראויס. און דער פאָראויס איז באַוואָרפן מיט שטעגעלעך, וועגעלעך, רעכטס, לינקס. דער אַרום — פעלד, מדבר, הימל, האָריזאָנט. ווו אַ קער: צעשרפהט זאַמד. בלויז דאָ און דאָרט — אַן אוזבעטשקע איינגעטונקען אין פאַרב, אַ קלעטערנדיק אייזל אויף באַרג־שיפּוע.

— מיר מוזן אויסזוכן דעם באַן־וועג — האָט זיך אָנגערופן איינער פון די בחורים.

— צוזאַמען מיטן באַן־וועג וועלן מיר געפינען דעם שאָסיי — האָט די רעשט מסכים געווען.

— אַן איינפאַל! — איז בעריש געווען פאַרעקשנט — מוזן מיר אויסקערעווען צוריק קיין ביעגאָוואַט און דאַן...

דאַן איז דער גאַנצער פּלאַן פאַרלוירן. וועט מען אַוועקשיקן צום פאַרכאַד, הייסן בויען די עלעקטרישע סטאַנציע אויף דער סיר־דאַריאַ.

די זון איז שוין אַ שפּאַרן מהלך אַרויסגעקראָכן פון האָריזאָנט. פון דער לבנה קיין זכר. די פרימאָרגן־טרוקנקייט פרעסט־צונויף די ביינער, פרעסט־איין אייליקע טריט אין שטעכיקן ווילד־גראָז.

און לויפן מוז מען.

יעדע שעה — ווייטער פון ביעגאָוואַט, נענטער — וווהין?

ביז אַ רויך־שטויב האָט זיך אויפגעהויבן, אַראָפּ, איבער די פעלדער. אַן אויטאָבוס איז שטיין געבליבן אויפן צעשלענגלטן באַרג.

— וווהין? — האָט געפרעגט דער אָנטרייבער.

— קיין סאַמאַרקאַנד, פעטערל — האָבן אַלע אויסגעשריגן.

— אַריין אין דער בודע! — איז געקומען אַ פריילעכער ענטפער.

די מאַשין האָט אַ טייוולאָנישן ריס געטאָן די ערד אונטער זיך.

מיט אַ כוונה האָט דער שאָפער אַרויפגענומען די זעקס בחורים אויף זיין אויטאָבוס: זיי וועלן אים העלפן אַראָפּוואַרפן די טאָניקע סעקציע וואָס ער פירט אין דער פּלאַטפאָרמע. אַ קליייניקייט! אַ גאַנצער טאָן מיט אייזן. דאָס פירט ער פאַר דער עלעקטרישער סטאַנציע אין אוזבעקיסטאַן. נישקשה. אַ מיטאָג וועט מען אָפּעסן אין דעם ביעגאָוואַט. אויסטרינקען אויך. פאַר־

טאָג — היידא אין וועג אריין. עטלעכע פּאַפּירלעך וועלן זיין אין טאַש. וועט מען קויפן א פּלעשל, א ברויט — און דאָס רעדל וועט זיך אנדערש דרייען. דערווייל דאַרף מען נעמען ביי די יאַטן צו פאַררייכערן.

די אַקסן האָבן געקרעכצט אונטער דער שווערער משא. בעריש איז געהאַנגען אויף א פאַרפלעכטונג פונעם אייזערנעם לייטער, געקוקט פּאַזע דעם וועג, איבער וועלכן עס האָט זיך געריסן דער שווער־באַלאָדענער אויטאָבוס.

בעריש: א לער־בחור פון ווארשעווער נאַלעווקעס; זיינע חברים: ווער פון קאָוונער תחכמוני, ווער — פון ריגער סעמינאַר; אַלע — ווייכע בחורים; יעדער — א טאַטנס א קינד. איצט האָט זיך די צייט געביטן.

איז בעריש מסכים. נאָר וואָס דען —

מען דאַרף אָנהייבן פון ערשטן קלאַס, כדי צו גרייכן דעם צענטן: אַזוי אין שול, אַזוי ביי ארבעט.

מען דאַרף זיך צוגעוווינען צו ארבעט, צוגרייטן — כדי צו זיין בי־כולת אויפצורייסן דעם פאַרכאַד...

א הילכיקער טראַסק. אַן אויפרייס פון דינאַמיט האָט צעהילכט דעם ארום.

— טראַסק! — האָט דער שאָפער געלאַכט ביים רעדל — גיט צו פאַר־רייכערן, נו, א סוף, חברה!

ער האָט אָפּגעשטעלט די מאַשין, א קוק געטאָן אויף זיינע פּאַסאַ־זשירן: צעקנאָדערטע, אָן־פּליישיקע ביינער־בינטלעך.

— נאָך ווייט קיין סאַמאַרקאַנד? — האָט בעריש ארומגעשווייסט זיין פּנים.

— א גאַנצן מעת־לעת.

— און ווו זענען מיר איצט?

— ביי דער סיר־דאַריאַ... נו, גיט צו פאַררייכערן, אַנישט — היידאַ פון דאַנען!

איצט האָבן זיי זיך ארומגעזען — בעריש און די קאָמפּאַניע — אַז עס איז געווען א טעות: שטאָט צו אַנטלויפן פונעם פאַרכאַד, האָט זיי דער אויטאָבוס געברענגט צוריק דאָרט אהין.

אפשר ווידער אנטלויפן?

דער שאָפער האָט באַרואיקט:

— סאמאַרקאַנד געפינט זיך אויף יענער זייט ביעגאָוואַט און איר זענט געגאַנגען קאַפּויער, כאַ־כאַ־כאַ!

— קאַפּויער! — האָבן אַלע געוואָרטשעט אויף בערישן.

די זון איז געלעגן צעשפּרייט איבער דער גאַנצער הימל־פּלאַכטע. פון דער נאָענט האָבן זיך געהערט אויפרייסן איבערן פאַרכאַד.

ווען די מאַשין איז שטיין געבליבן ביים שטעטל ביעגאָוואַט, זענען די זעקס בחורים אייליק אַראָפּגעשפּרונגען, זיך אוועקגעלאָזט צום ערד־שטיבל, אין וועלכן זיי האָבן גענעכטיקט די לעצטע נאַכט.

*

והנה סולם מוצב ארצה
וראשו מגיע השמימה.
און אַ לייטער שטייט אויף דריערד
און זיין שפּיץ גרייכט ביז צום הימל.

מיט טאָג־אויפגאַנג האָט ס'נידעריקע טירל זיך צעקרעכצט. יאָקים איז שטיין געבליבן אויף דער שוועל.

— היי, קליינוואַרג — האָט דער אוזבעק אַ שאָרווע געטאָן איבער די פייכטע שטרוי־זעק — איר פאַרשלאָפט אייערע בעסטע יאָרן! אויפגע־שטאַנען!

דאָס ערד־שטיבל: ווענט, באַלקן, דיל — פייכט, גליטשיק. להיפוך צום טרוקענעם דרויסן איז אינעווייניק אַלץ קאַפּויער.

אַ פייכטער עיפּוש.

— היינט, קליינוואַרג, הייבן מיר אָן בויען אַ לייטער, אַ הויכן לייטער.

— אַ הויכן לייטער! — האָבן געוואָרטשעט אומצופרידענע זעקס בחורים אויף זייערע פייכטע צוקאָפּנס.

נאָכנישט אויסגערוט פונעם שלימזלדיקן וועג. איצט פרעגט מען נישט, ווו זיי זענען געווען נעכטן. יאקים וויים שוין אַלץ. מען דאַרף פארפעסטיקן די לעביאַטקעס, צוזאַמענבערענגען די דאָנקראַטן.

דאָס אַלץ — הייגט. מאָרגן — צוזאַמענשרויפן די סעקציעס, איינ־צעמענטירן דעם פונדאַמענט. און אַ לייטער וועט שטיין מיט אַ שפּיץ ביז צום הימל. און מיט דעם לייטער וועט מען הייבן טאָנען אייזן פאַר דער עלעקטרישער סטאַנציע אויף סיר־דאַריאַ.

ביז וואָס־ווען — ווו נעמט ער אַזויפיל הענט, יאקים.

בעריש שטייט אינמיטן דעם אָפּגערייניקטן פּלאַץ. דער חודש — אַ נאָך־ראש־השנהדיקער; די זון בריט מיט ערב־תמוז.

— נו, יונגווארג, נישט געשטאַנען. אַ סוף אָן עק!

יאקים האָט נישט קיין צייט. עס בושעוועט סיר־דאַריאַ. עס קרעכצט פאַרכאַד. אויף דער סטאַציע — וואַגאָנעס מיט שטאָל. אָט־אָט — און עס נעמט שטראָמען די עלעקטרישע סטאַנציע; עס ווערט ליכטיק אין אוזבעקיסטאַן.

— איינס, צוויי — גענומען!

— נאָך איינמאָל — גענומען!

— שטאַרקער, פעסטער — גענומען!

נאָר שריי אין דער מדבר: זעקס בחורים הויט און ביין; אַלע צו־זאַמען — צוואַנציק פּוד וואָג. שטייען זיי אָנגעשפּאַרט אויף איינער אַ סעקציע — איבער הונדערט פּוד וואָג.

— מיר מוזן אַנטלויפן — זיפצט, עקשנותדיק, איינער אַ בחור.

ביי יאַקימען דעם אוזבעק הייבן זי די ברעמען, טאַנצט דער קין אויף זיינע ברייטע באַקן:

— שוין אַ טאָג־פאַרביי — און גאָרנישט!

— און ס׳וועט זיין גאָרנישט! — וואַרפט אַ קרומען בליק אַ צווייטער בחור.

— עס וועט גאָרנישט זיין! — גיבן זיך פינף בחורים אַ וואָרף צו בערישן.

וואָס ווילן זיי פון אים?

זיי ווייסן אַליין נישט.

און דאָך —

ווען בעריש האָט איינגעקלאַמערט זיינע פינגער אַרום אַ גראַב־אייזן, זיך איינגעגראָבן מיט אים אונטער דער סעקציע — האָט די רעשט אויך געטאָן ס'אייגענע. האָט יאַקים פאַנאַנדערגעעפנט אַ טאָרבעלע מיט טאַבאַק:

— לאָמיר פאַררייכערן, קליינוואַרג.

די ערשטע סעקציע, פון זיבן, האָט זיך גערירט פון אָרט.

דער ערשטער טאָג אַרום דעם גרויסן לייטער איז פאַרביי.

דער אָוונט: אַ לאַנגער, אַ געלער. בין־השמשות אין אוזבעקיסטאַן. דאָ און דאָרט — שטויב־וואָלקנס, אַ פריילעך מעקען פון שאָף נאָכן פאַרלאָזן דאָס פעלד.

יאַקים: באַוועגלעך און פאַרביק, ווי דער הימל איצט איבער זיין קאָפּ. יאַקים בענקט צום קישלאַק, צום אייזל און צוויי ווייבער, וואָס ער האָט געלאָזט אין טאָל. פאַרשאָלטענער אַטאַ, אומגליקלעכע שעה פון אוזבעקס געבוירן. עלעקטריע? — אַ גרויסע סטאַדע מיט שאָף מאַכט ליכטיק אין אוזבעקס קישלאַק; אַ קאַראַוואַן מיט קעמלען צעקלינגט אוזבעקס עשירות. עלעקטרישע סטאַנציע? — יאַקים ליגט זיך שלאָפן אויף זיין קופּע מיט קאָלדרעס צוזאַמען מיט לעצטן אייזל־געוויין —

מוכאַמעד־אַטאַ, ווילסט עלעקטריע, האַ?!

יאַקים קרייזט אַרום דעם צעמענטענעם פונדאַמענט. דאָ וועט מען אוועקשטעלן דעם פוס פונעם צען־טאָניקן לייטער; דאָ וועט יאַקים פאַרדושען זיינע מעת־לעתן — אָן ווייבער, אָן אייזלען —

הוי, כודוי, גאָט; — מוכאַמעד־אַטאַ האָט געוואָלט עלעקטריע!

דער אוזבעק איז שטיין געבליבן אויף דער שוועל פונעם ערד־שטיבל. שוין איבער צוויי וואָכן בויט מען דעם לייטער, דעם „הייבער", וואָס וועט הייבן טאָנען מיט אייזן פאַר דער סיר־דאַריאַ. איצט ליגן די בויערס, די זעקס יידישע בחורים, אויף זייערע פייכטע שטרוי־זעק, האָבן טענות צו בערישן:

— געדאַרפט לויפן צוריק, קיין סאַמאַרקאַנד!

— פּטרן די כוחות פאַר דער אוזבעקישער עלעקטריע־סטאַנציע!

בעריש האָט דערזען יאַקימען. האָט ער זיך אָפּגעריסן פונעם געלע־גער, און אייל געטאָן צו דער טיר.

— יאַקים, מיר גייען נישט מאָרגן צום לייטער!

— ניין. מיר גייען נישט! — האָט די רעשט אונטערגעכאַפּט.

אויפן פענצטער האָט געצאַנקט אַ קאַניצל. די נאַכט האָט אונטער־געזאָגט, אַז דער פרימאָרגן דערנענטערט; אַז מאָרגן דאַרף מען פּאַנאַנ־דערוויקלען די טראָסן, זיי אַרויפציען אויף דער לעביאָטקע, איבערטראָגן אַהער עטלעכע טאָניקע סעקציעס פון דער באַן־ליניע.

אַ כמורנער אומעט אויף די ליימיקע גרוב־ווענט. לויט יאַקימס חשבון האָט די עלעקטריע־סטאַנציע געדאַרפט נעמען אַרבעטן, אָט־אָט, גלייך, ווי דער לייטער וועט שטיין אויפן צעמענט. איצט — איין מינוט נישט אויפהאַלטן! ער איז געקומען זאָגן די בחורים, זיי זאָלן אַרויסגיין ביינאַכט צו דער אַרבעט. אונטעראײַלן. און נאַ־דיר!

— קליינוואַרג, הערט...

— מיר ווילן נישט הערן!

— אָבער כּודוי, גאָט — האָט דער אוזבעק אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויפן האַרץ — גערשטענע לעפּיאָשקעס... און אייזל־מיסט... און וואַטע־פּעטס... דאָס אַלץ גענוג פאַר אוזבעקישער ווירטשאַפט... כּודוי!

אַלעמענס בליקן זענען געווען איינגעשטאָכן אויף יאַקימס פייכטע, געשטופּלטע באַקן. יעדנס בליק — אַ מחילה בעטן; יעדנס זיפץ — אַ חטאתי: וואָס איז דען יאַקים שולדיק. ער דאַרף נישט, מען זאָל אויפ־רייסן דעם פאַרכאַד, פאַרשיטן די סיר־דאַריאַ; ער דאַרף נישט קיין עלעקטרישע סטאַנציע. זיין אייזל, זיין קיביטקע, זיינע ווייבער. דאָס אַלץ.

דורכן פענצטערל פונעם ערד־שטיבל האָבן זיך געשאָטנט אין דרויסן די פאַרוויקלטע בייגל פון טראָסן־קנוילן. מאָרגן וועט נעמען אַרבעטן די לעביאָטקע. מאָרגן באַקומט יעדער אַ האַלבן גערשטן־לאַבן.

*

פאַרטאָג זענען אַלע אַרויס אויפן פּלאַץ, העלפן יאַקימען צוזאַמענ־שרויפן די סעקציעס.

דער פּלאַץ: אויסגעפּילט מיט טומל, מיט אייזן־געקלאַפּ. איבער דער לענג — אַן אומבאַוועגלעכער סקעלעט, דער לייטער, אין וועלכן עס ווערט אַריינגעהויכט אָטעם, לעבן.

בעריש, אַ צעפּלאַמטער, אַ היציקער, קלעטערט איבער די פאַרקראַ־טעוועטע סעקציעס, פּרוווט דאָ אַ שרויף, דאָרט אַ שרויף. באַלד וועט נע־מען אַרבעטן די צען־טאָניקע לעביאָטקע; באַלד וועט מען מאַכן די ער־שטע פּראָבע אויפצושטעלן דעם „הייבער".

נאָך וואָכן שווערער אַרבעט.

— היי, כאַמראַ! — הערט זיך אַ הייזעריק קול – כאַמראַ אור־טאַאַאַק!

דאָס רופט יאַקים, דער מייסטער, זיין געהילף, רופט אים, ער זאָל איינשוויסן דעם „קאַפּעלוש" אינעם צעמענטענעם פונדאַמענט.

כאַמראַ, איינגעטונקען אין שוויים און אייל, פאַרלייגט די מאַסקע אויף זיין צעקנאָדערטע פּנים, שטעכט־איין די אויגן אין צוויי דורכזיכטיקע קוקערס — און ווייסע פייער־שפּריצן טרייבן־פאַנאַנדער דעם אוויר אַרום פונדאַמענט.

דער דרויסן — אויסגעפּילט מיט ערב־רעגן, מיט חשוונדיקע ווינטן — מיט אָטעם פון די בערג אַרום פאַרכאַד.

בעריש דריקט אויף דער „נאָז" פון לייטער, פעסטיקט־איין אין ראָד די טראָסן, פאַרקלעמט אַרום זיי די זשימקעס.

שוין נישט דער איינענער בעריש וואָס מיט וואָכן צוריק.

זיין גאַנצער צוזאַמענשטעל — אַריינגעטאָן אין לייטער; זיין גאַנץ טראַכטן — דער „הייבער" זאָל פאַרטיק ווערן, הייבן משאות פאַר דעם פאַרכאַד.

און דאַן?

בעריש האָט אָפּגעטרייסלט פון זיך שטיקער ווינט, שטיקער מחשבות. אַ צעקנעפּלטער — אָפּגעשרויפט די ציין פון דאָנקראַט, אים אָפּערגע־טראָגן פון אונטער דעם לייטער־שפּיץ.

— כאַ־סמאַן! — האָט ער אַ באַפעל געטאָן צום צווייטן עק פּלאַץ — זאָל מען אָנציען די לעביאָטקע!

בעריש| איז געווען דערווידער אלץ ארום. דער לייטער איז נישט זיי־
נער; די אוזבעקן — נישט זיינע.

און דארט ערגעץ אין ווארשע — טאטע־מאמע, ברודער־שוועס־
טער...

— א סוף זאל עס נעמען, כאסאן!

א יונגער בחור, א פולער, אן אנגעפלוישטער — כאסאן דער זון
פון כאמרא — שפרונגט ער מיט נאקעטע פיס איבערן פלאץ, דערלאנגט
דא א שרויף, דארט א שליסל. זיין טאטע, דאר, ביי׳ניק, כעסט זיך איבער
יאקימען.

— אזא וועטער, אזא קרירה, און כאסאן א נאקעטער!

— פארפעסטיקן די לעביאטקע! — שרייט יאקים דורך געזונטע
ציין.

און דער ווינט קרייזט ארום דעם פלאץ, טרייסלט די שטאלענע
טראסן, די בחורים, וואס בייגן זיך איבער הענטלעך פון דער שווערער
דריי־מאשין.

— איינס, צוויי! איינס, צוויי!

דער לייטער הייבט זיך פון ארט. אויף זיין שפיץ — בעריש, כא־
סאן. ביידע טראכטן זיי איצט מיט פרייד וועגן דער עלעקטרישער סטאנ־
ציע, וואס וועט לייכטן פון דער סיר־דאריא; בענקען טרויעריק צו דעם
היינטיקן שטיק ברויט, וואס זיי האבן נעכטן אויפגעגעסן.

— האלט דעם טראס! — שרייט כאסאן צו בערישן.

— און דו? — וויל בעריש וויסן.

— מיר איז קאלט. זעסט דאך, א נאקעטער.

די לעביאטקע קרעכצט אונטער דער שווערער משא. צוועלף הענט
איינגעקלאמערט אן איר, שלעפן דעם לייטער צו זיך. כאמרא קוקט ארויף
צו דער „נאז“, צאפלט איבערן זון:

— האלט דעם טראס, כאסאן, האלט, עס קען נאך פלאצן!

וואס העכער עס הייבט זיך דער לייטער, אלץ בולטער צייכנען זיך
ארוים קאנטורן פון ארומיקע בערג, אלץ שטארקער פליקט דער ווינט
שטיקער לייב פון כאסאנען.

פּלוצלונג:

— סטאָאָאָפּ!

יאקימס קול האָט זיך צעהירזשעט איבערן פּלאַץ. דער לייטער איז געבליבן הענגען אינדערלופט. אַ קרעכץ פון די טראסן. אַ געלויף. דאָ און דאָרט — שווערפודיקע דאָנקראטן פאַרוואָרפן איבער פּלייצעס. איינס, צוויי — איינגעפעסטיקט זייערע ציין אונטער די איינגעבויגענע סעק־ציעס.

וואָס איז געשען?

יאקים איילט צום פונדאמענט. פון דאָרט — ארויף איבער די סעק־ציעס. אונטער אים — כאמרא. אונטערביידע — אַלע פון פּלאַץ.

אַן אומגליק!

עס האָט געפּלאַצט אַ זשימקע. די שטאָלענע טראס־פּעדעס האָבן אַ ריס געטאָן כאסאנס נאקעט לייב. איצט ליגט בעריש פאַרקוועטשט צווישן די שטאַכייזן, שעלט דעם היינטיקן און נעכטיקן טאָג.

— שווארצע אויסוווּרפן מיט קופּערנע לייבער!

דער לייטער הוידעט זיך אויף האַלב וועג; אונטער אים, צווישן הימל און ערד — כאסאַן, פאַרפּלאָכטן די טשיפּרינע צווישן בערישס פינ־גער.

נאָך אַ מינוט, צוויי און —

יאקים האָט אָפּגעשטויסן דעם אַלטן כאמרא. אַ שפּריז געטאָן איבער בערישן, איבער דעם הענגענדיקן כאסאַן. נישט איצט איז צייט צו קלאָגן. דער לייטער מוז היינט שטיין אוועקגעשטעלט. מאָרגן גייט ער צוריק אין קישלאק. אזוי האָט מען אים מבטיח געווען. אזוי וועט ער טאָן.

—כאסאאאן! — שרייט כאמרא איבער דער לענג פון לייטער.

דעם אַלטנס פּנים, זיינע אויגן, זיין קין — אַלץ פון איינעם ערב־גסיסה. ער זעט אַ צעראַצט לייב דעם זונס, רויטע בלוט־פּלעקן אראָפּקאַ־פּען אויף צעטאָפּטשעטע זאמד.

ביי בערישן האָבן זיך די פינגער געבראָכן אונטער דער שווערער משא, זיך געבויגן, לסוף — אויסגעגלייכט.

מער האָט ער נישט געקענט דערהאַלטן. ניין. נישט געקענט. ווען ער

טראָגט כאַטש אַ מלבוש אויף זיך, כאַסאַן, וואָלט געווען ביי וואָס די פינ־
גער צו פאַרטשעפּען.

די מאַט־רויטע לאַקירטע שטאַבעס אויפן „הייבער" זענען געווען
באַפאַרבט מיט העל־רויטע בלוט־פלעקן פון כאַסאַנס צעראַצט לייב.

יאַקים האָט פאַרפעסטיקט דעם טראָס אַרום דער „נאָז", געטריבן
בעריש פון זיך:

— מאָרגן געקענט זיין צוריק אין קיביטקע, יאָ, מאָרגן און דו...

— און דו — האָט בעריש נעקרעכצט אַן אויסגעמאַטערטער —
און דו: אַן אייזל! אישאַק!

כאַמראַ האָט געפּויזעט אויף אַלע פיר איבערן משופּעדיקן לייטער,
געאיילט אַרונטער, צו כאַסאַנען, זען וואָס מיט אים איז געוואָרן.

— ער לעבט! ער לעבט! — האָבן בחורים געהאַלטן דעם נאַקעטן
כאַסאַן אויף די קני — אַ קופּערנע פעל האַלט זיך פעסט...

— אַזוי פעסט זאָל זיך האַלטן מוכאַמעד־אַטאַ! — האָט כאַמראַ
געקרומט זיין פּנים — מיט נאַקעט לייב אין אַזאַ קרירה...

די זון האָט זיך אוועקגעזעצט אויפן שפּיץ פאַרכאַד.

קיינער האָט נישט געהערט יאַקימס קולות. אַלעמענס אויגן אַנגע־
שפּיצט צו דער זונס זייט.

— שוין צייט אָפּצורוען!

— רוען וועט איר אין קבר! — שרייט יאַקים — לאָזט די לע־
ביאַטקע אין גאַנג!

נאָר ווער האָט איצט געטראַכט וועגן דעם לייטער, וועגן דער לע־
ביאַטקע. איבער אַלעמענס אַקסלען איז געלעגן פאַרוואָרפן כאַסאַנס נאַ־
קעט פלייש — אויף וועמען אַ האַנט, אויף וועמען אַ פוס. מ'האָט גע־
איילט מיט אים אין דער אַמבולאַטאָריע און פון דאָרט — רוען, אָפּרוען
היינט מיט אַ שעה לענגער.

איבער אַלעמענס קעפּ האָבן זיך געריסן יאַקימס קולות:

— היי, קליינוואַרג, היי, טראָגט מיך אויך אוועק, היי, מוכאַמעד־
אַטאַ... עלעקטרישע סטאַנציע... ההיי...

# געצל

פון ערגעץ איז געקומען א באפעל:

אויפבויען א גרויסע מויער אין ביעגאוואט, א האָטעל אזא, אין וועלכן עס זאָלן וווינען אָנפאָרנדיקע פון אַנדערע מקומות.

בויען דעם האָטעל וועט געצל, דער אייגענער וואָס האָט גרויסע קענטעניש אין הלכות־ארכיטעקטורע.

א הויכער, א ברייטער, מיט הענט און פנים — א גאנצע, אויפגעבויטע זאַך.

איז ער געוועזן צופרידן, דער אינזשעניער, וועמען מ'האָט געברענגט פון לאָדזש בויען הייזער אין אוזבעקיסטאַן.

ער מוז אָבער האָבן מענטשן וואָס זאָלן קענען ליים, מאַכן ציגל, טראָגן סאמאַן.

אַז אוזבעקן האָבן הארטע מוסקולן, א פעסטן טראַט צו קנעטן ליים — ווייסט ער. זיי זענען אָבער סתם־שמירער, קיביטקע־מאַכער. געצל וויל אוועקשטעלן א מאָדערנע הויז אין אוזבעקיסטאַן. מוז ער האָבן מאָדערנע מענטשן, אייראָפּעאישע.

האָט ער געטאָפּטשעט מיט גומענע שטיוול קאַלוזשע נאָך קאַלוזשע, צוזאַמענגעמישט שניי מיט ליים, וואַסער מיט קאַלך. געצל איז פאַרדאַנהט. ביי זיינע דריי צענדליק יאָר טראָגט ער אַן עול אויפן קאָפּ, א גרויסן עול. ער וואָלט איצט, אין לאָדזש, געהאַט א ווייב, קינדער, א שטוב. זיצט ער גאָר אין אוזבעקיסטאַן, האָט צרות — ווו ער קערט זיך. צוואָס דאַרף ער דאָס. צוואָס? איינרייסן מיט א וועלט! אוזבעקן ווילן נישט ארבעטן, האָבן זיי רעכט: גענוג פאַר זיי דאָס וואָס זיי האָבן. אָבער יידן? אינטעליגענטנע מענטשן. מען דאַרף דאָך ווייסן ווו אויסצונוצן די אינטעליגענץ. אין אוזבעקיסטאַן? דאָ מוז מען טראָגן ציגל, מאַכן וואַפנע, בויען הייזער.

איצט מאַכט ער דעם לעצטן פּרווו:

וועט אוועק צו חברה, וועט רעדן צו זיי ווי ער קען — און זאָלן זיי נישט וועלן גייען צו דער ארבעט!

די גליכע, ליימענע דעכער באדעקט מיט שניי, באהאנגען מיט אייז־צעפּלעך אינעם ערשטן טאָג פון אוזבעקישן ווינטער. דאָ און דאָרט — אַ צעשויבערטע אוזבעטשקע מיט אַ פאַרביק טיכל אונטערן אָרעם; אַ הויכער באַבײַ, וואַרעמענדיק זיך ביים אויוון אין טשייכאַנע. אַרום און אַרום — פּילדערנדיקע קולות, געוויין פון קינדער, הירזשען פון אייזלען.

און איבער אַלעם:

— לעפּיאָשקי־פּיאָשקי־יאָשקי! —

ווייכע, הייסע טייגלעך, אויסגעקנעטן אויף אוזבעקישע בעטן, צוגע־ברענט אויף קיילעכיקן ליים אין אוזבעקישע אויוונס.

איבער דער לענג פון גאַס — הויכע אַרבעס באַלייגט מיט טיפע קוישן, מיט איינגעטולעטע אָנטרייבערס אויף זיי. דאָס פירט מען פון קישלאַקעס טרוקענעם קיש־מיש, אורוק, אוזום און אַנדערע זיסקייטן, וואָס וואַקסן אַרום אוזבעקס קיביטקעס.

מען פאָרט צום באַזאַר אין עק־גאַס.

אינעווייניק, אַרום באַזאַר־טישן, שלייכן צו מאַן פיר, פינף, איינגעווי־קלט אין צויטיקע וואַטניקעס, בחורים און מיידלעך פון אַלע עקן וועלט; דער פרעגט, וויפל עס קאָסט אַ געטרוקנטער קאַוון, יענער — בעט אויסצו־בייטן אַ פינפערל. ציפּט דער סוחר זיין פאַרפלאָנטערט בערדל, ציקט די אויגן רעכטס, לינקס — און פונעם טיש אַראָפּ פאַרשווינדט אַ זעקעלע מיט קיש־מיש: דער גאַנץ־טאָגיקער פּדיון.

שרייט דער באַנגבעטער אוזבעק. שרייען־מיט אוזבעטשקעס. טומלט דער אַרום —

חברה איז פאַרשוווּנדן פון באַזאַר.

אין אַ ווײַלע אַרום צוריק. שטעלן זיך אַוועק ביי אַ קעגנאיבערדיקן טיש, פּאַרזוכן דאָ זויערמילך, דאָרט — אוזבעקישע פּוטער. מאַכן דאָס גיך. שנעל. און אָט הערן זיך קולות:

— קאַ־ראַב־טשוק!

באַנגבעט: דעם פון גאַרטל אַרוים אַ געפאַרבטע טוך מיט געלט, יע־נעם — אַ קרוג מיט סמעטענע, נאָרוואָס אויסגעבריט אויפן אויוון.

אַזוי אַ גאַנצן טאָג.

מיטאָג־צייט בריט די זון אויף היים ליב אונטער אוזבעקס וואטניק.
מיטאָג־צייט ווערט שווארץ דער שניי אויף דאך און בוים.

ווי יעדן מיטנטאָג, אזוי היינט — אין די ערד־שטיבלעך שמעקט פייכטקייט וואָס קלעפּט אויף ווענט, קאַפּעט אראָפּ פון הויכע קאַלוזשעס, וועלכע רינען פונעם באזאר.

בשכנות פונעם אוזבעקישן באזאר געפינען זיך די ערד־שטיבלעך.
עקשנותדיקע יידן, וואָס מאכן א לעבן פון קויפן ארבוזן אין קיש־לאק, פארקויפן — אויף אוזבעקישן באזאר.

נישט קיינעמס דאגה.

ווילן זיי נישט קנעטן קיין ליים, טראָגן ציגל אויף רושטאָוואניעס — וועמען ארט עס דען. פאר וועמען בויען הייזער? — באלד ענדיקט זיך די מלחמה, באלד — און יידן פאָרן אהיים.

געצל דער אינזשעניער — אים פארדריסט דאָס.

— כא־כא־כא! — לאכט מען אויף פייכטע שטרוי־זעק — אז א נבפה אין אים אריין!

געצל וויים, אז מ'האָט אים פיינט. ער ווערט אָבער נישט נתפעל. נישקשה. ס'וועט מוזן ווערן אנדערש, אויב נישט — וועט ער ווייזן וואָס ער קען.

— שוין ווידער אָנגעגנבעט ארבוזן, הא! — איז ער אריינגעשפּרונגען אינעם ערשטן ערד־שטיבל.

— זאָל דיר נישט ווי טאָן דער קאָפּ — האָט זיך בעריש אראָפּגע־גליטשט פון ליימענעם טאפּטשאַן, אוועקגעשטעלט זיין מאָגער גופל נעבן געצלען.

אזוי יעדן נאָך־באזאר־טאָג קומט ער, געצל, אריין אין די ערד־שטיבלעך, טאפּט מיט אויגן אין יעדן ווינקל — טראָגט אהיים א זעקעלע מיט אוזבעקישע פּירות.

היינט וועט ער באקומען — א גוטע כאָלירע.

— מאָרגן נעמען מיר בויען דעם גרויסן האָטעל...

— דעם וואָס? — פארקנייטשט בעריש די צעקנייטשטע הויט, וועלכע האַלט פארקלאָמערט זיינע ביינער פון קאָפּ ביז פיס.

— אנישט, רוף איך אריין אַלע באַגנבעטע אוזבעקן און איר׳ט זען...

— נישט געגנבעט, — געקויפט!

— די אוזבעקן וועלן שוין דערקענען!

— דו מנוול!

— דו...

פון אַלע ווינקעלעך קולות. פון אַלע ערד־שטיבלעך — אַ געלויף.

— זיץ — טראָגן הענט געצלען צו אַ ליים־נאַרע — זיץ און זאָג וואָס דו ווילסט, זאָג!

— איך וויל אַטאַ... — צאַפּלען די באַקן אויפן אינזשעניער — אַטאַ בויען אַ האָטעל און איר זענט גוטע...

— יאָ. גוטע — שלאָגט מען אים איבער די רייד — פריער זאָל מען הייסן בויען טרוקענע שטיבלעך פאַר אונדז, פאַר אונדזערע...

די פייכטע ערד־לופט האָט זיך אָנגעוואָרעמט. דער באַזאַר איז פאַר־ענדיקט. בחורים ווילן מאַכן חשבון פון געהאַנדלטן פדיון. געצל שטערט.

— געצל, אוי, געצל — טרייסלט מען זיינע אַקסלען — אויפן צווייטן באַזאַר־טאָג וועלן מיר קויפן גומענע שטיוול, ווי דו טראָגסט, פאַרשטייסט — און דאַן בויען דעם האָטעל...

דעם האָטעל — טראַכט דער אינזשעניער אַ פאַרדאַגהטער — פונעם האָטעל וואָלט ער געמאַכט פדיון. יאָ. אַ גוטן פדיון. איצט — גומענע שטיוול גיב זיי. טרוקענע שטיבער גיב זיי. ווו זאָל ער נעמען? מלחמה אויף דער וועלט...

— איר פאַרשטייט, חברה, ס׳איז אַ מלחמה...

— אַ מלחמה, אַ מלחמה בלויז פאַר אונדז, נישט פאַר דיר...

— נו, גוט, וועלן מיר זען...

נעהערט די ווערטער, האָבן זיך אַלע אַ הייב געטאָן פון נאַרעס, אַ לויף געטאָן איבער שטרוי־זעק:

— וואָס האָסטו געזאָגט?

געצל איז געשטאַנען ביי דער טיר. דער טוכלער עיפּוש זיך געזעצט

אויף זיין שוואך האַרץ. זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג. צו זיין זייט האָט אַ פלי געטאָן אַ שטיק האַלץ, אַ שווערער אַרבוז.

— ט׳האָסטו — האָבן אַלע געשריגן — אַז די מאַלאַריע זאָל זיך צוטשעפּען צו דיר.

— ווי זי האַלט אונדז אין קלעם.

— פּאַ־ראַ־זיט...

נעצל אינזשעניער האָט דעם האָטעל נישט געבויט. די בחורים האָבן ווייטער געהאַנדלט מיט אַרבוזן. די ערד־שטיבלעך האָבן געדושעט מיט מאַלאַריע אויף יעדן באַזונדער, אויף אַלע צוזאַמען, — אויף ליימיקע נאַרעס און פייכטע שטרוי־זעק.

## אין שפּיטאָל

קענען אַלע חולאתן ווערן באַנוצט קרייטעכצער, רפואות אַזעלכע; בלויז צום אינזשעניערס חולאת האָט די מעדיצין נישט געהאַט קיין צו־טרויט.

נישט ווייל די וויסנשאַפט איז געווען הינטערשטעליק, נישט געווען ביכולת אויסצופאָרשן דעם אַנאַטאָמישן געבוי פונעם קראַנקן אינזשי־ניער, פּשוט — דער חולה האָט נישט געהאַט קיין חשק צו פאַרלאָזן ס׳שפּיטאָל־בעטל.

געהייסן האָט עס: ער איז קראַנק, שווער קראַנק, — אַ נאָכנישט־אויסגעפאָרשטע חולאת.

אינדערהאַמתן: ווו זאָל ער גיין, ווו זאָל ער זיך הינטאָן אין דעם פרעמדן, שטויביקן אוזבעקישן סאַמאַרקאַנד?

איז ער געלעגן, שוין קרוב די צוויי יאָר, אַן איינגעקנאָדערטער, אַ מרה־שחורהדיקער, וואַרטנדיק אויף אַ נס, אויף עפּעס וואָס זאָל מאַכן פון אים צוריק דאָס וואָס ר׳איז געווען.

זענען פאַרביי טעג, אויסגעפּילטע מיט רפואות און וואַנצן־געשמאַק. האָבן זיך אויסגעליידיקט בעטלעך פון שווערפּודיקע און לייכט סקעלע־טישע חולאים. האָט ס׳פּינצטערע טהרה־שטיבל איינגעשלינגען נעכטיקע מענטשן, היינטיקע מתים.

האָבן זיך געביטן פּנימער אין שפּיטאָל־באַראַק, וואָכן, חדשים.

בלויז דער אינזשעניער איז געלעגן אויף זיין בעטל א געלער, א וואַקסיקער, געוואַרט אויף דער טייג־זופּ, וואָס די שוועסטער שטעלט אַוועק אויף זיין טישל מיטנטאָג און ביי זון־פאַרגאַנג.

ביז איין מאָל האָט זיך געעפנט ס׳שפּיטאָל־טויער: בעריש האָט אַראָפּגעוואָרפן זיין שמאַטע־בינטל, אַריינגעוואָרפן זיין ביינער־סקעלעט אין א בעטל בשכנות פונעם אינזשעניער.

דאַן האָבן ביידע גלייך געוואָלט וויסן:

— פונוואַנען?

— פון קראָקע.

— פון וואַרשע.

— וואָס איז די חולאת?

— שוואַך.

— א שוואַכער אָרגאַניזם.

ס׳אייגענע האָט באַשטעטיקט דער דאָקטער:

— פאַר אייך איז דאָ נאָר איין רפואה: ברויט מיט קאַרטאָפל. ביי אונדז באַקומט מען אָבער זי נישט. און איינשפּריצונגען וועלן נישט האָבן קיין פּעולה. ניין. גאָרנישט.

האָבן ביידע געוווסט דערפון, סיי דער אינזשעניער, סיי בעריש. בלויז: ווהין זאָלן זיי ביידע גייען, יאָ, ווהין?

זיצט בעריש אויף זיין בעטל, אַריינגעוואָרפן די קורצע פיס אין לייוונטענע הויזן, באַטאַפּט מיטן בליק דעם שכן, ווייל דערגיין די צאָל יאָרן וואָס ער טראָגט אויף זיין סקעלעט.

פאַלט־צו דער בין־השמשות אויפן ענגן שפּיטאָל־הייפל. וויינט ס׳שפּיטאָל־אייזל אין א ווינקל פונעם הויף, וויינט מיט צעעפנטע אויגן צו די פאַרוואַנצטע פאַלאַטעס, האָט תרעומות אויף די חולאים, פאַרוואָס זיי ליגן נאָכנישט אין טהרה־שטיבל גרייט, אַז מען זאָל שפּאַנען די אַרבע, זיי אַוועקפירן אויפן בית־עולם.

דעם אינזשעניער אַרט נישט דעם אייזלס געשריי. שוין חדשים־לאַנג

אַזוי זיך צוגעוויינט. איצט דערציילט ער זיין בעט־שכן, וואָס ער האָט אַמאָל געטאָן און וואָס ער האָט בדעה צו טאָן להבא. —

... געבויט הייזער, געלייגט שאָסייען, געשטעלט בריקן...

איצט שטייט אַ פליג אויף זיין שטערן. באַוועגט ער מיט דער פּאַל־דיקער הויט איינמאָל, נאָכאַמאָל. און אַז די פליג האָט נישט בדעה אָפּ־צוטרעטן, מוז בעריש צעטרייסלען זיין האַנט, אַ פּיר טאָן איבערן דערציילערס שטערן.

— זייער שוואַך — קרעכצט דער אינזשעניער — אַפילו מיט דער האַנט נישט צו באַוועגן.

טרייסט אים בעריש:

— נישקשה. מיר וועלן נאָר אָפּעסן. גוט אָפּעסן — און מיר וועלן ווערן געזונט און פריש...

— געזונט און פריש! — גלייבט נישט זיין שכן, וואַרפט אַוועק דעם שאַרבן אויפן שטרוי־קישעלע.

ער איז צופרידן, דער אינזשעניער, וואָס ר'האָט פאַר וועמען אָפּ־צורעדן זיין שוואַכקייט, אויסצורעדן זיינע טענות צו דער וועלט. אויך בעריש האָט הנאה פון זיין שכן, מיט וועמען ער שמועסט שעהן־לאַנג פון צעקנייטשטן שפּיטאָל־בעטל אַראָפּ, אַ בעטל, וואָס מאַכט אים צוריק פאַר אַ מענטש.

נאָר וואָס דען: וואַנצן.

ווו אַ קער מיטן בליק: אויף די ווענט, אַרום די טישלעך, אין די בעטן — טויזנטער.

דעם אינזשעניער אַרט עס נישט, ווי עס אַרן אים נישט די לעצטע גסיסה־קרעכצן פון בעטלעך אַרום. זאָגט ער:

— זאָלן זיך דאַגהן אַזעלכע וואָס האָבן פלייש אויף זיך; מיר, סקע־לעטן — אויף אונדז האָבן זיי נישט וואָס צו עסן.

דאָך — אין שפּעטע בין־השמשותן, ווען ס'שפּיטאָל־אייזל וואַרפט זיך אַוועק אויפן נידעריקן דעכל נעבן טהרה־שטיבל, ווען לעצטע גסיסה־קולות ווערן פאַרדושעט ערב נאַכט־אָנקום — נעמט בעריש זיין שטרוי־זאַק, טראָגט אים אַרויס אויפן הויף־ברוק. זאָלן אים די וואַנצן לאָזן

במנוחה. אויך דער אינזשעניער נעמט זיינע צוויי קולעס, הענגט־אָן אויף זיי דעם צעקנאָדערטן גוף — און בעריש ליינט־פּאַנאַנדער צוויי געלע־נערס אינמיטן הויף.

— א חיות — זאָגט דער אינזשעניער, אָנשפּארנדיק זיינע שטייפע ביינער אויף בערישן, אראָפּלאָזנדיק זיך אויפן שטרוי־זאַק.

אזוי נאכט נאָך נאכט. מאָנאָטאָנע מעת־לעתן צווישן אָפּגעשיילטע שפּיטאָל־ווענט.

האָט בעריש פּלוצלינג דערזען:

דער אינזשעניער גלייכט זיך אוים אויף די קולעס, נעמט זיין בלע־כענע שיסל און לאָזט זיך מיט אייליקע טריט צום ארויסגאַנג.

אָן בערישם הילף.

האָט זיך ארויסגעוויזן:

ביקור־חולים־ווייבער זענען געקומען צום אינזשעניער, געקומען יעדע עטלעכע טעג, געבראַכט שטיקלעך ברויט, א קאַרטאָפל — צו דער־כאַפּן ס׳האַרץ.

אין די דאָזיקע טעג האָבן די שוועסטער געפּלעגט שמועסן:

— זע נאָר, זע...

— ווי דאָס לויפט צום טויער...

— געזונט, ווי אַן אייזן...

איז בעריש געווען צופרידן:

מילא. א חולשתדיקער ייד נעבעך.

ס׳האָט אים בלויז פאַרדראָסן, פאַרוואָס אויך ער באַקומט נישט עט־לעכע קאַרטאָפל פון די ביקור־חולימניצעס.

אין עטלעכע טעג ארום —די ווייבער זענען ווידער געקומען צום טויער, זענען ביידע חולאים גלייך אראָפּ פון די בעטלעך, צעשמייכלט די פּנימער, געזאָגט:

— א געזונט אויף אייך!

און באַקומען א שיסעלע קאַרטאָפל, א שטיק ברויט.

ערשט זענען ביידע געווען גלייך צופרידן. אויך בעריש. אויך דער דאָקטער האָט אראָפּגעשמייכלט פון פענצטער:

— אז איך האָב געזאָגט: מיר האָבן נישט דעם רעצעפּט וואָס איך איז נייטיק, קכי־כי־כי...

— קכי־כי־כי! — האָבן געלאַכט, הנאהדיק, צעפּוילטע ציין, קייענדיק ווייסע קאַרטאָפל, שוואַרצע שטיקער ברויט.

און אויף בעטלעך אַרום האָבן ערב־גוססדיקע געקנייטשט הויט־מאַסקעס צו צוויי שיסעלעך קאַרטאָפל, אין וועלכע ס'האָט זיך געפונען אַ רפואה אויך פאַר זייערע חולאתן.

## מלחמה פאַרענדיקט

בעריש איז אַריין אין קישלאַק, אויפגעהויבן דעם צעקודלטן קאָפּ, זיך אַרומגעקוקט. — אַ שטעקן, באַוואַקסן מיט באָרד און פאות.

היינט — אַ מיטנוואָכעדיקער טאָג; פויערים דאַרפן ליגן אויף די פעלדער, רייסן וואַטע, אָנפילן קוישן מיט אורוק, — היינט זענען דאָרפס איינוווינער פאַרזאַמלט אַרום דער טשייכאַנע, צעהעלן דעם זוניקן אַרום מיט ראַשיקע פאַרבן פון זייער הלבשה. אַ שמחה אין קישלאַק? האָט דער עלטסטער, דער ראַיס, שוין ווידער חתונה געהאַט?

ניין.

די מלחמה האָט זיך געענדיקט.

וועט שוין ראַכמאַן, דער ראַיס, מער נישט פליקן דעם קאַילאַק, דאָס געפאַלדעוועטע העמד, פון אַכמעדס ווייב, — זי מער נישט שיקן צום היי.

איז דען אַפּצושאַצן אוזבעקס פרייד, זיין לויב צום ראַיס און אַללאַ?

מיט אַ וואָך צוריק איז בעריש געווען אין קישלאַק, געזען ראַכמאַנען שלעפּן דער אַכמעדאָווע איבערן צעגליטן זאַמד, זי פליקן ביים פאַרביקן קאַילאַק. זי האָט געביסן אויף זיינע באַהאָרטע הענט, געשאָלטן דעם טאָג פון איר געבוירן.

איצט איז בעריש ווידער אויפן דאָרף, זוכט ער ווידער אַרבעט. דער באַביי האָט אים צוגעזאָגט, געהייסן קומען. אַ גוטער באַביי. ער דאַרף אויסקאַלעכן זיין קיביטקע.

שטייט ער, בעריש, ביים אַריינגאַנג אין קישלאַק. געלע מאַטקייט דרשעט אויף גראָז און בוים. פונעם נידעריקן הימלגלאַנץ, פון די אַראָפּגע־

לאָזטע האָריזאָנטן — אוזבעקיש פּייער טרוקנט אויפן גומען, פאַרטריקנט דעם מאַרך. זאָל ער אַריין אינעווייניק? וועט דער באַביי וועלן מיט אים איצט רעדן? אַ לעפּיאָשקע, אַ ברויטפּלעצל, אַ ביסל מילך־קאַטיק — און די ליימיקע קיביטקע וועט שטיין אַ צעהעלטע אין מיטן קישלאַק. עך! כאַטש איין מאָל אָפּעסן, פאַרפּאַקן ס׳מויל מיט ברויט...

האָט בעריש אַראָפּגענומען ס׳זעקעלע פון פּלייצע, צעקנעפּלט ס׳זאַק־עמד. שוויים־ווערעמלעך האָבן זיך גענומען ריטשן איבער פּלייצע און בויך, גענומען בייסן אויף צעראַצט לייב. הינטן — אַ זאַמד־רויך האָט פאַרנעפּלט זונס גלאַנץ. ראַכמאַן איז אָנגעריטן, געהירזשעט צוזאַמען מיטן פערד אַנטקעגן דער טשייכאַנע.

— סאַלאַם־אַלייקום, גוטע פריינט, אורטאַק־לאַר!

האָבן אוזבעקן אונטערגעהויבן בערד פון צעפּאַרעטע פּיאַלעס, פאַר־דעקט פּאָרצעלייענע טשייניקעס מיט פאַרביקע פאַטשיילעס און מיט אַ האַנט אויפן האַרץ באַגריסט דעם ראַיס:

— אַלייקום־האַסאַלאַם, גוט פעטערל, אַקאַ־זשאָן!

די סעודה האָט זיך אָנגעהויבן.

אויף ליימיקער ערד, באַלייגט מיט טעפּיכער — אַלט און יונג, די פיס פאַרפלאָכטן איינער אויף איינעם, טיף אונטער זיך; מיט איינגע־בויגענע פינגער געטונקען אין ערדענע שיסלען, געשלונגען הייסן רייז־פּלאָוו.

דער ראַיס איז געזעסן אָנגעשפּאַרט די פּלייצע אויף אַ וואַנט. זיין פּנים, באָרד־און־וואָנסעס, די אויגן — אויסגעפּילט מיט צעשמאָלצענער פרייד — אַלץ פאַרטונקען אין הייסער פּאַרע פון גרינעם טיי. צווישן איין זופּ און צווייטן — גערעדט אייליק, גיך, אונטערגעאיילט די אוזבעקן. באַלד וועט ער דערציילן די נייס פון שטאָט — וואַזשנע נייס.

אַ שטויס מיט וואַרעמע לעפּיאָשקעס האָט זיך אַרויסגעהויבן פונעם פאַרביקן אַרום. אויף אַ קופּערנעם טעלער — טרויבן, אורוק — גרינע בייספּליגן געדראַפּעט אויף צעפּאַרעטע אוזבעקישע בערד. אַ באַביי האָט

ארונטערגענומען די אבייע פון קאָפּ, ארומגעווישט דעם צעקנאָדערטן פּליך. געמאכט אַן עפענונג צווישן באָרד און וואָנסע, אָנגעפּילט ס׳מויל־לאָך מיט ראָזשינקע־קישמיש, געזאָגט:

— ראכמאַט, א לויב דיר, אללא.

די סעודה האָט זיך געהאַלטן אין פאַרענדיקן.

האָבן אוזבעקן ארויסגעשלעפּט פון כאַלאַטן געלע פּושקעלעך, דעם אויסזען פון צייטיקע בארנעס, געמאכט גריבעלעך אין האַנט־דלאָניעס, דאָרט אָנגעפּילט מיט טאַבאַק־נאַס, אריינגעוואָרפן אין מויל, אונטער דער צונג.

די מיטאָג־זון האָט געברימט איבערן קישלאַק.

דער ראַיס האָט אָנגעהויבן זיין רעדע.

די מלחמה האָט זיך שוין געענדיקט. אליין דאָס געהערט אין שטאָט. דאַרף מען די ארבעט אויפן פעלד פארשטאַרקן, פארגרעסערן דאָס אראָפּ־נעמען די וואַטע, מער ווי נעכטן, ווי יענע וואָך.

— אקאַ־זשאַן — האָט די אכמעדאָווע ארויפגעלייגט א האַנט אויפן האַרץ — און ווען קומט אכמעד אהיים?

געצאַפּלט מיט איר פארדאַרטן גוף, מיט די שוואַרץ־גראָע צעפּלעך.

אַלע האָבן געהויבן די בליקן פון דער ליימיקער ערד, ארויפגעקוקט צום ראַיס. ראַכמאַן האָט נישט געענטפערט. זיין אויסזען — א פאַלע־טורטע שאַנק אויסגעפּילט מיט כל־טוב.

האָט זיך שוין די מלחמה געענדיקט?

בעריש איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט ביי א סלופּ, געקוקט צו דער טשייכאַנע, צו די עלטערע פון אוזבעקן, געפינטלט אויף זייערע געל־זשאַווערדיקע ציין. ער האָט אויפגעהויבן א גרינע שאָל פון אַן ארבוז, איינגעגריזשעט די ציין. ווען די אוזבעקן לאַנג דאָ זיצן? און ווו איז דער באַביי, זיין אַלטיטשקער?

ווייסע לעפּיאָשקע און גרינע טיי!

בעריש האָט ארויפגעשטעלט זיין באָרוועסן פוס אויף א טרעפּל, ארוי־בערגעקוקט איבער פארביקער הלבשה, איבער קעפּ ארומגעוויקלטע מיט

ווייסע טיכער. האָט זיך איינגעהערט צו די רייד פון ראַיס. וואָס האָט ער געהערט? אַ קנאַקן פון ציין איבער ווייצענע פלעצלעך, אַ פּאַטשן פון ליפּן אויף פעטן רייז.

— באַ־ביי!

בעריש האָט דערזען דעם אַלטן אוזבעק. זיינע אויגן האָבן זיך אויס־געקיילעכיקט, אַרויסגעשלאָגן פון זיך דעם הונגער. זיך אַראָפּגעבויגן צום דיל, אויפגעהויבן אַ פלוים־קער, פאַרקוועטשט צווישן די ציין. מאַכמעדס קינדער — ווי גאַסטפריינטלעך איר זענט! בעריש איז הונגעריק. צייכנט זיך נישט אויף זיין באַוואַקסן פּנים דער הונגער?

— באַביי־זשאָן!

די אַכמעדאָווע האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער אַן אַלטן אוזבעק. דערנאָך האָבן ביידע אָנגעפילט אַ שיסל מיט פּלאָוו, צעריסן אַ לעפּיאָשקע, אַלץ דערלאַנגט בערישן.

איצט האָט בעריש דערפילט, אַז די מלחמה האָט זיך באמת פאַרענ־דיקט. אַזאַ פרייד! ווען נאָך, ווו נאָך — האָט ער געהאַט אַזויפיל הנאה פון עסן, עך!

אָבער ראַכמאַן איז געווען בייז, אומצופרידן. אַ בייזער ראַיס. האָט געהאַלטן איינגעשטאָכן דעם בליק אויף בערישן: ווער איז דער־אָ?

— איי־לאַ־לי־לו, אַ־האַ, אַל־לאַאַא!

אַן אוזבעק האָט אויפגעזונגען. אַנדערע האָבן אונטערגעהאַלטן. דאָס געזאַנג האָט זיך געצויגן פון אונטער ציינגער, פון דאָרט, ווו עס ליגט דער גרינער נאָס־טאַבאַק. דאָס געזאַנג איז געוואָרן אויסגעשפּיגן צוזאַמען מיט גרינעם לייכעץ.

— ראַכמאַן איז בייז, קום אין קיביטקע, אַפּאַ־זשאָן — האָט דער באַביי אַ שלעפּ געטאָן דער אַכמעדאָווע ביי די צעפּלעך.

האָבן זיך ביידע אויפגעהויבן פון טעפּעך, ביידע, שווער און שנור. בעריש האָט פאַרענדיקט ווישן איבער די ווענט פון שיסל. איצט וועט ער מיטגיין מיטן באַביי, וועט אויסקאַלעכן זיין קיביטקע. ער האָט אויסגעקערט פּנים און אויגן צום ראַיס, אַרויפגעליינט ס׳זעקעלע אויף דער פּלייצע.

ראַכמאַן האָט אים נאָכגעקוקט. וווהין? צו די אַכמעדס? אָפּגעגעסן, אור־טאָק־לאַר, אָפּגעפּריים — דאַרף מען גיין אויפן פּעלד.

— נימאַ־דידע, וואָס זאָגט ער?

פאַר ראַכמאַנען האָט זיך די מלחמה נאָך נישט געענדיקט. ער און זיינע אוזבעקן — צוויי וועלטן. האָבן זיי אים נישט געהייסן גיין אויפן פראָנט? האָט אים די אַכמעדאָווע נישט געביסן אויף די הענט? יאָ, אין פּעלד, אין פּעלד אַריין!

— אזא צעזעצטער גזלן, אנגנאַנססקי! — האָבן אוזבעקן געשאָלטן, געווונטשן זייער עלטסטן אַ גיך שטאַרבן.

און ראַכמאַן? ער האָט זיך געלאָזט איבערן זאַמדיקן שטעגעלע, נאָכגעלאָפן שווער און שנור, איינגעגעסן די פינגער אין באַביים באָרד, אין דער אַכמעדאָוועס העמד:

— אויפן פּעלד, קיזיננגסקי!

און בעריש? דורך זייטיקע וועגעלעך אַנטלאָפן פון קישלאַס, געטאָפּטשעט באָרוועסע טריט אין בריענדיקן זאַמד, געלאָפן קעגן דער זון, וועלכע האָט זיך געזעצט אויפן נידעריקן האָריזאָנט.

# שפּאַנען פליטים

צוזאַמען מיטן חודש אלול, מיט זיין אָנקומען קיין בוענאָס איירעס, זענען אויך אָנגעקומען רעגנס: עס רעגנט בייטאָג און ביינאַכט. דורך פילפאַרביקע נעאָן־ליכטער, פאַרביי טאַנצנדיקע רעקלאַמעס, פאַרבן זיך די קרום־ביימשיקע רעגן־שנירלעך, טונקען אין רויט, העל, בלאָ, גרין; שפּריצן אויף פאַרבייגייערס פּנימער מיט חוצפּה, מאַכן אויפּציטערן אין אלול־טעג.

מאַך איך איצט אַן אלולדיקן שפּאַציר איבער בוענאָס איירעסער גאַסן — פון יידישן צענטער צום שטאָטישן צענטער. וואָס־טיפער, אַלץ העלער שיינען־אויף די פאַרביקע ליכטער, ווערט ליכטיקער אין די אויגן.

און אויבן, דער הימל — אַ שטיק פאַרחושכט געוויין דריקט איבער הויכע מויער־שפּיצן, גיסט זיינע טרערן אויף פאַרביקע רעקלאַמעס, גלייך ער, דער רעגנדיקער הימל, וואָלט געמאַכט אַ דערמאָנונג איבערן צעהעלטן בוענאָס איירעסער צענטער: חודש אלול; אַ חודש פון חשבון! אויך גרייד לעך, אַז דאָס האָט ער, דער וויינענדיק־רעגנדיקער הימל, דערפילט מיינע פייכטע טריט, — וויינט ער אויף מיין פּנים, מאַכט ער צוזאַמען מיט מיר דעם אלולדיקן שפּאַציר...

...און דאַן האָט דער הימל געהאַט אַן אַנדער אויסזען. געווען לויד טער, בלאָ — פּוילישער הערבסט.

מאַך איך איצט אַ שפּאַציר אין יענעם אָוונט אריין. אויך דאַן איז געד ווען חודש אלול.

יאָרן — דאַכט זיך, נעכטן איז עס געווען:

ער הוידעט זיך אויף אַ הויכער פּיראַמידע; זעק, פּעק, לאַכעס — ער טרייסלט זיך אויף זיי. אַן אויסגעמאַטערט פערדל שלעפּט דעם וואָגן איבערן

צעהויקערטן, פוילישן שאָסיי. די נאַכט האַלט אין צופאַלן. און איך שפּאַן הינטערן וואָגן. פעק, זעק, קינדער, וויינענדיקע ווייבער. און ער זיצט אויפן סאַמע שפּיץ. דעם פערדס קאָפּ — אַראָפּגענידערט צו ד׳רערד. דאָס פערד טרייסלט דעם קאָפּ אויף יאָ. און איך בין מסכים. — יאָ. מיר ווערן פּליטים.

אויך דער ייד, וואָס האָט זיך געטרייסלט אויפן שפּיץ פון דער פּיראַ־מידע, אויך ער האָט מסכים געווען: — ווילאַנג וועט איר אַזוי נאָכגיין נאָך אונדזער לוויה? קריכט אַרויף און לאָמיר זיך פילן ווי מתים — אַלע.

זיץ איך אויך אויפן שפּיץ. אונטן — דאָס פערד שפּאַנט די לעצטע גסיסה טריט.

— צופיל מתים אָנגעלייגט אויף דער אויסגעקראָכענער פעל — זאָג איך צו מיין גוטן ייד.

פאַרבעסערט ער: — נישט מתים, נאָר פּליטים.

א באַרעדעוודיקער געווען. האָט ער געוויינט און געזאָגט:

— איך געדענק נאָך די ערשטע מלחמה, ווען מיר זענען געווען פּליטים; ווען יידן פון אַמעריקע האָבן געשיקט אַ סיך אין וואַרשע, גע־האָלפן די פּליטים; אויך אין דער צווייטער מלחמה וועט מען עפענען אַ סיך, טיילן סרופּניק מיט ברויט...

דאָס פערד האָט זיך אָפּגעשטעלט. איך האָב געפילט מיין שווערע משא אויפן וואָגן. בין איך אַראָפּגעקראָכן פון דער פּיראַמידע. זיך אַוועקגעלאָזט איבערן שאָסיי אַ באָרוועסער, אַ צעביילטער, אַ הינקענדיקער. פון הינטן האָט מיך באַגלייט דעם יידנס זאָג: פּליטים.

עס זאָל כאָטש זיין פאַר וועמען צו קאָכן קרופּניקס, אויף וועמען רחמ־נות צו האָבן; אַמעריקאַנישע יידן זאָלן כאָטש האָבן פאַר וועמען צו קלאַפּן אין די פּושקעס. טאַטע דערבאַרעמדיקער... אין זכות פון חודש אלול... פּליטים... עס שפּאַנען פּליטים!

פּליטים געווען און פאַרבליבן...

דערמאָן זיך נאָר ביאַליסטאָק, הא?

יאָ. אַ פּראָסטע האָט געשניטן צווישן די צעדרייוולטע בגדים. אין גרויסן צימער איז געווען וואַרעם — היים פון מענטשן־לייבער, פּליטים

פון ווארשע. א יידיש־אריסטאָקראַטישע שטוב. און אין א ווינקל איז גע־זעסן אויף א קעסטל דאָס גימנאַזיסטל — א צעפּלאָמט בחורל. ער האָט מיך אָנגעקוקט ביים אריינקומען, ביים זוכן דעם ברודער מיינעם, לייבטשען, זוכן צווישן פוטער־סוחרים, וואָס האָבן פאַרהאַנדלט פּאָקענע שוועניץ פאַר טשערוואָנצעס.

„לייבטשע, לייבטשע, — האָב איך דאַן געציטערט — וואָס עפּעס אזוי פריילעך !"

האָט דאָס גימנאַזיסטל א קרומען בליק געוואָרפן אויף מיר :

א בעזשענעץ !

נו, יאָ, א „בעזשענעץ" איז געווען ענלעך צו א גנב ...

דערנאָך האָב איך דאָס גימנאַזיסטל באַגעגנט ערגעץ אויף האַלב־וועג ארומגעפּליקט, אויפגעשוואָלן. דאַן האָט ער זיך אויך געהייסן אריינ־חשבונען צווישן די „בעזשענצעס", געוואָרן א פּליט צווישן פּליטים ...

פּליט. אַנטלאָפן פון היים. און קיין היימיש שטיבל אינערגעץ נישט באַוויזן אויפצובויען. ווי אזוי מאַכט מען דאָס ? ווי בויט מען זיך א נעסט אין אייביקער פרעמד ?

דאָס יידישע אַמעריקע האָט געקאָרמעט די פּליטים מיט קרופּניק און ברויט. אָבער קיין משפּחהדיקייט נישט געשאַפן. אַנדערע זאָגן : נערוון, ביטערער נעכטן און יסורים. דאָס שאַפט איינזאַמקייט. פאַראַן יחידים וואָס פּאַסן זיך גיך אריין ... זענען דען אַלע פּליטים פאַרבליבן צדיקים ? און אפילו א צדיק איז דאָך אויך נישט ריין פון זינד ! ...

שלעכט צו זיין א פּליט, וואַנדערער, אַן אויסגעריסענער פון היימישער סביבה.

שלעכט צו זיין א „רעפּיודזשי", ווי ביטער ס'איז געווען צו זיין א „בעזשענעץ". אין לאַטייניש אַמעריקע הייסט עס גאָר : „גרינגאָ". וואָס איז די נפקא מינה ? —

... שפּאַן איך אונטערן אַלולדיק־פאַררעגנטן הימל אויף דער ברייט־סטער, ליכטיקסטער גאַס פון בוענאָס־איירעס, שפּאַן צווישן רעקלאַמעס, נעאָן־ליכטער און אָט אזוי — א שפּאַציר אוועק צו יענעם אלול : יאָרן פון א פּליט, משונהדיקע און מיתה־משונהדיקע יאָרן.

אַט נעכטן איז עס פֿאַרגעקומען; היים פּייער בריט נאָך אונטער די טריט — איצט, איז רעגנדיקן אלול־שפּאַציר...

א פאַלשע מטבע גיט אַרויס פון זיך אַ פאַלשן קלאַנג, אַ פאַלשן טאָן. עס הערט זיך אַ ווידערקול, אַ מטבע ליגט אויפן טיש — שלעכט נאָכגע־מאַכט: אַ פרעמדע, אַ פאַלשע זאַך.

אַזוי איז צו פאַרגלייכן דעם היימלאָזן וואָס איז פאַרוואָרפן געוואָרן ערגעץ אין אַ פרעמד, צווישן פרעמדע מענטשן און פרעמדע מנהגים. ער באַמיט זיך צו אימיטירן דעם איינגעזעסענעם — בלייבט עס נישט מער ווי אימיטאַציע: ער טראָגט זיך אַרום מיט אַ פאַלשער מטבע. אויסערלעך גלאַנצט עס, אינעווייניק — אַ שטיק גלאָז שטאָט אַ בריליאַנט.

אפילו אַזאַ איינער לאַכט, כסדר אָנגעפּילט מיט צופרידנקייט, איז עס נישט מער ווי איינגערעדטע זעלבסטצופרידנקייט, חיי שעה. געגליכן צו אַ ציינלאָזן זקן, וועלכער קייט מיט די יאַסלעס, אָבער פילט נישט קיין טעם אין קייען.

ספּעציעל פּאָדערט זיך היים און אָנהאַלט פאַר אַ שרייבער. אָן דעם — מעג ער שרייען אויף די העכסטע קולות: „דאָ איז מיר גוט", פילט זיך אַרויס פון דער דאָזיקער „גוטסקייט" בלויז די צייטווייליקייט, די זעלבסט־הנאה.

בפרט קאָן אַ שרייבער נישט שאַפן אָן צו האָבן דעם פּאָזיטיוון טיף פאַרן אויג. ער ברענגט אים אַרויס, בעסער: ער קוועטשט אים אַרויס, אָבער עס בלייבט אַ טויטע זאַך. אָן סביבה, אָן היים בלייבט דער שרייבער צו־גלייך מיט זיין שאַפן — אָן אָנהאַלט. ער איז באָדנלאָז.

און די דאָזיקע באָדנלאָזיקייט פילט דער יידישער מענטש אומעטום, זינט זיין אַרויסגעריסן ווערן פון אַ דורות־אַלטער היים. אויך דער נישט־פאַלשער שרייבער קאָן זיך נישט אַריינפּאַסן, אפילו ער זאָל דאָס וועלן. פון זיין שרייבן אַרויס מוז זיך פילן די אָנהאַלטלאָזיקייט, די פרעמדקייט פונעם אַרום.

אָדער ער שאַפט בכלל נישט, אָדער — זיין פּען איז כסדר אָנגעשטעלט

צו דער בענקשאַפט פון אַ געוועזענער היים, אויך צו אַ היים וואָס געפינט זיך ערגעץ־ווו.

## אַן אַ צוואה

אין זיין באַרימטער דערציילונג „שוויַיג, שוועסטער!", האָט ה. ד. נאָמבערג געשילדערט אַ טיפּ פון אַ יידיש מיידל, וואָס האָט שוין „גע־האַלטן אין אָפּבליען", גענומען פילן דעם ווידערווילן צו מענטש און לעבן. — האָט זי, דאָס דאָזיקע מיידל, אַנטוישט און אומבאַהאָלפן, אַרומ־געטראָגן אַ גאַנץ לעבן מיט זיך אַ פלעשעלע סם, „ציאַנקאַלי". טאָמער קומט די מינוט — אַן עק! אַ לייכטער טויט. אויסגעזופּט און זיך איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע. אָבער דער חשק צום לעבן האָט נישט דערלאָזט אויס־צופירן די מחשבה. יאָרן האָט דאָס מיידל, פעליע, געטראַכט וועגן פלעשעלע, זיך געטרייסט דערמיט, פילאָזאָפירט וועגן לעבן און טויט. בלויז אַ גרענעץ, אַן איבערגאַנג. מען דאַרף האָבן מוט; מען דאַרף קענען „שטאַרבן רואיק און שיין, נישט אין איילעניש און כאַפּעניש". האָט זיך אַזוי ביי דער דאָ־זיקער פעליע אויסגעשפּינט אַ לעבנס־שטייגער, וואָס האָט געהאַט אין זיך פעדעם פון טויט, — נישט שרעקלעך. און אַז די נאַכט איז געקומען, ווען זי האָט ענדלעך צוגעטראָגן דעם סם צו די ליפּן, האָט פעליע זיך ווידער פאַרטראַכט איבערן לעבן: ווער איילט זי דען? האָט זי ווער גערופן אַהין? אינדערפרי האָט זיך פעליע דערפילט אַ ניי־געבוירענע. דאָס איז דאָך געווען דער אמת. נישקשה. אַ ניי לעבן, בלויז אויף דערוויַיל. סיַיווי שטייט זי אויף דער שוועל פון טויט.

אַ גאַנץ לעבן געשטאַנען אויף דער גרענעץ, צווישן לעבן און טויט — אַזוי אַריינגעלעבט אין מיידלשער זקנה. די מאַמע געשטאָרבן, אַ שוועס־טער אונטערגעוואַקסן; לאַנגע יאָרן פאַרביי, און זי — וואָס עפּעס — זיך דערמאָנט אָן יענעם ציאַנקאַלי, וואָס ליגט אויף דער „ריכטיקער מינוט". און אַזוי, באַגלייט פון פלעשעלע סם, האָט זי, די אַלט־געוואָרענע שוועס־טער, געטרייסט דער יינגערער, וואָס האָט אויך איבערגעלעבט די אייגענע ליבע־אַנטוישונגען, אויך געוואָלט שטאַרבן. „איך האָב דאָס אַלץ דורכגע־לעבט, לאַנג, שוין לאַנג, און דו זעסט דאָך — איך לעב . . . "

לסוף האָט די ציאַנקאַלי באַזיגט דעם ווילן צום לעבן: פּעליע האָט אויסגעטרונקען דעם סם, איבערגעלאָזט אַ צוואה דער יינגערער שוועסטער, זי זאָל שווייגן, קיינעם נישט דערציילן וועגן אירע, דער יינגערער שוועסטערס, ליידן.

אין די דערציילונג כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם מענטשס לעבן. יאָרן לויפן פאַרביי. יעדער טאָג אויסגעפּילט מיט שרעק פאַר דער לעצטער שעה. ביי שרייבערס הייסט עס: אַריינפּאַקן זיך אין דער אומשטערבלעכקייט, נישט פאַרגעסן ווערן פאַר דער וועלט; טאַטע־מאַמע לאָזן זיך פאָטאָגראַפירן, כדי זייער אומשטאַרביק בילד זאָל אַראָפּקוקן פון דער וואַנט. מען שטעלט זיך מאָנומענטן ביים לעבן און מען שטעלט נאָכן טויט. ביי לעבעדיקע מענטשן ליגן פאַרטיקע צוואות, וואָרימען זיך אין סייפס, ווערן אויפגעהיט אַ לעבנלאַנג. דערגרונטעווע זיך וואָס ביי יענעם אין מוח פּיקט. מען לעבט־אָפּ ביז דער טיפער זקנה — אין שרעק פאַר דעם אומזיכערן מאָרגן. ביי אַנדערע ווערט עס גאָר אַ פילאָזאָפיע. טייל שפּאַסן דעריבער. קאָן מען זיך אויסהיטן? אפשר פאַרענדיקן און אַ סוף זאָל קומען צו דער בסדרדיקער מורא!?

אין צעטומלטע טעג שרעקט נישט דער טויט. שוין געזען ערגערס. ערגער פון טויט? אין יאָרן פון גאַז־סם, באַגראָבן לעבעדיקערהייט — איז דער טויט געווען אַ לוקסוס.

אין די דאָזיקע „לוקסוסדיקע" טעג זענען מיר געגאַנגען איבער אַ בריק, אַ קליינע גרופּע, געגאַנגען איבער וואַקלדיקע ברעטער. אינמיטן — אַ טיף, אויפגעריסן לאָך. אַ באָמבע איז געפאַלן אויף דעם פּלאַץ. אונטן שווימט דער טייך, אויבן — אָט־אָט און די בריק פאַלט־איין. נישט קיין צוריק, נישט קיין פאָראויס.

האָט דער ווילן צום לעבן אויסגעפונען אַזאַ פאָרטל, אַז מיר זאָלן זיך אַריבערדראַפּען גאַנצע — איינער איבערן צווייטן.

אָבער יענע לאַנגע שעהן זענען געווען אַזוינע אויפטרייסלדיקע, אַז עס האָט זיך איינגעבאַקן אין גדאַנק — דער אויסזען פון אייגענעם אומקום. שעהן ווי יאָרן — און די זאָרג פאַר גאָרנישט איבערלאָזן נאָך זיך איז געווען ערגער פון טויט. האָט איינער דעם צווייטן אָנגעזאָגט, פאַרזאָגט,

אויב וועט ער בלייבן לעבן, זיך ראַטעווען, זאָל ער ערגעץ אויסקריכן און אויפשריפּט: אַזאַ נאָמען געווען און נישטאָ מער.

טויזנטער יאָרן פאַרביי, אוועק אין געשיכטע — אַ פּרימיטיוו לעבן געווען. וואָס האָט די מאָדערנע צייט געגעבן אַנטקעגן יענעם פּרימיטיוויזם? דאַן האָט די נאַטור פאַרשאַפט דעם מענטש לאַנגע יאָרן. די איצטיקע לאַבאָראַטאָריעס האָבן אויסגעפונען דעם שטאָף פון אַ נאָדל אין די אָדערן. מאָדערנע ווייסנשאַפט. ביזן דערגיין צום גרונט מוז מען גרונטעווען, פאָרשן. נישט לייכט גייט עס צו. די מאָדערנע ווייסנשאַפט איז געשאַפן פון מענטש לטובת דעם מענטש — פאַר אַ לייכטן אונטערגאַנג, דעם מענטשס. שטאַרבן נאָרמאַל — דערצו מוז מען נישט האָבן קיין ציוויליזאַציע. אויך אַ הונט נעמט און שטאַרבט אַוועק. כדי דער מענטש זאָל שטאַרבן, האָט געמוזט אויפגעבויט ווערן דאָס וואָס מיר רופן אָן — ווייסנשאַפט. דער פּראָפעסאָר זאָרגט פאַר זיין אייגענעם און פאַר זיין חברס לייכטן טויט.

סם־פּליסיקייט אין מענטשס אָדערן האָט פּראָגרעסירט: זיך געלוינט דאָס בויען אוניווערזיטעטן, געלוינט דאָס אַריבערוואַקסן אונדזערע קוזינעס און פעטערס — די מאַלפּע־שימפּאַנזע און גאָרילע.

ס'איז גוט.

איז נישט אונדזער איצטיק לעבן ענלעך צו יענער בריק, אויף וועלכער מיר, אַ גרופּע אויסגעריסענע יידן, האָבן זיך געוואַקלט צווישן וואַסער און הימל, צווישן אונטערגאַנג און ווידער־אונטערגאַנג? די וועלט און אירע מענטשן וואַקלען זיך, שאָקלען זיך: אָט וועט עפּעס איינפאַלן, צודעקן, פאַרדושען. און עק!

אַ צעטומלטע וועלט.

מען פילאָזאָפירט איבערן לעבן — און פאַרלוירן די באַציאונג, דאָס געפיל צום לעבן.

נאָמבערגס מיידל האָט דאָס אויסקאַלקולירט. זי האָט אַ גאַנץ לעבן אַרומגעטראָגן דאָס פלעשעלע ציאַנקאַלי און לסוף, אין שרעק פאַר אַ

שווערן טויט — זיך צעקושט מיטן פלעשעלע סם: „שוויג, שוועסטער!",
דערציייל נישט פון דיינע ליידן.

אונדזער דור ווערט אָבער צוגעגרייט — אוועקצוגיין אָן א צוואה.
נישט זיין קיין צייט דערויף. מ'וועט נישט פילן די אָנקומענדיקע, לעצטע
מינוט — — —

## גוט און שלעכט

ארום א פארשלאָסן געשעפט שטייט א מענטשן־געזעמל, קוועטשט
זיך צו דער פארמאכטער טיר, ווארפט בליקן צום שמאָלן אויסשניט,
וואָס איז ספּעציעל געגרייט געוואָרן פארן בריוווטרעגער. פון דאָרט, פון
דער שמאָלער עפנונג, הערט זיך א טרויעריק געוויין, וואָס פילט־אָן מיט
רחמנות יעדן פארבייגייער. דאכט זיך, אז דאָרט, הינטער די געשלאָסענע
טירן, ליגט פארשפּארט א מענטשיש קינד. טאטע־מאמע זענען אוועקגע־
פאָרן אָפּרוען. האָבן זיי פארגעסן מיטצונעמען זייער קינד, עס געלאָזט
פארשלאָסן, אָן לופט, אָן עסן, אָן וואסער.

שפּארט מען זיך צו דער טיר, גיט מען זיך עצות. און דאָס געוויין
פארהילכט דעם ארום. אָט דראַפּעט זיך ארויס א פיסל דורך דער עפנונג,
איין פיסל, א צווייטס. נעבעך.

פלוצלינג רייסן זיך אָפּ אַלעמענס בליקן פון דער טיר. א ווייבל
איילט פון קעגנאיבערדיקן טראָטואר. זי האלט אין די הענט א פלאַש.
מען מאכט פּאר איר פּלאַץ. אויף דער שפּיץ פלאַש איז פארזעצט א „מאַמ־
קע", אַזוינס, מיט וועלכן מען „פּאָיעט" א קינד. דאָס ווייבל איז שטאַרק
צעשמייעט. מיט ציטערדיקע הענט זעצט זי אריין די „מאַמקע" אין טיר־
שפּארע און אַלעמענס בליקן שטעלן זיך אָן אויף דער ווייסער פליסיקייט
אין דער פלאַש. דאָס קעצל אינווייניק ציט, ציט... דאָס געוויין האָט
אויפגעהערט. מחיה געווען א קעציש נפשל אין איינעם א צעזונטן פרי־
מאָרגן...

שטייענדיק צווישן דער מענטשן־מאַסע, זעענדיק ווי א ווייבל דער־
האלט ס'חיות ביי א קעצל, טרינקט עס אָן מיט מילך, האָב איך זיך דער־
מאָנט אָן איינער אן ענלעכער געשיכטע:

אויף א זייטיקער באַלינינע, בשכנות פון א גרויסשטאָטישער סטאַ־ציע — ערגעץ אין אוקראַינע — שטייט א מענטשן־געזעמל נעבן א וואַ־גאָן, קוקט אַרום זיך מיט צעשראָקענע בליקן. אויפן פאַרקראַטעוועטן וואַ־גאָנפענצטערל דראַפּעט זיך א הענטעלע און פון אינווייניק א קרעכצנדיק געוויין. דער וואַגאָן איז פאַרשלאָסן.

דעם היינטיקן מיטנאַכט האָט זיך דער דאָזיקער צוג אַרויסגעריסן פון דער פראָנטלינינע, דערפאָרן ביז אַהער, דאָ שטיין געבליבן. פאַרטאָג איז געקומען א ידיעה, אַז דעם שונאס עראָפּלאַנען גרייטן אַן איבערפאַל אויפן שטאָטישן וואָקזאַל. האָבן די סאָלדאַטן אַרויסגעטריבן די מענטשן פון זייערע וואַגאָנעס, זיי אָפּגעשלאָסן פון דרויסן (א מיליטערישער צוג מיט אַמוניציע און אָפיצערן־משפחות) און אין דער בהלה האָבן טאַטע־מאַמע פאַרגעסן מיטצונעמען זייער שלאָפנדיק קינד.

דער טומל פאַרביי — דער שונא האָט אויסגעמיטן דעם וואָקזאַל. אָבער דער סאָלדאַט מיטן שליסל איז ערגעץ פאַרשוווּנדן.

זענען אַלע געשטאַנען אַרום דעם וויינענדיקן וואַגאָן, זיך געריסן צום פענצטערל, געוואָלט מיט עפּעס העלפן דעם שרייענדיקן קינד.

שוין ווייט אינמיטן טאָג. דער צוגפירער וואַרט אויף א באַפעל, כדי ווייטער אָוועקצופירן די וואַגאָנעס.

קיין באַפעל קומט נישט. דאָ דאַרף געעפנט ווערן א פראָנטלינינע.

און אויבן, אויפן פענצטערל, דראַפּעט זיך דאָס קינד. ווי לאַנג נאָך וועט עס זיך דראַפּען? ווי לאַנג נאָך וועט עס האָבן כוח צו שרייען, צו בעטן הילף?

פּלוצלינג האָט זיך באַוויזן א ווייבל פון ערגעץ מיט א גרויסער פלאַש, אייליק געלאָפן צו וואַגאָן...

סוף־המעשה?

דעם וויינענדיקן קעצל, וואָס האָט געצויגן מילך פונעם רחמנותדיקן ווייבלס פלאַש, דעם דאָזיקן קעצל האָט בעסער צוגעשפּילט די מענטשן־ליבע, ווי יענעם קינד אינעם פאַרשלאָסענעם וואַגאָן. ווייל דאָ איז דער דרויסן געווען א זומערדיקער, געווען צייט דעם קעצל צו פּאָיען א גאַנצן מעת־לעת אפילו. און דאָרט — אַרום יענעם וויינענדיקן וואַגאָן — האָט

זיך פלוצלינג אויפגעהויבן אַן אַש־נעפּל, פאַרשלונגען אַלץ אין זיך. אַ באָמבע האָט אויפגעריסן איבערן וואָקזאַל.

...און מיר, לויפנדיקע פון וועלדל צום געעפנטן סטעפּ, האָבן לאַנג געהערט דעם אָפּהילך פון קנאַלנדיקער אַמוניציע אין וואַגאָנעס, לאַנג געהערט דאָס געוויין פונעם בעטנדיקן קינד — האָט לאַנג געקלונגען אין די אויערן דאָס געוויין פון אַ קינד — אַ געוויין וואָס האָט זיך אויסגע־מישט מיט געשרייען פון צעפּערטלטע גופים...

פילמאָל טרעפט, אַז אַ מערדער פאַרטיידיקט אין געריכט זיין אומ־שולד מיט דער איינציקער לאָגיק: ער האָט געהרגעט מחמת רחמנות; האָט געוואָלט באַפרייען זיין פריינט פון אַ שווערער חולאת. האָט ער אים דערשאָסן אָדער דערטרונקען.

דאַרף מען אַזאַ מערדער אוועקזעצן אויף דער באַשולדיקונג־באַנק?

דער מענטש איז בטבע אַ בעל־רחמנות. הערט ער, ווי ביי איינעם איז דאָס צרות־לאָגל איבערגעפולט, פּאַרציט ער אַ גרימאַסע, דערלאַנגט ער אַ ביטערן קרעכץ און פּרווט זוכן אַן עצה. מען דאַרף העלפן כאָטש מיט אַ ניקל. וואָס איז דען אַ ניקל? אויב טייערער — מוז מען זיך פאַר־טראַכטן. וואָרום אויף דעם גוטן מענטש איז דאָך אויך אַ רחמנות. אוועק־געבן אַ גאַנצן טאָלער? וויפל מאָטערניש קאָסט עס ביז אַ טאָלער פאַר־וואַלגערט זיך אין טאַש. אַזוי ווייט טאָר דאָס רחמנות־געפיל נישט גרייכן. דאָס אייגענע לעבן געווינט מען נישט אין קאָן. ביז מען גרייט זיך אוועקצוגעבן אַ האָרעלע פון דער אייגענער גוטסקייט יענעם, דאַרף מען זיך פאַרטראַכטן, צי די דאָזיקע טובה וועט נישט ברענגען אויף זיך קיין רעה.

רחמנות האָבן אויף יענעם און זיך אַליין אומברענגען — דערויף זענען נישט בנמצא קיין בעלנים. פאַרקערט — יאָ: מאָרדן יענעם צוליב רחמנות, מיטגעפיל צום געפּייניקטן און צו זיך, דערלאַנגט ער אַ פּאָרציע סם, אָדער אַ קויל אין ברוסט. פון אַזאַ טאַט קומט אַרויס טאָפּלטע צו־פרידנקייט: באַפרייט אַ ליידנדיקן און באַפרייט זיך פון ליידן.

צוואָס אַריינטראַכטן פיל אין דעם ענין? אַזוי האָבן געפּסקנט די־

דייטשן. קען ווער זאָגן, אַז דייטשן האָבן נישט אין זיך קיין רחמנות אויף יונגע באַשעפענישלעך? זיי האָבן אָבער אָפּגעשאַצט די רחמנות־דיקע אָרנטלעכקייט פון יענעם מינכענער דאָקטאָר וואָס האָט אָפּגעסמט הונדערטער קינדער — מחמת רחמנות צו זיי. דעפעקטיווע קינדער. און אין מלחמה־צייט, ווען רפואות זענען נייטיק פאַרן סאָלדאַט אויפן פראָנט, האָט יענער דאָקטאָר אָפּגעטאָן אַ פּאַטריאָטישע טאַט. ווי האָט ער כוח געהאַט צוצוזען די ליידן פון אומשולדיקע עופעלעך? האָט ער זיי, איי־ניקע הונדערט, פאַרסמט — מחמת רחמנות. און דאָס געריכט האָט אים באַפרייט.

אויך אַ דייטש האָט אין זיך רחמנות. און פאַר מאָרד צוליב רחמנות משפּט מען נישט.

זיך פאַרטראַכטן טיפער אין דעם ענין איז אַרויסצודרינגען, אַז יע־דער איינער וואָס שיסט, הרגעט, סמט — אפילו אַ רויבער און סתם־אַזוי־זיך אַ מערדער — אַז די אַלע פּייערן, ווערגן, שטעכן בלויז צוליב רחמנות. אויב נישט אויף יענעם, איז אויף זיך. וואָס איז די נפקה מינה? מיט וואָס זענען די ליידן פון גנב ווינציקער פּיינלעך ווי די ליידן פון באַגנבע־טן? אַ גנב גייט נישט מאָרדן סתם־אַזוי. זיכער קוועטשט אים עפּעס. ער דאַרף געלט. אויך וויל ער טראָגן אַ ווינטערדיק מלבוש. און פאַרוואָס קומט אים נישט דאָס פאַרברענגען אין קאַבאַרעט מיט אַ שיינער פרוי? און אַז ער האָט נישט דאָס אַלץ — פירט ער דורך אַ מאָרד צוליב רחמ־נות. ער האָט רחמנות אויף זיך אַליין. און לאָמיר זיך נאָר אַריינטראַכטן אין דער פּסיכאָלאָגיע פון מערדער, פון דעם, וואָס קוועטשט דעם פינגער אויפן רעוואָלווער־צינגל: אָט וועט זיך באַווייזן דער, צו וועמען ער וועט דאַרפן אָפּפייערן דאָס הייסע שטיק בליי. וויפל עגמת־נפש און צער לעבט יער דורך אין די דאָזיקע פּיינפולע מינוטן! אַלץ טרייסלט זיך אויף אים און אין אים. ווער וויים דען, צי אויך ער, דער מערדער, וועט נישט באַלד אוועקפּטרן זיין לעבן? עס קען דאָך מעגלעך זיין, מ׳זאָל אים כאַפּן און לינטשען אויפן אָרט. דאָס זענען דעם מערדערס געפילן. איז דען נישט קיין רחמנות אויף אַזאַ מערדער?

מאָדערנע לאָגיק.

אנדערע רופן עס אָן: ער פאַרטיידיקט זיך; פּאַציפיסטן זאָגן: מען דאַרף אונטערברעכן מלחמות, ווייל קריג איז מאָרד.

לאַנג וועט נאָך אָנהאַלטן דער וויכוח. דערווייל איז די וועלט אויסגעפילט מיט מאָרד. און ווער ס'שעכט, דער בלייבט גערעכט. שעכט מען דען סתם אין דער וועלט אריין? אַלץ ווערט געטאָן מיט אויסרעכנונג — מאָרד צוליב רחמנות.

ער איז נעבעך א מערדער.

ביים פאַרבייפירן א גרופּע אַרעסטאַנטן ערגעץ דורך א גאַס, האָבן פאַרבייגייערס געטרייסלט מיט די קעפּ, נאָכגעגאַנגען, צוגעוואַרט ביז די אַרעסטירטע וועלן זיך אָוועקזעצן אָפּרוען, דערנאָך א פרעג געטאָן אין דער גרופּע אריין:

— פאַרוואָס אַרעסטירט?

— פאַר גנבענען הינער — האָט איינער געענטפערט.

— נעבעך — האָבן די צוקוקערס געשמועסט צווישן זיך רחמנותדיק — פאַר הינער, נעבעך!

א צווייטער האָט געענטפערט: פאַר צעברעכן אימעצן א ביין. האָט מען אים ווידער באַדויערט: „פאַר א ביין, נעבעך!"

— און איר, פאַניע? — האָבן אַלע אָנגעשטעלט די בליקן אויף א געזונטן ערל — פאַרוואָס איר?

— פאַר א מאָרד, נעבעך! — האָט דער מערדער געקוקט רחמנותדיק צו די פאַרבייגייערס — איך בין נעבעך א מערדער...

## משפחה

א יונג ווייבל וואָס האָט „געזען א וועלט" אין לאַגערן און קאַצעטן האָט אָוועקגעשריבן א בריוו אינעם גרויסן אַמעריקע, געבעטן אויפצוזוכן א גליד פון דער פאַרלוירענער משפחה. די גאַנצע משפחה איז פאַרלוינגעגאַנגען. האָט אַליין געזען און געפילט. בלויז זי האָט זיך געראַטעוועט, זי און א קוזין, וואָס האָט מיטגעווייטיקט, מיטגעליטן, שיער נישט אַראָפּ פון זינען...

האָט דאָס ווייבל געשריבן אַ בריוו צום קוזין, אים דערציילט וועגן די גרויסע צרות אין לאַגערן פון דייטשלאַנד. אָבער די משפחה האָט נישט גע־ענטפערט. איז דאָס ווייבל געפאַלן אויף אַ פּלאַן: געשריבן דער משפחה, אַז זי האָט אַ סך געלט, דאָלאַרן און גאָלד־שטיקלעך, האָט אַן אייגענעם שעווראלעט מיט אַן אייגענעם שאָפער... עס פעלט איר בלויז אַ וויזע קיין אַמעריקע. באַקומט זי די וויזע, פירט זי אַריבער קיין ניו־יאָרק קורחס אוצרות, אַזוי זאָלן זיי ביידע — דער שאָפער אירער און דער קוזין — אַזוי זאָלן זיי ביידע לעבן און געזונט זיין. וואָס? איז זי דען אַ שונא איר משפחה? איין גליד געבליבן פון דער גרויסער, פון דער גוטער משפחה אין אייראָפּע. „שיק אַ וויזע און איך ברענג אַ פאַרמעגן" — האָט זי גע־שריבן דער משפחה קיין ניו־יאָרק.

אַ קלוג ווייבל געווען. און דער קוזין אין ניו־יאָרק — ער האָט גע־שיקט אַ וויזע, געקומען צו דער שיף, אָבער — געטראָפן אַ מוראדיקע קבצנטע, נעבעך, דער משפחה זיינער, דעם ווייבל...

משפחה? דו ביזט מיין משפחה? אַז אויסגיין זאָל'ס צו אַלע שונאימס קעפ!... אוים מיט דער משפחה! — — —

...אַ שיין וואָרט: משפחה. ווער האָט דאָס דאָזיקע וואָרט אויסגע־טראַכט? סיידן געראַטעוועטע לאַגערניקעס. דאָס האָבן זיי, די שארית הפליטהניקעס, זיך פאַרלייגט אויף דער משפחה...
משפחה.

אין די ערשטע וואָכן נאָכן אַרויסגיין פון קאַצעט און פון לאַגער ער־געץ האָבן סקעלעטעוואַטע יידן — גאָלדבערג, גרינבערג און הימלפאַרב — געמישט אין ניו־יאָרקער בלעטער און אויסגעזוכט אין די אַנאָנסן: גאָלד־בערגס, גרינבערגס און הימלפאַרבס, זיי אָוועקגעשריבן:

„מיין טייערער פעטער",

„מיין ליבער קוזין",

„הארציקע משפחה" —

זענען פון דאָרט אָנגעקומען פעקלעך אין לאַגער אריין. האָט'ס אָנגע־האַלטן אַזוי לאַנג — ביז די משפּחהדיקע מיסטערס אין אַמעריקע האָבן זיך געכאַפּט, אַז...

מען האָט זיי אָפּגענאַרט מיטן וואָרט „משפּחה”; מען האָט זיי אומ־זיסט און אומנישט טיטולירט מיט „פעטער”, מיט „מומע” מיט „קוזין”, — ביי לאַנגער־יידן איז עס געגאַנגען כּאָדראָם און ס'זענען געווען זאַטע טעג, פריילעכע וואָכן.

דאָס וואָרט „משפּחה” איז זייער לאָקנדיק און זייער וואַרעמדיק. מיט דעם דאָזיקן וואָרט איז מען בכוח ווייך צו מאַכן אַ פאַרשטיינט האַרץ און אַרויסצורופן טרערן ביי דער פריילעכסטער דאַמע.

„מיר זענען בלוט פון בלוט און פלייש פון פלייש”.

נישט אוועקצומאַכן מיט דער האַנט: „מיר זענען דאָך אַזעלכע נאָ־ענטע משפּחה!”

ווי לאַנג איז מען צווישן זיך „אייגן בלוט און פלייש”? ביז מען דער־שנאַפּט אַ הינעריש פּיסל ביי דער משפּחה אין טעפּל. קבצנים האָט מען פיינט אין דער משפּחה. גבירים ווינטשט מען אַן אויסקרענקעניש. זיי נישט העכער און זיי נישט ברייטער פון מיר. משפּחה דאַרף זיין גלייך אויף גלייך.

אַ שטייגער —

פעלקער־משפּחה.

וועט דען ווער וואַגן צו זאָגן, אַז די פעלקער אויפן גאַנצן ערדקיילעך זענען נישט איין משפּחה — איין גאַנצע, איין אַרומנעמענדיקע, ליבהאָבנ־דיקע משפּחה? אפילו ס'איז נישט דווקא אַזוי, — אָבער משפּחה איז עס. און לייבלעכע אויך. און מען קומט זיך צונויף עטלעכע מאָל אין יאָר. און מען זיצט ביי איין טיש .און מען ווינטשט זיך „לחיים”.

איין גאַנצע פעלקער־משפּחה.

דאָס אייגענע — ביי אַנדערע משפּחהלעך, קלענערע, אָבער קרובים דאָך.

אַקטיאָרן־משפּחה,

שרייבער־משפּחה.

שרייבערס, אַ שטייגער, זענען בטבע קבצנים. זיי האָבן נישט איבער וואָס זיך צו קריגן. דאָך פאָרשט איינער דעם צווייטן. אַ מין שפּיאָנאַזש־נעץ ליגט פאַנאַנדערגעשפּרייט אונטער זייערע טריט. נישטאָ איין שרייבער

וואָס זאָל נישט וויסן, ווי עס לעבט זיך ביים צווייטן. משפחה דאַרף אַלץ וויסן. שייך צו זאָגן: האָט גימפּל אָנגעשריבן אַ זאַכעלע, קויט עס זיך ווי גומע. און גרימפּל? ער האָט שוין זיין זאַכעלע איבערגעקייט אַמאָל דריי־סיק און ס'ווערט אים גאָרנישט פאַרמיאוסט צו קייען און קייען, אַז עס גליסט זיך שוין, באמת, שפּייען און שפּייען...

דאָס זאָגט מען נישט הויך. משפחה האָט נישט בטבע צו באַליידיקן. אָבער מען „באַרעדט" זיך סתם אַזוי:

— דו וואַקסט אַ ריז אין דער שרייבער־משפּחה.

און אַז דער „ריז" קערט אַוועק זיין בליק:

— דאָס איז אַ מעשהלעך־שרייבער, קיי און שפּיי.

און וואָס גרימפּל ווינטשט גימפּלען — מעג עס אויסגיין צו אַלע אונ־דזערע שונאימס קעפּ.

אָבער ביים קאַפּעטישל איז מען משפּחה. מען שמועסט ווי ליבלעכע קרובים. בלויז דער בליק פון איינעם צום צווייטן — מבין דאַרף מען זיין!

— איז אַ נישט־פאַרגינערישער, אַ שרפהדיקער, אַן אויפפרעסנדיקער.

מיט משפּחה איז גוט צו גיין אויף קבר־אבות, — גאָלד.

נאָר אויפן בית־עולם איז צו זען, ווי מען איז גאָרנישט־שבנישט; בלויז דאָרט זענען נישטאָ קיין מחלוקתן און קיין נישט־פאַרגינערישקייטן. דער בית־עולם גלייכט־אויס אַלעמען — די גאַנצע וועלט־משפּחה.

# געווזעגנט

אונדזער דור פילט נישט — אַן אומפילנדיקער דור. ער פילט נישט אַרום זיך קיין שום שלעכטס; פילט אויך נישט דאָס גוטס וואָס וואַרעמט אים אונטערן גומען.

אַן אינטעליגענטער דור — אַ דערפינדערישער, נישט־נאַרישער — אָבער שלאָג אים אַ גאַנצן מעת־לעת: אים אַרט עס נישט, ווייל ער פילט נישט.

איז דען פאַראַן אַן ערגערער שונא פאַרן שלעגער, ווי דער וואָס באַקומט קלעפּ און לאַכט זיך גאָר אויס פון זיי, די קלעפּ?!

אַ קינד ווערט געבוירן, מוז עס קומען אויף דער וועלט מיט געוויין; מוז עס פילן דאָס שלעכטע צי דאָס גוטע וואָס די וועלט טראָגט מיט זיך. אַנדערש — ווערט געבוירן אַ מת, רחמנא לצלן, אַ נפש, וואָס איז קיין נפש נישט: גאָרנישט איז געקומען אויף דער וועלט.

אַזעלכע גאָרנישטן, מיליאָנען, שפּאַנען אַרום אויף אונדזער וועלט — און גאָרנישט: זיי פילן נישט צי זיי לעבן צי פאַרקערט.

איז דאָס די גרעסטע טראַגעדיע פון אונדזער דור.

פאַראַן מענטשן וואָס באַוואונדערן דעם שיינעם הימל, קוקן אויף זיין מאַיעסטעטישקייט, אויף זיין פּאָעטישן טעפּיך — בעת מעשה ווילט זיך זיי אויסזינגען דאָס אַלערהעכסטע געזאַנג צום האר באַשעפער, — אָבער זיי פילן נישט דאָס בלאָטע־ריטשקעלע אונטער די פיס, אַ מין בלאָטקעלע, פון וועלכן עס ווערט שווער אַרויסצוקריכן.

אַ דור וואָס פילט נישט. און מיר, מענטשן, לעבן אין דאָזיקן דור. מיר פילן נישט דעם אַרום זיך און דעם אין זיך...

דאָס איז די שווערסטע חולאת, וועלכע האַלט אין קלעם דעם איצ־טיקן דור.

מיר פילן נישט ווי עס פאַרשווינדן די טעג פון אונדזער טראַכטן און פילן — מיר פילן נישט דעם גאַנצן אַרום אונדזערן.

פילן אויך נישט, ווי עס פאַרשווינדט אונדזער אייגן יידיש וועלטל.

נישט געפילט און נישט געטראַכט וועגן געפילן. צוואָס טראַכטן? אַנדערע טראַכטן. כאָטש אויך די אַנדערע פילן נישט וואָס זיי טראַכטן און וואָס זיי ווילן מיט זייער פילן...

פאַראַן אַנדערע וואָס זאָגן, אַז זיי פילן יאָ און טראַכטן יאָ — זיי פילן און טראַכטן פאַר אַנדערע.

דערין באַשטייט טאַקע די אינטעליגענץ פון אונדזער דור.

אַ קליין גרופּקעלע אינטעליגענץ מאַכט זיך פילן אויף די געפילן פון רבים.

געננוג איז בלויז, דאָס דאָזיקע גרופּקעלע זאָל טראַכטן, זאָל אַר־בעטן, זאָל אויספילן טעג און וואָכן. די רעשט — זייט נישט פאַרדאַגהט: מיר דאַגהן שוין פאַר אייך.

ניין־און־נייינציק פּראָצענט פון אונדזער מענטשנטום — מיט ניין חלקים דערצו — קרוב צו די הונדערט פּראָצענט פון דער מענטשהייט לעבט אויפן חשבון פון אייניקע גרויסע, וועלכע פּאָזירן אַרום איבער אַלע וועלט־ווינקעלעך. מען זעט זיי אין דער פּאָליטיק, אין דער וויסנשאַפט, אין דער קונסט און ליטעראַטור.

זיי, בלויז זיי — די דאָזיקע יחידים — מאַכן אַלץ, טוען אַלץ, פילן אַלץ. די גאַנצע וועלט דאַרף זיין פאַרנומען מיט מעסטן די לופט — נישט מיט פּאָליטיק, מיט וויסנשאַפט, מיט קולטור און ליטעראַטור.

איז פאַרשטענדלעך, אַז צו פּאָליטיק און וויסנשאַפט קענען זיך גלייכן בלויז יחידים — אָבער קולטור און ליטעראַטור דאַרף מאַכן דאָס גאַנצע פאָלק...

נישט אַזוי?

דאָס פאָלק דאַרף אַ גאַנץ יאָר, און יעדן טאָג פון יאָר, פילן זיין קול־טור, זיין ליטעראַטור.

איז עס אַנדערש — יחידים זאָגן, אַז זיי פילן דעם טעם פון פאָלקס־קולטור — זאָל זיך דאָס פאָלק נישט דאגהן: די טעג פון אַ גאַנץ יאָר מעגן זיין אויסגעפילט מיט אַנדערע געפילן; פעלן דען זאַכן אויף דער וועלט, וואָס זאָלן בכח מאַכן צו פילן דעם בידנעם מענטש, אַז — — — —
ער לעבט!

אַ רואיק לעבן, אַן אומפילנדיקס — שנייד שטיקער פלייש: דער מענטש פילט נישט...

פאַראַן אין אונדזער דור שרייבערס, וואָס דאַרפן זיך נישט מאַכן פילן ביים שאַפן אַ ווערק: אַנדערע שאַפן אויך פאַר זיי. מען פאַבריצירט. ווי עס איז איינגעפירט ביי דער מאָדערנער מאַשין: שטאַט וואָס דער שוסטער האָט אַמאָל גענייט, געפוצט און געטשוועקעוועט איין שוך אַ האַלבע וואָך, ווארפט היינט די מאַשין ארוים אין איין טאָג הונדערט פאָר שיך.

די מאָדערנע מאַשין ארבעט מיטן שרייפל און שלייפט מיט דער פען. און דאָס אַלץ, די דאָזיקע גאַנצע אַרבעט, גייט אויפן חשבון פון אַ רבים. הייסן דאַרף עס, אַז שוסטערס אַרבעטן און שרייבערס שרייבן. דער אמת: איין געניט שרייפל אַרבעט פאַר אַלע.

איז עס שלעכט?

ניין. און דאָך טויג עס נישט. אַ וועלט האָדעוועט זיך אויף נישט טראַכטן, נישט טאָן און נישט פילן. טעג און וואָכן פאַרשווינדן. דער מענטש פילט נישט זייער טעם. זיי זענען אַוועק — אמת, איבערגעלאָזט הינטער זיך אַ מיליאָן טויט שיך און טויזנט פאַר ביכער — דער מוח האָט נישט אויסגעהאַלטן זיין נאָרמאַלע פונקציע, האָט נישט געטראַכט, נישט פונקציאָנירט און נישט געפילט נאָרמאַל...

עס פילט אויך נישט דער לייענער וואָס דער שרייבער שרייבט.

דער לייענער פילט נישט די ווייטיקן, מיט וועלכע עס ווייעט אויף אים דער שרייבער. ער איז גלייכגילטיק — זאָל ער האַקן אַ טשייניק! אויך פילט נישט דער שרייבער דעם קריטישן און ווייטיקדיקן בליק פון לייענער — זאָל ער קריטיקירן: ווער פילט אים דען! אויך דער מאָדערנער סאָציאַליסט — ביי נישט־יידן און ביי יידן — פילט נישט מער דעם

טעם פון „ארבעט און ברויט"... „ארבעט און ברויט" האָט מען גע־שריגן אמאָל, דאַן, ווען די טעג האָבן געהאַט א טעם, זענען געווען אויס־געפילט מיט טראַכטן און געפילן...

...שלעכט איז דעם איצטיקן טאַטן, ווען ער שלאָגט דעם זון, וויל אים מאַכן פאַר לייט — און יענער לאַכט: עס אַרן אים נישט די קלעפּ, ווייל ער פילט זיי נישט; שלאָג, טאַטע, וויפל דו ווילסט: איך לאַך פון דיר!

די מאָדערנע וועלט איז אויסגעפילט מיט בלויז אַזעלכע זין — זין, וואָס מען איז מיד געוואָרן צו מאַכן זיי פילן, ווייל די מאַכערס אליין האָבן פארלוירן די געפילן, האָבן זיך אויטאָמאַטיש געלאָזט אריינציען אין דער ארומיקער שלווה: גלייכער אליין נישט צו פילן און נישט צו מאַכן קיי־נעם פילן: פאַראַן אַנדערע וואָס טראַכטן און פילן פאַר אַלע און אַלע־מען...

א וועלט אַזאַ — וועלכע מיר אַלע פילן נישט — — — —

## מענטשן און...

די וועלט שרעקט זיך פאַר איבערבאַפעלקערונג, פאַרן כסדרדיקן שטייגן פון דער באַפעלקערונג: עס ווערט ענג אויף דער וועלט. פעלקער צעוואַקסן זיך, האָבן פיל קינדער...

איז כדאי זיך צו פארטראַכטן אויפן אויסדרוק „באַפעלקערונג": פונוואַנען, פון וועלכן שורש, נעמט זיך דאָס וואָרט? דאָס וואָרט נעמט זיך פון אויסדרוק „פעלקער"; און „פעלקער" נעמט זיך פון „פאָלק"; און „פאָלק" ווערט מסתמא צונויפגעשטעלט פון מענטשן. הכלל: איז דערפון געדרונגען, אַז אונדזער וועלט איז צופיל באַפעלקערט מיט מענטשן, וואָס דאָס דאַרף מיינען קורץ —

צופיל מענטשן זענען פאַראַן אויף אונדזער איצטיקער וועלט.

לאָמיר־זשע זיך אריינטראַכטן אינעם אויסדרוק „מענטש": ווער, וועלכער מענטש, האָט רעכט באַטיטלט צו ווערן מיטן וואָרט „מענטש"? פאַראַן לויט אונדזער תורה דריי מינים מענטש: אדם, איש, אנוש, דריי קאַטעגאָריעס, וועלכע מיינען זיכער עפּעס אונטערצושטרייכן, ארויסצו־

ברענגען, אויך — ארויסצוווארפן פון דעם מין, וואָס רייסט זיך דווקא צו טראָגן דעם סינאָנים — מענטש. דאַרף דערפון זיין צו דרינגען, אַז נישט יעדער צופעליק־צווייפיסיקער גייט אַריין אין קאַטעגאָריע „מענטש". אויך זענען פאַראַן צווייפיסיקע מאַלפּעס; אַ בולדאָג וועט שפּאַנען צוויי־פיסיק און אַ בער קען מען אויסלערנען טאַנצן אויף צוויי פיס.

ווער־זשע איז פאַרט אַ מענטש?

פאַר וועמען־זשע שרעקט זיך אַזוי די וועלט?

און — זענען טאַקע פאַראַן צופיל מענטשן אויף אונדזער וועלט?

קומט דאָ אַ קאַטעגאָרישער — ניין!

עס זענען נישטאָ קיין צופיל מענטשן אויף דער וועלט.

ווייבאַלד מיר נעמען אָן אַז דער מין מענטש וואָס געדייעט אויף דער וועלט האָט נישט די רעכט צו טראָגן אויף זיך דעם נאָמען מענטש, איז ריכטיק אויסצושרייען איבער דער גאַנצער מענטש־געזעלשאַפט בקול רם: נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ קיין מענטשן!

באַשפּייזונג? באַשפּייזן דאַרף מען אַלע באַשעפענישן — פון אַ וואַנץ ביז אַ וואַלד־וואַמפּיר; פון אַ לויז ביז אַ לעמפּערט...

מענטש? דאָס דאַרף זיין אַן אײדל באַשעפעניש. ווייל פאַראַן מיני־מענטשן וואָס נישט יעדער וויל שטיין אין זייערע ד' אמות. פאַראַן, למשל, אַ מענטש־אינטריגאַנט, אַ מענטש־מסור, אַ מענטש־דבר־אחר, אַ מענטש־כיטראַק, אַ מענטש, וואָס האָט נישט קיין צורת־מענטש, אַ מענטש... נו, געהערן די דאָזיקע אויך צום סוג מענטשן, כאָטש זיי באַטיטלען זיך אין געוויסע געזעלשאַפטן, הויכע אַמטן, אויף שטענדערס און בימהס, אַז זיי, דווקא זיי, זענען דאָס די שיינע לייט, די וואַזשנע מענטשן?

איז טאַקע כדאי צו וואַרפן אַ נענטערן בליק צו די צוויי מינים: מענטש און אוממענטש. —

איינער וואָס דראַפּעט זיך צו גרייכן אַ העכער שטאַפּל אויף דער פּלייצע פון אַ מענטש, ווייל יענעם אַראָפּשלײדערן צו אַ שטאַפּל נידעריקער — דאָס איז אַן אוממענטש...

...און עס זענען אויך פאַראַן מענטשן, — נישט קיין מענטשן פאַר זיך — פּאַרטייאישע מענטשן; פאַרמאָגן נישט קיין אייגן ברעקעלע מענ־

טישן שכל; זענען בבחינת אַ בער: אַז מען הייסט אים טאַנצן, טאַנצט ער. און עס זענען אויך פאַראַן מענטשן, וואָס זענען מענטשן פאַר יענעם: פאַרקויפן זייער מענטשישקייט פאַר פּשוטע קופּערנע מטבעות, פאַר אַ בײַ־סעלע אויסגעמענטשעלטן כבוד, פאַר זײַן אַן אַלצהייסער, אַלצווייסער אין דער געזעלשאַפט. און עס זענען פאַראַן מענטשן...

און עס זענען פאַראַן אַזוי פיל אוממענטשן און אויס־מענטשן — —

## ...געוועזענע

אַלץ, וואָס געווען, געהער צו פאַרגאַנגענהייט: געוועזענע הויזן, אַ געוועזענער מאַנטל — געוועזענע זאַכן וואָס זענען שוין איצט נישטאָ. זיי האָבן זיך „אויסגעטראָגן", פאַרלוירן דעם גלאַנץ.

דאָס אייגענע — מיט געוועזענע מענטשן.

מיט לעבעדיקע מענטשן וואָס באַצייכענען זיך אַליין, ווי „געוועזענע": געוועזענע מענטשן, אַמאָל אָנגעהעריקע צו דער אָדער יענער פּאַרטיי.

געשיכטע פאַרנעמט אַ חשוב אָרט ביי יעדן פאָלק, — מיט געשיכטע לעבט מען נישט, ווייל געשיכטע געהער צום פאַרגאַנגענעם. און נישט שטענדיק איז שיין צו דערמאָנען געשיכטע. אדרבא, וועט זיך אימיצער וועלן קוויקן מיט דער מעשה פון שמעון און לוי, וואָס האָבן פאַרטיליקט גאַנץ שכם?

נישט אַלע געוועזענע געשיכטעס ברענגען כבוד און נישט אַלע געוועזענע מענטשן דאַרפן דערמאָנט ווערן.

למשל, געוועזענע מענטשן אין אַ פּאַרטיי.

יעדע פּאַרטיי האָט אירע מיטגלידער. יעדער מיטגליד ווייס וואָס זיין פּאַרטיי וויל און וואָס זי איז בכוח אים צו געבן. נעמט ווער אָן דער פּאַר־טייס פּראָגראַם, טוט ער דאָס מיט ישוב הדעת, איז פאַר אים אַלץ גוט, אפילו אַ געוויסער פּאַראַגראַף אין דער פּאַרטייאישער קאָנסטיטוציע, וואָס זאָגט: „הרגע דעם קעגנער!". דער אידעאַליסט וועט זיך נישט אָפּשטעלן אויף סענטימענטן.

עס טרעפט אָבער, ביי אַ פּאַרטיי חבר נעמט זיך וועקן אַ מין יושר: פאַרגיסן בלוט? ניין. ער וועט דאָס נישט טאָן און — ער טרעט אַרויס פון דער פּאַרטיי. געהער אויך דער דאָזיקער צום „געוועזענעם מענטש", בלויז מיטגעפיל צו אים. אַ צייט האָט ער געשטיצט דאָס הרגע־פּראָגראַם און לסוף זיך אַרומגעזען. טענות דאַרף מען האָבן צו אים, דאָך האָט ער באַוויזן צו ווערן „צוריק מענטש" לויט זיין אייגענעם געוויסן; האָט זיך גיך „איבערגעניצעוועט", איידער ס'האָבן געגומען בולט ווערן אין אים די טיפע לעכער. אויך געוועזענע הויזן און אַ געוועזן מאַנטל דינען צום „איבערדרייען" אויף דער צווייטער זייט, ווען דאָס געוואַנט ווערט נישט דורכגעלעכערט, דורכגעפלעקט. באַצייטנס „פאַרכאַפּט" און ס'ווערט צוריק אַ בגד.

פאַראַן אָבער געוועזענע מענטשן, וואָס זענען געגליכן צו געוועזענע הויזן — געלעכערטע און געפלעקטע — בלויז צום אַוועקוואַרפן. צו־שפּעט זיך אַרומגעזען.

צו דעם מין דאַרפן צוגערעכנט ווערן געוועזענע פּאַרטייצעס, וואָס האָבן זיך אַזוי לאַנג געקלאַמערט צום הרגע־פּאַראַגראַף, ווי לאַנג עס האָט זיך זיי קעשענעדיק געלוינט: געשטיצט דאָס „פּראָגראַם" ביז טיף אין דער פינצטערער נאַכט אַריין, — איצט ווערן זיי „מאַרטירער". עס קאָסט זיי דען טייער? קאָן מען דען נישט האָבן קיין צוטרוי צו זייער „ריינעם געוויסן"? אדרבא: ווילסט זען, איך זאָל שפּייען אין דער שיסל, פון וועלכער איך האָב ערשט נעכטן — טאַקע ממש נעכטן — געגעסן? אָט שפּיי איך און זידל איך... בררר! פאַר איין שטיק ברויט וועט ער אַלץ טאָן; נעכטן רופן צום הרגענען און היינט...

געהער דער דאָזיקער מין צו אַ געוועזענעם מענטש, אַן אָפּגעבליאַקעוועט חפץ, וואָס דינט נישט מער ווי צום אַרויסוואַרפן. צו אַזאַ סאָרט „געוועזענעם" טאָר מען נישט האָבן קיין צוטרוי. אומעטום וואַרט ער אָפּ ביז דער לעצטער מינוט. קיין אייגן געוויסן האָט ער נישט. היינט שפּייט ער אין דער נעכטיקער שיסל, מאָרגן וועט ער שפּייען אין דער היינטיקער שיסל.

לאָמיר זיין געוואָרנט פאַר אַזאַ מין סאָרט געוועזענע מענטשן.

אויך אום פּרילינג קאָן מען כאַפּן אַ פאַרקילונג.

אויך קאָן מען טראָגן אַ בלום אין לאַץ און שפּילן די ראָל פון אַ פּאַיאַץ.

די דאָזיקע ביידע ווערטלעך דאַרפן צוגעטשעפּעט ווערן צום מין „געוועזענע", צו אַזעלכע, וואָס בעת זיי זענען דאָ — זענען זיי אויך נישטאָ.

אַמאָל איז ער געווען יונג, האָט ער געשיינט, געווען גערימט — מעג־לעך אַז יאָ. איצט שיינט ער נאָך מיטן אַמאָל, כאָטש זיין פּנים טראָגט אויף זיך מער קנייטשן ווי פּנים; כאָטש ער האָט בכלל קיין פּנים און אויסזען נישט. זיין אַמאָליקער כוח גברא איז שוין איצט פאַרשווונדן (לצים זאָגן אויף אַזאַ איינעם, אַז אַמאָל האָט ער אויך גאָרנישט געהאַט).

און ווי עס איז נישט מעגלעך צו באַהאַלטן שלעכטע ריחות פון פאַרלעגענע שפּייזן, וואָס רייסן זיך אַפּער פון אונטער שיין־פאַרוויקלטע פּאַפּירן, אַזוי וועט נישט העלפן דעם צעקנאָדערטן מאַן זיין באַווייזן ווייסע ציין — די ציין זענען פרעמדע, זענען קינסטלעך־אַריינגעזעצטע.

אַ מענטש דאַרף גערימט ווערן; דאַרף אַליין, זיך אַליין, וואָס ווינ־ציקער רימען.

ווען נישט האָבן קיין פּעולה יענעמס צוגעטיילטע כיבודים, וויבאַלד דער מכובד האָט זיי, די כיבודערייען, נישט פאַרדינט.

ווי עס פּאַסט נישט אין רעגן צו פּאַראַדירן מיט אַ בלום אין לאַץ, אַזוי פּאַסט נישט אַרומצוגיין אין אַ זוניק וועטער און הוסטן.

טוט דאָס ווער יאָ — זוכט ער צו ציען יענעמס בליק אויף זיך, וויל ער, מ'זאָל אים אָנקוקן, אויסהערן: אי מחמת רחמנות און אי ווייל ער געהער צום מין „געוועזענע", צו אַזעלכע, וואָס האָבן אַמאָל אפשר גע־האַט וואָס צו געבן.

אין אַזאַ געזעלשאַפט מוז ווערן קאַלעמוטנע, מוז מען דערפילן, אַז אפילו אום פּרילינג קאָן אויך צעשטערט ווערן די אויסגעבענקטע און גע־זוכטע פרייהייט...

# אייגנאַרטיק

פאַרשידענע מינים געלעכטערס פאַראַן; אויך פאַרשידענע מינים לאַכנדיקע. ווער עס לאַכט מחמת הנאה און ווער — עס קוועטשט ארויס פון זיך אַ מין גיפטיקן שמייכל בלויז. פאַראַן אַנדערע לאַכנדיקע וואָס זייערע פּנימער זענען געוואָרען צוגעשניטן ספּעציעל צום לאַכן. אַנדערש איז עס מיט דעם וואָס לאַכט גיפטיק. אויך ער לאַכט, — אַכוּנוויי צו אַזאַ געלעכטער.

אויך פאַראַן איינער וואָס לאַכט, ווייל מען קיצלט אים. קאָן פון אַזאַ קיצלדיק געלעכטער קיין גוטס נישט אַרויסקומען.

לאַכן, פריילעך זיין — אַזאַ געלעכטער האָט שלום עליכם געמיינט: דאָקטוירים הייסן לאַכן. וועמען? פאַרקרומען דאָס פּרצוף, אויסשפּייען פון זיך אַ דאָזע גיפט און לאַכן — אַזוי לאַכט דער מלאך המוות: ער שפּאַנט מיט דער קאָסע און זיין סקעלעטן־פּנים לאַכט...

לאַכן גייט אַריין אין דער מאָדע, הייבט אָן באַקומען אָנערקענונג אין דער וועלט.

לאַכן ווערט אַ פאַך. לאַכן דאַרף מען קענען, דאַרף מען וויסן ווי אַזוי.

אַ פאַרטאַטש איז דער לאַכנדיקער, וואָס ענטפערט מיט געלעכטער אויף יענעמס ירגזון. ער „לאַכט אים אויס" דאַרף עס הייסן.

אומגליקלעך איז דער לאַכנדיקער, וואָס לאָזט זיך צו־לאַנג קיצלען. ער לאַכט ביז טרערן און ביז — חלשות. טיילמאָל ווערט שפּעט אַזאַ איי־נעם אומצוקערן צוריק דאָס חיות.

בקיצור, זענען פאַראַן אייניקע מינים געלעכטערס און לאַכנדיקע: דער וואָס לאַכט אַרויס פון זיך אַ גיפטיק געלעכטער און דער וואָס לאַכט ווייל מען קיצלט אים; אַ פאַרקרומט פּנים רופט אויך אַרויס געלעכטער. בלויז די וואָס לאַכן, ווייל עס טוט זיי הנאה — זיי געהערן צום זעלטע־נעם מין אין אונדזער איצטיקער צייט.

פאַרשידענע פּנימער פאַראַן: פּנימער, וואָס פאַרמסרן זייערע בעלע־באַטים, דערציילן וועגן שלאָפלאָזע נעכט, וואַגאַבונדישע טעג; פּנימער,

אויסגעפּילטע מיט שטאָלץ און אויך מיט חניפה; פּנימער פון מוסרים, גנבים; פּנימער, וואָס האָבן דעם אויסזען פון פערד, פאַרשידענע חיות, בהמות און אויך פּנימער, וואָס האָבן פאַרדינט געקריינקט צו ווערן מיטן גאָמען מענטש.

באַגעגענען זיך צוויי מענטשן אין גאַס און איינער טוט אַ זאָג צום צווייטן זייער ערנסט און אַ ביסל איבערגעשראָקן: „הערסטו, דיין פּנים שרעקט מיך!" איז צו פילן, אַז דער דאָזיקער צווייטער האָט עפּעס אָפּגעטאָן, אָדער גרייט זיך עפּעס אָפּצוטאָן. זיין פּנים האָט אים פאַרמסרט, אויסגעזאָגט וואָס אין אים, טיף אין אים, עגבערט. זיין פּנים איז פאַרצויגן מיט אַ מאַסקע, האָט זיך פאַרמאַסקירט — נישט לטובת דעם באַלעבאָס.

צעקנייטשטע פּנימער, וואָס פון יעדן קנייטשעלע איז עפּעס אַרויסצולייענען, ווי מען לייענט אַרויס פון אַ געעפנט בוך. דערויף קענען זיך אויס מבינים אויף חכמת הפּרצוף. זיי שטודירן יעמענס פּרצוף הינטער פאַרהאָנגענע פאָרהאַנגען. ספּעציאַליסטן דערויף זענען אויך די פאַרשידענע אויספאָרשערס, איינגעאיבטע אין אויסגלייכן קנייטשן, אין אַרונטערקראַצן די הויט און אַרויסלייענען פון אָפּגעדעקטן פּנים, לייענען . . .

האָבן איצט גרוים דערפאָלג כירורגן־ספּעציאַליסטן, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט אויסגלייכן פּנימער, מיט איבערמאַכן און אַרויפמאַכן נייע הויטן.

מענטשן ווילן אויסזען שיין. ווילן נישט טראָגן אויף זיך קיין מאַלפּעשע צורהס. גייט מען צום הויט־כירורג און ער פירט־דורך אַ הויט־אָפּעראַציע. ער פאַרציט דאָס פּנים מיט אַ גלאַטיקער מאַסקע. אָבער נישט שטענדיק געלינגט עס. סיווי קריכט אַפער פון אונטער דער גלאַטער הויט — דער שיינער מענטש, דער לייטישער פאַרשוין; אויך דער חונף, דער דאָזיקער, וואָס איז געווינט אַרומצוגיין מיט אַן אַרויסגעשטעקטער צונג.

די כירורגיע האָט נאָך דערווייל נישט אויסגעפונען דאָס פאַרטל, ווי צו פאַרבייטן דעם מענטשס צונג. די הויט פאַרבייטן יאָ: פאַרקלענערן וועמענס אַ צונג, זי אַרומשניידן, פאַרגלעטן — צו אַן אַרויסגעשטעקטער צונג איז נאָך דערווייל נישט געפונען געוואָרן קיין רפואה.

# בלעטער פאלן

עס פאלן בלעטער פון בוים. זיי ראנגלען זיך אין דער לופט — און פאלן. ווייל — לכך נוצרת: דער בוים ווערט אנגעטאן מיט בלעטער, כדי זיי פון זיך אראפצושליידערן; כדי זיך אנצוגורטן צום קומענדיקן פריי־לינג, גרייט זיין מיט נאקעטע צווייגן־פינגער אויפצונעמען דעם פרישן אויפ־בלי; דעם יונגן בלעטער־אויפשפראץ.

צייטן בייטן זיך: נאך זומער ווערט ווינטער; נאך טאג — נאכט און נאך יונג־זיין ווערט מען אלט...

וואס איז דען פאראן זיך צו חידושן?

בלעטער פאלן...

אויסגעדרייטע, פארוויאנעטע, צעלעכערטע בוים־בלעטער.

אזוי קוקט אויך אויס דער מענטש אין יארן פון זקנה.

א לעבנלאנג געקעמפט פארן לעבן, פאר אויפהאלטן אויסערלעכן גלאנץ, — איז געקומען די צייט צום פאלן, צום אפטרעטן דעם פלאץ פאר יונגערע, פאר פריש־אויפשפראצנדיקע.

אוודאי, עס פאדריסט, עס טוט באנג: אפגעארבעט און אפטרעטן... נישטא קיין עצה. דערפאר טאקע האסט דאך דו, מענטש, געארבעט, כדי עפעס איבערצולאזן פון דער ארבעט, נאך דער ארבעט — ירושה. נישט אזוי? אט איז זי, די ירושה, טרעט אפ דיין פלאץ...

נייט מען אוועק אן חשק, ווארט מען: אפשר נאך צופרי? נאך א ביסל, נאך א קאפ — לויפט אן דער ווינט און אויס! דער בוים־בלאט וואלגערט זיך אויף פארבלאטיקטער ערד, ווערט פריילעכע שפיל פאר צעפלאמטע שול־קינדער. איצט הייבן זיי אן. זייער צייט רוקט זיך אן. זאל נאר דער ווינ־טער פארביי...

די פאַרגעלבטע בוים־בלעטער, פאַררינצלטע און אויסגעדרייטע, ווערן באַוויינט פון פאָעטן און באַזינגען פון קינדער. דער פּאָעט זעט אינעם פאַלנדיקן בלאַט דעם סוף פון אַ לעבן, אָבער אין דער לעצטער שורה פון זיין ליד בלאָזט ער אריין האָפענונג: און ווידער וועט אויפשיינען די זון. דאָ צעפלאַמען זיך פאַר אים די גליענדיקע אויגן פון שפילנדיקן קינד. ער, דער קליינער, שאַרוועט צווישן די בלעטער, וואַרפט זיי פון אָרט צו אָרט, — דערין ליגט פריילעכקייט פון אויפקום, פון אויפבלי און אויפוווקס.

בלעטער פאַלן — און דער בוים האַלט זיך פעסט אויף זיין פלאַץ.

דאָס אָפּגעלעבטע מוז אָפּטרעטן פאַרן אויפלעבנדיקן.

אזוי דרייט זיך די וועלט מקדמונים. אזא נאַטירלעכן אָנזאָג באַקומען מענטשן, אָנגעהעריקע צום פּראָסטן פאָלק; אויך וועלט־אָנפירערס און מיט־גלידער פון אינטערנאַציאָנאַלן מוחות־טרעסט. עס מוז אָפּטרעטן זיין פלאַץ דער פּאָליטיקער; עס מוז אוועקגיין דער שרייבער.

וואָס איז דען פאַראַן זיך צו חידושן?

דער בוים טרייסלט־אָפּ פון זיך די אויסגעדינטע בלעטער, ציט אויס די פינגער צום הימל, וואַרט אויף זון — אויף נייעם אויפבלי.

אזוי, מסתמא, טוט אויך דער פּאָליטיקער, דער שרייבער. מען האַלט כסדר אין אַראָפּטרייסלען פון זיך יאָרן, בבחינת בוים־בלעטער, — דער שעפערישער גייסט בלייבט. אים, דעם גייסט, וועט איבערנעמען דאָס פרישע, דאָס צאַפּלדיקע, דאָס מיט־כוחות־אָנגעפילטע.

ענלעך מיט איבערבויען שטעט, מיט אַראָפּוואַרפן אַלטע געביידעס.

ציגל ווערן צעקרישלט, צעשטויבט, אוועקגעשליידערט. דאָ איז ביז נעכטן געשטאַנען אַן איינגעפּונדעוועטע מויער, אַ שטוב מיט וואַרעמקייט. דורות זענען דאָ פאַרביי, געלעבט, געחלומט, געוואָרן היימיש מיט יעדן שפּאַרונקעלע אין די ווענט. האָט מען זיך אַרומגעזען: לטובת דעם רבים, לטובת דעם אויסזען פון דער שטאָט — דאַרף מען אַראָפּוואַרפן די דאָזיקע אַלטע, אויסגעוואַרעמטע נעסט, אוועקשטעלן אויף איר פלאַץ אַ יונגע, אַ באַנייטע, אַן אויסגעפּוצטע מיט גלאַנץ און מאַרמאָר.

און דערנעבן שטייט אַ בוים, תושב מכמה יאָרן. דאָס האָט ער, דער־

דאָזיקער בוים, באַשאָטנט אין זוניקע טעג די פענצטער פון דער יחסנותדיקער מויער. איצט ווערן זיינע בלעטער פאַרדעקט מיט שטויב. אין הערבסט וועלן די בלעטער אַראָפּפאַלן צוזאַמען מיט די לעצטע ציגל, אינאיינעם זיך וואַלגערן אויפן פאַרבלאָטיקטן טראָטואַר, ווערן טשעקאַווע שפּיל פאַר צעבאַלעוועטע שול־קינדער.

עס פאַלן פאַרגעלבטע בוים־בלעטער צוזאַמען מיט צעקרישלטע, אויסגעדרייט־אַלטע מויערן.

די שטאָט וויל ווערן יונגער, וויל אייביק אָנהאַלטן דעם יוגנטלעך־צעשפּילטן גייסט.

בלויז צייטווייליק וואַרפן־אָן מרה שחורה זיי, די פאַלנדיקע בלעטער און די שליידערנדיקע ציגל — ביים זון־אויפגאַנג וועט עס ווידער בליִען און ווידער גלאַנצן...

אויך פאַראַן עקשנים וואָס ווילן נישט אָפּטרעטן, וואָס ווילן דווקא, אַז קיינמאָל זאָל זיך נישט ענדערן.

אַזוי זענען אויך פאַראַן בוים־בלעטער מיט אַ יוגנטלעכער מינע אויף זייער צעדריווולטקייט, וואָס קלאַמערן זיך אויף די צווייגן ביזן טיפן הערבסט אַריין, הענגען דאָרט, אָבער אָן לעבן, אָן פרייד פון לעבן. זיי, די דאָזיקע בלעטער, זענען פאַרוועלקט, האָבן פאַרלוירן די צורה פון אַ בוים־בלאַט, קוקן אַראָפּ פאַרחלשטע פון אויסגעקרימטע בוים פינגער, — דאַן קומט דער גערטנער, שניידט אַרום דעם ווילד־באַוואַקסענעם בוים, פּוצט אַרום פון ווילדן אָנוווקס.

עקשנים, נישט בלויז פאַרשפּעטיקטע בוים־בלעטער, וואָס ווילן אויסמיידן זייער נאַטירלעך אָפּטרעטן דעם פּלאַץ — פאַראַן עקשנים צווישן אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן, וועלט־פּאָליטיקער, טוער אין דער געזעלשאַפט און אויך ביי שרייבער.

די דאָזיקע אַלע קוקן אויפן נאָכוווקס מיט פאַרקראַמפּטע בליקן, צאַפּלען מיט פאַרגעלבטע פינגער, שעלטן דעם טאָג פון זייער געבוירן. לכך נוצרת? — פרעגן זיי — דערצו בין איך, וועלט־באַרימטקייט, באַשאַפן געוואָרן, כדי וואָס? צוצוגרייטן פּלאַץ פאַר דעם־אָ?

קומט אויך דאָ דער װעלט־גערטנער, דער װאָס שפּאַנט אַרום מיט זיין שער אין דער פּאָליטיק און אין דער געזעלשאַפט; קומט די „זיבעטע מלוכה" און באַפעלט: אָפּ־טרעטן!

נישט חלילה אַרויסװאַרפן, נאָר בלויז — לאָזן פּלאַץ פאַרן אָנקומענדיקן פרילינג. װי קען דען, לויטן געזעץ פון דער נאַטור, אַ בלאַט זיצן אויפן בוים שטענדיק? אַריינגעגנבעט זיך אין טיפן הערבסט — לאָז פאַרשענערן שטאָטס אויסזען, לאָז צוגרייטן דעם קבלת פּנים פאַרן אָנקומענדיקן, פאַרן אויפשיינענדיקן. אמת, אויך דו װעסט פאַרנעמען אַן אָנגעזענעם פּלאַץ אויפן גרויסאַרטיקן באַנקעט, װעסט זיצן אויבנאָן, — פאַרגעס־זשע נישט, אַז: בלויז אין זכרון... מ'װעט דערמאָנען דיין גלאָררייכע פאַרגאַנגענהייט, דערציילן װעגן דיינע ערשטע אויפבלי־טעג, רעדן װעגן דיין גייסטרייכיקייט, אָבער האַלטן אָנגעשטרענגט די בליקן װעלן אַלע, אַלע חשובע געסט, בלויז אויפן יונגן, אויפן פרישן, אויפן שיינענדיקן... פריש צעגרינטן בוים־בלאַט.

טרעט־אָפּ, דו הערבסט, מאַך ליידיק דעם פּלאַץ! —

יוגנט איז חוצפּהדיק, װי שקאָציש עס זענען שול־קינדער ביים טאָפּטשען איבער אָפּגעבליאַקעװעטע בוים־בלעטער.

בלעטער פאַלן — דאָס איז דאָך נאַטירלעך...

בלעטער פאַלן. נייע קומען אויף זייער פּלאַץ. אַזוי איז דער גאַנג פון דער װעלט.

און דאָך — אַלטקייט איז נישט טריבקייט. די װעלט האָט דורך אַרץ פאַר אַלטע, גייסטרייכע זקנים (אויסער פאַר זקני עם־הארץ, װאָס דעתם מטורפת עליהם...) — קלוגע זקנים באַשיינען שטענדיק דעם אויבנאָן, באַהעלן מיט זייער שכל, — זקני תלמידי חכמים לאָזן נאָך זיך ירושה, פרייען זיך, אויף דער עלטער, מיטן יונגן נאָכװוקס...

װייל די נאַכט װערט אַרויסבאַגלייט פון טאָג, דער װינטער פון זומער און דער אַלטער פון יונגן...

עס פאַלן בלעטער... בלעטער פאַלן...

# ארויס פון דער ריי

אַלט־ווערן איז נישט קיין קרענק, ווי טרינקען אַלטן וויין קאָן נישט פאַרשאַטן. דאָך איז אַ חילוק צווישן אַ זקן אין די זיבעציקער און אַ פלאַש וויין אין די זיבעציקער. וואָס־עלטער דער מענטש ווערט, אַלץ ברוגזער ווערט ער אויף דער וועלט און וואָס עלטער דער וויין ווערט, אַלץ זיסער חנדלט ער צום טרינקער. צוואָס חקרונען, — דער זקן פילט עס סיוווי אין די אַלטע ביינער.

דערפאַר האָט אונדזער תורה געגעבן אַ וואָרנונג: „והדרת פני זקן!״

שלעכט איז צו ווערן אַלט, כאָטש גוטע ברידער ווינטשן זיך „ביז הונ־דערט און צוואַנציק״. אַנדערש איז דער מענטש פון בוים. ביים ערשטן ווערן די גלידער אויסגעדרייט, אויסגעקרעמפּט, באַקומען די מראה פון פאַרפוילט האָלץ, — דער אַלטער דעמב ווערט אָנגעגאָסן מיט שטאַרקייט דווקא ביי זיין טיפער אריינוואַקסונג אין די הויכע יאָרן.

אַזוי קוקט עס אויס ביי מענטשן. דערצו איז נישטאָ קיין עצה.

אַן אַלטער מענטש איז געגליכן צו אַ יונג קינד.ביידן דאַרף מען צערט־לען, אויסהערן, באַווייזן אַ שמייכלדיק פּנים. מיטן יונגן קינד, וואָס פילט־אַן מיט פרייד אַלע שטוב־ווינקעלעך, פרייט זיך די גאַנצע משפּחה. אַז טאַטע־מאַמע ווערן אַלט — סאַראַ חכמה, מ׳שטיינס געזאָגט, ליגט דען אין זייער שמייכלען? ביסלעכווייז, יאָר נאָך יאָר, טרייבט דאָס קינד דעם טאַטן: דער קליינער ציט אַרויף אויף זיך יאָרן, גיסט זיך אָן מיט לעבנס־כוח, בלייבט שטיין אַ מוסקולירטער אַנטקעגן טאַטן, וועלכער איז שוין (טרויעריק צו דערמאָנען) — אַ זקן, אַ טויגעניכטס. אַזוי קוקט ער אויס לגבי דעם זון. אַן אַנדערע געזעלשאַפט. אַן אויסגעוועפּטע פרייד.

שפּילט דערביי אַ גרויסע ראָל דער „כיבוד אב״: טייל־צו כבוד דעם טאַטן ביז ער גייט אין דער אייביקייט אריין; וואָרום אויך דו, זון, וועסט דאָך אַמאָל אַלט ווערן, איינגעשרומפּן ווערן...

אַזוי איז געווען מיט איין דור צוריק. דאַן האָט די יאָרן־באַזעסנקייט צוגעטיילט אַ בכבודיק ווינקל אין דער געזעלשאַפט, געפאָדערט דרך־ארץ,

געטראָגן מיט דערהויבנקייט די שיינע זקנה. אמת, דער ווונטש „אל תשליכ־נו לעת זקנה” איז נישט אויסגעמעקט געוואָרן פון סידור, דאָך האָט דער טייטש געהאַט אַן אַנדער פּנים און אויסזען: „מאַך מיך נישט אַלט, גאָט, איידער איך וועל די קינדער דערציילן פון דיינע ניסים!” ס'האָט געהאַט גאָר אַן אַנדער טעם. דער זקן האָט געפילט, אַז ר'האָט נאָך זיינס נישט פאַר־ענדיקט; ער האָט נאָך וואָס צו דערציילן. און אַזוי — מיטן אויסרייד פון וועלן דערציילן — האָט ער אָפּגעקאָפּעט דעם מלאך־המוות, אַריינגע־לעבט העט־ווייט...

איצט האָט נישט דער אַלטער וועמען צו דערציילן גאָטס ניסים; האָט נישט ווער ס'זאָל פאַרשפּילן און פאַרזיסן זיינע איינגעהויקערטע טעג. דערפאַר איז דער איצטיקער אַלטער בייז, שלעכט, קוקט ער מיט אַ קרומען בליק אויפן אַרום. אַן עובר בטל — זאָגט מען — אַן איבעריקע זאַך, אַ לעבעדיקער מת: מען דאַרף אויסזוכן פאַר אים אַ ווינקעלע ער־געץ אין מושב זקנים; דאָרט איז זיין פּלאַץ.

ווער־ווער, אָבער אַ נאַש בראָט ווייס, אַז אויך יונגע ווערן אַרויסגע־שטויסן פון דער איצטיקער געזעלשאַפט, ווערן דערקלערט פאַר „אומנוצ־לעבע עלעמענטן”. ווייל דעם איצטיקן אויבנאָן פאַרנעמט דער פיזיש־שטאַרקער; ווייל איצט הערשט דער „כל דאלים גבר”: ווער ס'איז שטאַרק, דער האָט די מאַכט.

די לאָזונג האָט געהערשט — און הערשט נאָך — אין די פאַרשידענע „אַרבעטס־לאַגערן”. דאָרט טאַפּט מען די מוסקולן און קוקט מען אין די ציין; דאָרט דאָמינירט דעם מענטשנס געזונטע קראַפט, זיין פיזישער גע־בוי. האָט מען נישט די דאָזיקע מעלות, גייט מען צו גיוועץ, ווערט מען אַ שמאַטע ביי די צוואַנציק און דרייסיק.

דאָס איז די שרעקלעכסטע אַלטקייט. מיליאָנען אַזעלכע אַלטע פאַר־שעמען איצט דאָס פּנים פון דער ציוויליזירטער וועלט.

איז איצט דער טייטש אַ פּשוטער: „אל תשליכנו” — פאַרוואַרף מיך נישט, טאַטע, צו אַלטקייט פאַר דער צייט...

דאָך צווישן אַלע קאָפּ־פאַרדרייעניש פאַרנעמען זיי, די אַלטע, דעם אויבנאָן. מען זוכט פאַר זקנים מיטלען ווי זיך בעסער אויסצולעבן, ווי

פרייליכער אריינצולעבן אין די לעצטע טעג. דאָס איז געוואָרן אַ פּראָב־לעם. און דאָס פּראָבלעם האָט זיך גאָר פאַרשאַרפט, אַריינגעדרונגען אין מוחות פון יונג און אַלט. אוודאי זענען מיר געווינט צו הערן קרעכצן וועגן אַנרוקנדיקער אַלטקייט, הימלאָזיקייט — אַ נאָרמאַלער קרעכץ, וואָס איז אַזוי אַלט ווי אַלט די וועלט איז. אָבער איצט באַקומען די זאָרגן גאָר אַנדערע צרות: פּראָפעסאָרן פאַרווענדן זייער בעסטע צייט אין לאַבאָ־ראַטאָריעס, מאַכן דערפינדונגען, זוכן מיטלען צו פאַרלענגערן דעם מענטשנס לעבן. ווינציק דאָס זיין אָנגעפילט מיט שרעק ביי די זעכציק און זיבעציק — וועלכע האַלטן שוין אָפן דאָס טירעלע צום קבר, — דאַרף מען נאָך חלילה אַריינשפּאַרן אין די הונדערט, ווערן אויסגעשטעלט צו וועלטס נאַר נאָך אַ יאָר צוואַנציק אָדער דרייסיק...

אין דעם איצטיקן טומלדיקן הוהא לוינט זיך בכלל נישט אַלט צו ווערן. אָפּגעגעבן ס'ביסל כוחות, — געגנוג געלעבט, סיידן...

סיידן עס וועט זיך איבערקערן עפּעס אין די מוחות און פירונגען פון היינטיקן דור; עס וועט אויפהערן דער טעמפּאָ פון יאָגן און אײַ־בעריאָגן און פאַריאָגן דאָס אָפּגעטאָענע פון נעכטן. פּשוט: אַז מ'וועט זיך נעמען רעכענען אויך מיט די מעשים פון פאַרגאַנגענע דורות, אַריננעמען אין וועלט חשבון דעם ביישפּיל פון אונדזערע זיידעס און עלטער־זיידעס, וועלן פאַרשטיין און פילן, אַז אויך ביז קאָלומבוסן איז געווען אַ וועלט און געווען מענטשן און ס'האָט געהערשט אַ ציוויליזאַציע, וואָס איז באַ־שטאַנען פון דריי ווערטער:

ואהבת לרעך כמוך.

דאַן האָט מען נישט געזוכט קיין כעמישע מיטלען צו פאַרלענגערן דעם מענטשנס לעבן, וואָס מיינט: אַרויפצווינגען יאָרן; דאַן האָט זיך געגלוסט אַריינצוציען אין דער זקנה, ווערן אַלט און באַקומען דערפאַר דעם געהעריקן פאַרדינסט אין דער געזעלשאַפט.

איצט — קרעכצט מען ביים אַריינשפּאַרן אין דער זקנה, ביים אַרויפ־ציען אויף זיך אַלטע יאָרן. דער היינטיקער דור האָט אויפגעהאָדעוועט אַ יוגנט פון איצט, אַ ברוטאַלע יוגנט, וואָס שטויסט אַוועק אַלץ פון נעכטן,

בתוכם — דעם אַלטן טאַטן. קיינער אָנערקענט אים נישט; פאַר אַלעמען איז ער אַן איבעריק חפץ: „אָפּגעפאָרן"...

דערפאַר שפּראָצט עס מיט אַזויפיל כעס און האַס פון זקן צו דער סביבה. מען טרייבט אים אַריין אין אַלטקייט; מען פאַרטרייבט אים פון דער וועלט נאָך איידער ער פאַרלאָזט זי. וואָרום אַזויפיל יוגנטלעכע רייסן זיך, שפּאַרן זיך מיט אָנגעפּילטע מוסקולן...

עך, ווי עס ווילט זיך נישט אַלט ווערן, ווי גרויס די שרעק איז פאַר יענעם טאָג, ווען אויפן שוואַרצן ברעטל וועט שטיין אַ נאָמען מיט אַ צו־שריפט: „אַרויס פון דער ריי"...

ווי שלעכט עס איז איצט — אַז דער מענטש ווערט אַלט...

## דאָס רעדל דרייט זיך

אַ גאַנץ לעבן דרייט זיך דער מענטש אין אַ מין ראָד, אַ קײַלעכיקן קרייז; זיין איינציקער באַגער — אַרום דעם ראָד, צוזאַמען מיטן ראָד, זאָלן זיך דרייען מענטשן, זאָלן זיך באַוועגן אַרום אים, דעם בחיר היצירה, דעם אויסדערוויילטן און ליימישן. ער האָט דערפון הנאה. דער בלויזער געדאַנק, אַז אַ וועלט דרייט זיך אַרום אים, פילט אים אָן מיט טעם אין לעבן, מיט שיינע געפילן צו זיך אַליין, בלויז צו זיך. איינס און דעם עיקר פאַרזעט ער אָבער — אַז עס קאָן קומען די שעה, אַ נישט־פילנדיקע שעה, ווען ער זאָל ווערן אַרויסגעשליידערט פון ראָד, פון דער דרייענדיקער פאַנטאַזיע, ווערן פאַרשליידערט, אַוועקגעשליידערט פון זיין אימפּולסיוון באַוועגן זיך בכלל. דער מענטש פילט דאָס נישט, ווייל נישט פילן זיין אָנ־קומענדיקן סוף.

דער מענטש, צו מיינען — אַ וועלט מיט מענטשן.

פאַראַן אַ חיהלע אַזאַ, וואָס צייכנט פאַר זיך דעם גאַנג אויף אַ גע־וויסן שפּאַציר־שטח — לויט די אָנגעצייכנטע טריט, וואָס דאָס חיהלע גייט אַהין, מוז עס אויך גיין צוריק. לויערן דערויף וואַלד־יעגערס: זיי גראָבן־אויס אַ שמאָלן גרוב צווישן די טריט פון דעם חיהלע, פאַרלייגן אויבן אַ שאַטקע; זיי ווייסן, אַז דאָס באַשעפעניש וועט נישט אָפּקערן

פון וועג, וועט באַדיי אַריינפאַלן אין גרוב און נישט אָפּקערן פון אירע געצייכנטע טריט ביים צוריקגאַנג.

אויך דער מענטש צייכנט אַ גאַנץ לעבן זיינע טריט, זיין גאַנג אין לעבן. אויך אין דער לעצטער שעה וועט ער נישט אָפּקערן פון אָנגעצייכנטן וועג, פונקט ווי יענע חיהלע וואָס שטייט איבערן אייגענעם גרוב, ווײַנט איבערן אייגענעם סוף...

אַזוי איז עס אין דער איצטיקער וועלט, אין אַ וועלט פון וואַלד־יעגערס.

אַמאָל איז דער טויט נישט געווען שרעקלעך. מען האָט זיך געגרייט צו אים. און עס איז דאָך פּשוט: „אדם יסודו מעפר"... מיט וועלכן זכות זוכסטו דו צו רייטן אויף דיין חבר, דו, בן אָדם? אויף אייך ביידן ווערט דאָך געזאָגט דער סוף־פּסוק: „וסופו לעפר"!... פאַרדין, מיט דיינע מעשים, דעם נאָמען — מענטש!

אַמאָל האָט מען זיך אַ גאַנץ לעבן געגרייט צו עפּעס, צו אַ מין ישיות, וואָס פאָדערט צוגרייטונג: אַ גאַנצע וואָך האָט מען זיך געגרייט צום שבת און אַ גאַנץ לעבן — צום טאָג שכולו שבת...

אויך אין דער מאָדערנער צייט איז פאַראַן אַ שבת אין לעבן, אַ הייליקער טאָג, וואָס דאַרף כוח האָבן משפּיע צו זיין אויף אַ גאַנצער וואָך, אויף יעדער שעה, מינוט און רגע: דעם טאָג דאַרף מען קענען אויפהאַלטן דורכן בלויזן פילן, אַז — דער ראַד־קרייז שליידערט אַרויס יעדן איינעם...

פיינלעך ווירקט זיך אויס אויפן אַרום — דאָס אומגעריכטע, דאָס פּלוצימדיקע. דער מענטש וואָס שטאַרבט פּלוצלינג, זאָגט מען וועגן אים — „געהאַט אַ לייכטן טויט". מען בלייבט אָבער פאַרוווּנדערט: „פּלוצלינג אַוועקגעשטאָרבן! ווען און ווי אַזוי איז עס געשען?" מען הייבט מיט די אַקסלען און אַ שווידער נעמט דורכגען אין אַלע אברים: „ווי אומגעריכט!" אַ נאָמען קריצט זיך איין אין זכרון — פאַרשווינדט. אומגעריכט! אַזאַ טרויער פאַרדרעגנגט דעם לעבעדיקן מענטש, מאַכט אים אויפציטערן — מעג זיין אויף אַ רגע — קעגן דעם אומברחמנותדיקן טויט. אַ שלעכטע בשורה זאָגט מען נישט אָן ראַפּטעם. אַ בעל שכל וועט זוכן די

פאָרם פון ארויסברענגען דעם טרויער, דערציילן וועגן אימעצנס אומקום. אָבער דער טויט וואָס הויזט בשכינות, וואָס פארהאלט זיך א ווײַלע און טוט פלוצלינג א שפרונג ארוים — דאָס איז די שרעק אליין; דאָס באַוואָרפט מיט שרעק דעם גאנצן ארום...

איז פון אזא שרעק תיכף אראָפּצונעמען א מוסר השכל: קיין אייביקייט איז נישטאָ פארן מענטש־באשעפעניש; וואָסזשע בלייבט פאָרט פון דער גוטסקייט אין לעבן? די איינציקע הנאה, דאכט זיך — דאָס אויסהאָמערן א גוטן נאָמען. טוב שם טוב משמן טוב...

ווערט דאָס אוועקגיין פון דער וועלט זיין געגליכן צו א פאָטער וואָס איז זיכער, אז די קינדער וועלן זאָגן קדיש נאָך אים...

דאָס פלוצימדיקע שיידן מיט דער וועלט ווירקט אויף דער סביבה.

מענטשן קלייבן זיך אויס געוויסע נעמען, וועלכע בלייבן הענגען אויפן גומען: דער גרויסער נאָמען האָט געזאָגט דאָס און יענער — געטאָן יענץ. די נעמען פון לעבעדיקע מענטשן ווערן אריינגעלייגט אין געדאנק פון פארערער. מען לייענט זיך אריין אין א חשובן שרייבערס שאַפונגען. דערביי נעמט דעם שרייבערס לעבעדיקער אויסזען שוועבן פאר די אויגן: זיכער אן איידעלער, א פשוטער, א מענטשלעכער; פאראן פון וועמען צו לערנען.

פארשווינדט אומגעריכט יענעמס אויסזען פון לעבעדיקן צעטל, נעמט דער טרויער האסטיק גריזשען: א שאָד, א גרויסער שאָד; ווי ווינציק מיר לעבעדיקע פארמאָגן איצט ערלעכע מענטשן!...

# מענטש מאַלפּע מאַרגאַריטקע

אַ גוטער איינפאַל דאָס צונויפברענגען חיות־וועלט מיט מענטשן־וועלט.

אין זאָאָלאָגישן גאָרטן געפינט זיך אַ שטיק פון אונדזער מאָדערנער ציוויליזאַציע. צווישן די וואַלד־חיות איז פאַראַן מעגלעכקייט צו זען דעם לייב אין אַ מענטשישער פּאָזע, דער מאַלפּעם ציוויליזירטע מאַניערן. פון וויטן שרעקט דער וואַלד.

דערפאַר ציט עס דעם מאָדערנעם מענטש אין זאָאָלאָגישן גאָרטן אַריין. ער וויל זען דאָס בייזע מיט אייגענע אויגן. אויך מענטשן זענען בייז, זענען גרייט זיך איינצופרעסן אין מענטש־חבר. דאַרף מען בלויז וויסן וויאַזוי „אַרומצוגיין" דער געוויסער צווייפיסיקער חיה, זי צווינגען זיך אַריינצופּאַסן אין אַן אינטעליגענטער וועלט.

שרעק האָט גרויסע אויגן, אַ ווילדן בליק.

לעבן אין כסדרדיקער שרעק פאַר דער אַרומיקער ווילדקייט, וואָלט די וועלט לאַנג נישט עקזיסטירט; וואָלטן מיר, בני אדם, זיך געפרעסן מיטן בלויזן בליק, זיך אויפגעפרעסן לעבעדיקערהייט.

איז דאָך דער מענטש אַ ביאָלאָגישער יורש פון זיין מאַלפּע־פעטער. האָבן מיליאָנען יאָרן וועלט־ציוויליזאַציע באַוויזן צו פאַרמענטשלען דאָס מין מאַלפּע־מענטש, מאַכן פון אים — אמת, נישט הונדערט־פּראָצענטיק — אַזוינס, וואָס מיר רופן איצט: מענטש, איז גאָר פאַראַן אַ סברה, אַז טאַקע די איצטיקע שימפּאַנזע און דער גאָרילאָ, אַז אויך פון זיי זאָל ווערן — מענטשן. פאַרקערט האַלט עס שוין דערביי. דעם מענטש ציט עס שוין ווידער צום וואַלד.

ווייסטער וואַלד און וועלפּישע וועלט — אַזביידע וועלן זיך פאַראיי־

ניקן, וועט מקויים ווערן ישעיהס ווונטש: און אַ וואָלף וועט זיך שפּילן מיט אַ שעפּעלע און אַ קליין קינד וועט זיך שפּילן בשכינות...

ציט עס מיך אויך צום זאָאָלאָגישן גאָרטן: צום לייב, צום בער, צום טיגער.

האָב איך, ראשית, הנאה זיך אַוועקצושטעלן קוקן אויף אים, דעם קייסער פון וואַלד.

ער שמייכלט. ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז דאָס בליצן בייז אויפן מענטש וועט אים קיין נוצן נישט ברענגען — האָט ער אויפגעהערט צו זיין בייז. און אַז דער לייב איז נישט בייז — שמייכלט ער דאָך מסתמא. נישט אַזוי? דער לייב איז אויך בכוח צו לאַכן, בלויז דאַן, ווען מען דאַ־קוטשעט אים נישט צופיל. למשל, באַוועגט ער זיך הינטער די קראַטעס, באַוועגט זיך אַן אומרואיקער, קוקנדיק אויף די נייגעריקע מענטשן און טראַכט: וויפל איז דער שיער, אַז ער, דער וואַלד־גיבור, זאָל דאַרפן זיין אויסגעשטעלט צו־נאַרן פאַר דעם מענטשנס נייגעריקייט? נעמט ער און לייגט זיך אַוועק. באַווייזט זיך אַ זלידנע פליגעלע, שטעלט זיך אַוועק אויף דער ברייטער נאָז, דעם לייבס — און אויס מיטן שמייכל, מיטן מיטאָג־שלאָף. ער, דער גרויסער לייב, ווערט אַזוי אומבאַהאָלפן, אַז פון זיי גאַנ־צער גבורה בלייבט גאָרנישט — אַנטקעגן דעם נישטיקן פליגעלע אויף זיין נאָז.

איז ממש צו פילן — ביים קאַמף צווישן לייב און פליג — אַז אויך אַ קליין פליגעלע איז בכוח צו באַהערשן דעם גרויסן לייב, זיך איינצופּרעסן אין זיין ברייטער נאָז און דאָרט פּיקן.

פיזישע גבורה קאָן מען באַזיגן מיט אַ קיצל אונטער דער פּאַכווע.

דער ארי־שבחבורה בלייבט דאָס מאָל אַ מוסטער פאַר די געוויסע שטאַרקע, וועלכע רייסן זיך צום שוואַכערן, ווילן אים באַזיגן.

איז דערפאַר דער טיגער אַן אידיאָט. ער שפּאַנט אַרום אין קלאַטקע, לאָזט זיך גלעטן פון זיין געבוירלינג און — זיין פּנים איז אָנגעפילט מיט רציחה. זיינע אויגן! אַזעלכע גרין־פייערדיקע אויגן זענען בכוח אַ וועלט דורם צו זיין. דאָך — האָט דער מענטש באַוויזן צו באַצווינגען דעם טי־גער, אים אַוועקצוזעצן הינטער קראַטעס.

שטייען קינדערלעך און קוקן. לייב און טיגער — און די קלענסטע מענטש־באַשעפענישן פרייען זיך מיט זייער גרויסן ציוויליזאַציע־זיג.

דער זאָאָלאָגישער גאָרטן איז אַ מוסטער פאַר באַהערשן אויפגע־רייצטע חיה.

אין זאָאָלאָגישן גאָרטן געפעלן מיר אַמשטאַרקסטן די מאַלפּעס. עס ציט מיך צו זיי. מעגלעך דערפאַר, וואָס געוויסע מענטשן האָבן אַ טבע נאָכצומאַלפּעווען, צו וועלן זיין מאַלפּעשער פון דער מאַלפּע אליין. ווילט זיך מיר דווקא שטודירן דאָס מאַלפּע־באַשעפעניש אין אָריגינעלן אויסזען, כדי, לויט דעם וועג, צו קענען אויך דערגיין צום איצטיקן, צום געוויסן מענטש.

דערמאָנט זיך אַ פאַל אין מינכענער „זאָא". ספּעציעל דאָרט, אין דייטשן בייערן, האָט עס מיך געצויגן צו די וואַלד־חיות. איז דאָרט גע־ווען אַ מאַלפּע — גרעסער פון אַ מענטש. רירעוודיק און רציחהדיק. הונ־דערטער דייטשן האָבן באַוואונדערט דאָס דאָזיקע באַשעפעניש, וואָס איז זיי אַריבערגעוואַקסן — אין האָס צו דער מענטשן־ראַסע. האָט די מאַלפּע פיל געררייכערט, געבעטן פּאַפּיראָסן און ציגאַרן. נאָכן אָנציען זיך מיטן רויך האָט זי געפּלעגט אָפּדאַנקען — מיט אַ שפּייען פון די קראַטעס אַרויס. און נישט בלויז דאָס: זי האָט אָפּערגעריסן פון אונטערן געזעס אַ ברעט און עס אַ שליידער געטאָן אויפן גערדיכטן דייטש־המון. האָט דאַן דער המון אַפּלאָדירט אַזוי הילכיק, אַזוי אַריינגעוואָרפן אין שרעק די ריזנמאַלפּע, אַז אַ קאַלטער וואַסער־שפּריצער האָט זי געמוזט האַלטן אין צוים במשך אַ גאַנצן נאָכמיטאָג.

אַזויפיל האָס און רציחה צום מין־מענטש האָט אַ מאַלפּע אַרויסגע־וויזן — טאָקע צו דייטשן, אָבער אויסערלעך מענטשן.

מחמת דעם פיל איך עד היום סימפּאַטיע צו דער מאַלפּע. אַזוי דאַרף מען רעאַגירן, דווקא אַזוי...

און דאָ, אין בוענאָס איירעסער זאָאָלאָגישן גאָרטן, געפינען זיך קליי־נינקע מאַלפּע־באַשעפענישן, מאָדנע פּעלעכלעך, וואָס האָבן אין זיך אַ באַזונדערן רייץ.

ביי עטלעכע אַזעלכע מאַלפּע־פּעלעכלעך האָב איך זיך אָפּגעשטעלט.

זיי שטאַמען פון עטיאָפּישן אַביסיניע און טראָגן אויף די קעפּ מיני־יאַרמלקעס, וואָס מאַכן זיי אי פרום־פּנימדיק און אי — באַשיידן־תּפילה־דיק. ווי הייליקע קוקן זיי אויס. הייליקע מאַלפּעס. פּישטשען באַחנט — דאַווענען מסתּמא. און דאָ ביי די דאָזיקע מאַלפּעלעך האָב איך דערפילט דווקא דאָס פאַרקערטע: נישט געוויסע מענטשן מאַלפּעווען נאָך דער מאַלפּע, נאָר — זיי, די מאַלפּעשע אַביסינטשיקעס, מאַלפּעווען גאָר נאָך אַ געוויסן מין פרומען, כּשר־שעפּטשענדיקן מענטש.

מענטש און מאַלפּע — ווי טשעקאַווע זיי מאַלפּעווען זיך נאָך אין פרומקייט.

אין זאָאָלאָגישן גאָרטן געפינען זיך אויך פלעדערמייז און ווילדע אָקסן.

די מייז לויפן אַרום אין זייערע נאָרעס, שפּרינגען, גלייך זיי וואָלטן געחוזקט פון שכנותדיקן אָקס, וועלכער איז קוים־באַוועגלעך. מאַמעס שרעקן זיך צוצולאָזן נאָענט פון דער מייז־קלאַטקע זייערע קינדער. זיי שפּרינגען טאַקע, די מייז, אָבער קיין שלעכטס טוען זיי נישט. קערט אָבער אַזאַ קינד אָפּ דעם בליק, דרייט אים אויס צום קוים־באַוועגלעכן אָקס, ווערט אַ געשריי, אַ געלויף: זע־נאָר די הערנער, דאָס פּנים, די מאָרדע!

דער דאָזיקער ווילדער אָקס, אַ יחיד במינו מסתּמא, האָט גרויס אָנזען ביי די חיות־באַזוכער. יעדער באַקוקט זיינע שפּיציק־ שאַרפע הערנער, וואָס ליגן אים צווישן נאָז און שטערן — אַ שרעקלעכע זאַך! ווער האָט אים אַזוי אויסגעשאַרפט די הערנער, זיי באַזעצט אַזוי מייסטעריש איבער דער נאָז? וווּנדער!

און אָט שפּאַנט פאַרביי אַ העלפאַנט — עלאַסטיש, בנעימותדיק. אויף זיין שאַנק־רוקן — קינדער, לאַכנדיקע, פרייִלעכע קינדער. דער העלפאַנט — אַ נייער בירגער צווישן די וואַלד־באַשעפענישן — לאָזט זיך גלעטן פון קינדערישע הענטלעך, דערלאַנגט אויך מיט זיין באַלעבאַטישער נאָז איבערן פּנים פון אַ נייגעריקן באַוווּנדערער. דאָס אַלץ אין שפּיל. נישט חלילה בייז. דער העלפאַנט איז דערווייל דער איינציקער צווישן די חיות אין זאָאָלאָגישן גאָרטן, וואָס האָט באַוויזן, און דווקא גיך, זיך איינצולעבן מיטן מענטש.

וואָלט איך געעצהט אויך דעם ווילדן אָקס ארויסצולאָזן אויף דער פריי. זיין נאָמען שרעקט בלויז. צווישן מענטשן וועט ער נישט זיין גע־פערלעך. — געפינען זיך דען איצט ווינציק ווילדע אָקסן צווישן דעם מענטשן־מין?

פאַרלאָזט דעם זאָאָלאָגישן גאָרטן מיטן איינציקן אויספיר: פאַר־שידענע חיות פאַראַן, ווי פאַראַן פאַרשידענע מענטשן. בלויז פון וויטן שרעקט איינער אויפן צווייטן. קוקט מען זיך צו פון נאָנט — איז אַ פלי־נעלע בכוח צו באַהערשן דעם לייב; זעט מען, ווי צוגלייך ביי מענטשן, זענען אויך פאַראַן אויסערלעך־פרומע מאַלפעס.

— אַ מענטשישע לעקציע פון זאָאָלאָגישן גאָרטן.

זאָאָלאָגישער גאָרטן און באָטאַנישער גאָרטן — ביידע אין פאַלער־מאָ, דער בלומען־שטאָט פון בוענאָס איירעס דער שטאָט. צוויי גאָרטנס, ווו טויזנטער קומען פאַרברענגען די יומטובדיקע זונטיקס.

איז גוט אין אַזאַ טאָג אַרומצושפּאַצירן צווישן בלומען, חיות און אויך צווישן מענטשן.

נישט שטענדיק פאַרשאַפן בלויז בלומען און חיות פאַרגעניגן. אויך מענטשן זענען בכוח אַרויסצוברענגען ביי אימעצן אַ שמייכל. בפרט — טומלדיקע מענטשן און בפרט — צוזאַמען פאַרברענגען צווישן ריחות פון מאַרגאַריטקעס און קולות פון בערן און מאַלפעס.

בין איך אַריין אין בלומען־גאָרטן. ביים ערשטן בליק איז מיר דער דאָזיקער גאָרטן נישט געפעלן. אַ רואיקע שטילקייט.

און עס ווילט זיך דווקא פאַרברענגען צווישן מענטשן. בין איך אַרויס פון באָטאַנישן גאָרטן און אַריין אין זאָאָלאָגישן — צוויי טריט בלויז.

אַרום די חיות — אַ מענטשן־געדראַנג. צו די מאַלפע־שטייגן נישט מעגלעך צו וואַרפן אַ בליק. דער דורכגאַנג פאַרשטאָפּט. דער חיות־גאָרטן רוישט און טומלט — נחת צו הערן.

איז עס נישט מאָדנע?

יעדער ווייסט, אַז בלומען טוען נישט קיין שלעכטס; בלומען בייסן

נישט, שוימען נישט זייערע ליפּן מיט רציחה. און דאָך מיידט מען זיי אוים. ווייל מען בעסער פאַרברענגען צווישן רציחהדיקע לייבן און גיפ־טיקע שלאַנגען.

אפשר, ווייל, ווי דער מענטש נעמט עס אויף, זענען דער גלאַדיאָל און די מאַרגאַריטקע שווייגנדיקע באַשעפעניש; פונעם טיגער און שימ־פּאַנזע טראָגט זיך א ברומען און א קרעכצן. מענטשן האָבן ליב צו פילן און צו הערן. דעריבער פאַרשאַפן חיות מער פאַרגעניגן ווי בלומען.

אזוי לייגט עס זיך אויפן שכל.

אָבער איך בין צוריק אריין אין בלומען־גאָרטן. דעם צווייטן האַלבן טאָג — פאַרוויילן צווישן די חיות; וועט זיך דער עולם פאַרגרעסערן, וועט זיין פריילעכער דאָרט, אינעם גאָרטן פון די וואַלד באַשעפענישן.

כאָטש — בלומען זענען די פריילעכקייט אַליין. פאָעטן זינגען וועגן בלומען. קינסטלערס ברענגען אַרויס בלומען־פאַרבן, מאַכן לעבעדיק טור־ליפּאַנעס, קלאָוועלעס, מאַכן רעדעוודיק קאַקטוסן און עקאַליפּטוס־ביימער. איז שלעכט צו פאַרברענגען צווישן בלומען? ווער קען דען נישט דאָס לידעלע, וואָס דער פאַרליבטער זינגט צו זיין געליבטער און וואָס הייבט זיך אָן מיט „מאַרגאַריטקע" און ענדיקט זיך מיט „מאַרגאַריטקע"? ווי איידל אזא געזאַנג איז!

בלומען רעדן; האָבן אין זיך דעם אויסדרוק פון שלום... מען דאַרף בלויז קענען פאַרנעמען זייער לשון, פאַרשטייען זייערע באַוועגונ־גען, — מען דאַרף קענען אויפנעמען דאָס געזאַנג פון בלומען.

א ברייט־צעפלאָכטענער בוים וואָס שטאַמט פון יאַפּאַן האַלט צו־נויפגעטוליעט מיט זיינע פינגער א יונגע אַקאַציע, אָפּשטאַמיק פון אויס־טראַליע און נעבן זיי — אביימעלע פון כינע און צווישן זיי — פאַנאַנ־דערגעוואָרפן בלומען פון אַלע וועלט־עקן.

אָט איז א בוים וואָס רופט זיך „קאַרנאַוואַל". א מין טאַנצנדיקער בוים, צונויפגעהעפט פון א דרייסיק טיילן. זיין געבוירנאָרט — ערגעץ אין טראָפּישן אַמעריקע. נאָנט פון אים — אַן אַזיאַטישע פּאַלמע, געבוירן צווישן טאַשקענט און בוכאַרע. דאַכט זיך, צוויי ביימער שושקען זיך. און אויער צו זייער פריינטלעכן שמועס לייגט־צו א בינטל ווייסע מאַרגאַריט־

קעס, ווינקט חנוודיק און שמייכלדיק, ווינקט זיך דורך מיט רויטע און בלאָע קעפּלעך אויף טוליפּאַנעס דערנעבן.

איז ווער מבין אויף דעם דאָזיקן שמועס און דער דאָזיקער פריינט־לעכקייט?

נחת צו קוקן דערויף. אַ פּאַראייניקטע וועלט דאָ. אַזאַ וועלט דאַרף מען פּאַראייביקן.

זיצט טאַקע אַ קינסטלער אויף אַ באַנק, שמירט מיט אַ פּענדזעל אי־בער בריסטאָל. אייליק און גיך מאַכט ער דעם סקיץ. זיינע העלדן וועלן רעדן, וועלן דערציילן וועגן אַ פרידלעכער וועלט. איבער זיין קאָפּ טרילערן פייגעלעך. צווישן די בלומען, אַרום מאַרגאַריטקעס און טוליפּאַנעס, שפּאַנט אַרום אַ טייבעלע אַזאַ, אַ לעבעדיק שלום־טייבעלע, שפּאַנט מיט רואיקע טריטעלעך. מען דאַרף נישט שטערן דעם שלאָף פון איינעם אַ הער. שאַ. די ביימער שושקען זיך. דער קינסטלער צייכנט. אַ וועלט לעבט בשלום אינעם בלומען־גאָרטן. און אַרום — דער אוויר אויסגעפּילט מיט טויזנטער ריחות, וואָס ברענגען פרייערלעכע גרוסן פון אינדיע און אַפריקע, פון אַלאַסקאַ, מאַדאַגאַסקאַר, פון ווייטן אַזיע און מיטל־אַזיע אויך. אַ שמעקעוודיקע וועלט דאָ. אַלע קאַנאַלן, דעם מענטשס, צעעפענען זיך, מאַכן פּלאַץ פאַר לופטיקע אַראָמאַטן, וואָס גלעטן, נחתדיק, איבער די אברים. דאָ ווילט זיך שפּאַצירן, באַזעצן, קיינמאָל נישט שיידן מיט צע־העלטע און צעזונטע קאַפּעלושלעך אויף שמייכלדיקע מאַרגאַריטקעס; דאָ ווילט זיך אַריינעטעמען דעם געשמאַק פונעם צעזונגענעם עקאַליפּטוס, וואָס גלעט, גלעט...

רואיק איז דאָ, אַ רואיקייט וואָס מאַכט איינשלעפערן.

און דער טאָג האַלט אין פאַרשווינדן.

דאַרף מען אַריינגיין צווישן די חיות, אַ בליק טאָן צו די מענטשן דאָרט.

אָן איבערקערעניש אין חיות־גאָרטן. עס רוישט און טומלט. אַרום די שטייגן — אַ הירזשעריי. מענטשן לאַכן און חיות ברומען.

פאַרוואָס האָט מען די דאָזיקע ווילדע באַשעפענישן אַרויסגענומען פון זייערע אורוווינונגען, פון וועלדער, זיי פאַרזעצט הינטער קראַטעס?

א רחמנות אויפֿן פינגווין. פאַרקלעמט אין שטייג, שפּאַנען זיי אַרום, די הינקענדיקע פייגל, לאָזן זיך גלעטן פון קינדישע הענטלעך. צו די מאַל־פּעס איז נישט לייכט צוצוקומען. דעם מענטש ציט צו דער מאַלפּע. זי־בער פילט ער אין איר, דער גאָרילאָ און שימפּאַנזע, א ווייטן קרוב, אַן עלטער־עלטער קוזין, מיט וועלכן מען דאַרף זיך פרייען איצט, ביי אַן ערשטער באַגעגעניש הינטער קראַטעס.

מענטש און מאַלפּע — וויפיל ענלעכקייט צווישן די דאָזיקע צוויי מינים!

זיצט אַזאַ ריזן־נפש וואָס רופט זיך טשאַנטשאָ, קומט פון אַן אַזיאַ־טישן אורוואַלד. זיצט ער, דער טשאַנטשאָ, א ברוגזער, וואַרפט בייזע, גיפ־טיקע בליקן צום שכן, דעם אינדיאַנער, וואָס זיין נאָמען איז מיקאַקאָ.ביידע, וואָס זייער ביידנס הינטער־חלקים (זייטשע מוחל) זענען עפּעס אַזוי מיאוס־רויט, די דאָזיקע צוויי קאָנען נישט לעבן בשלום. דראַפּען זיך אויף דראָט־פּאַרצווימונגען, גרייט איינער דעם צווייטן די אויגן אויס־צודראַפּען. און בשכנות ברומט דער קייסער פון וואַלד. ער, דער לייב, איז גרייט א וועלט צו דורסן. חוצפּה פונעם מענטש — אים אַריינצוזעצן אין תפיסה גאָר! און וואָס איז מיט די בערן? דאָ טוט זיך גאָר פריי־לעכס. אין יעדער שטייג זיצט אַזאַ מיר פאַרשטייער פון די קאַלטע מקו־מות. ביים ווייסן פּאָלאַרניק זענען די פינגער מאָדנע שאַרפּע — שאַרפּע ביינער: לאָזט אים נאָר און ער וועט מאַכן אָרדנונג מיט די מיאוסע מענטש־באַשעפעניש. אין א צווייטער שטייג זיצט א בערישער העלד פון טיבעט. אויך פון זיינע פינגער איז נישט כדאַי צו באַקומען א גלעט, דאָך האָבן זיי נישט אין זיך אַזויפיל דראָאונג, ווי עס פאַרמאָגן די נעגל ביים געפרווירענעם גזלן פון ווייסן סיביר. זאָל נאָר די שעה נישט קומען, איינער זאָל זיך דאַרפן וואַרפן אויפן צווייטן. דאַן וועלן די מענטשן אין גאָרטן נישט אויספייען צו געפינען דעם אַרויסגאַנג...

די חיות לעבן נישט בשלום צווישן זיך. זאָל מען אָקערשט פּרווון צולאָזן דעם לייב צום טיגער, דעם בער צום אייזל, דער מאַלפּע צום שלאַנג!

שפּאַן איך אַרום צווישן די געדיכט־באַזעצטע אַלייען פון חיות־

גאָרטן. ווו אַ קער — די מאַלפּעס קומען אַרום אויבנאויף. אומע־טום — מאַלפּעס. פאַרשידענע מיאוסקייטן, וואָס וואַרפן־אָן שרעק אויפן מענטש: האָט ער, דער איצטיקער מענטש, אַזוי אַמאָל אויסגעקוקט? ברור! און דאָך פרייען זיך די באַזוכערס נאָר מיט זיי, מיט די מאַלפּעס. פּאָרט משפּחה...

מאַרגאַריטקעס און מאַלפּעס.

אין בלומען־גאָרטן לעבן אַלע וועלט־טיילן בשלום. דאָרט איז רואיק. דעם מענטש ציט עס נישט אַהין. ווייניק פאַרשטייען זיך אויפן געזאַנג פון מאַרגאַריטקעס.

אין חיות־גאָרטן זענען די בערן, לייבן און טיגערן צעריסן צווישן זיך. די מאַלפּע־משפּחה — כאָטש געבווירן פון איין מאַמע — סיקעט אויף זיך מיט גאַל און שוים. בולט איז די רציחה פון מזרח־אַפּשטאַמיקע בערן אויף זייער אַפריקאַנער „פליייש און בלוט".

מענטשן פּילן־אוים דעם חיות־גאָרטן, קוויקן זיך מיט ווילדע באַ־שעפענישן. אפילו אַרום דעם מיאוסן שלעפּעניש, וואָס רופט זיך טשערע־פּאַכע, איז אויך געשטופּעניש און פרייליך געברומעניש. פון די מאַלפּעס טרעט מען בכלל נישט אָפּ. די גאָרילאָ איז דאָס באַליבטסטע באַשעפעניש אין די אויגן פון מענטש.

ווי שיין זענען די מאַרגאַריטקעס און ווי מיאוס — די מאַלפּעס!...

## גאָרנישט געשען

אין אַ טונקעלן אָוונט בין איך געגאַנגען פאַרביי אַ מויער, לענגאויס אַ גלייכער וואַנט. די געדאַנקען האָבן מיך אָוועקגעפירט ווייט פון דער אַרו־מיקער שטילקייט.

פּלוצלינג האָב איך דערפילט אַ וואַרעמקייט אַרום די שלייפן, אַ מאָדנע וואַרעמקייט אַזאַ, וואָס האָט אַ שלאָג געטאָן מיט היץ אויף מיין שטערן און פּנים.

האָב איך זיך ראַפּטעם אָפּגעשטעלט. אויפגעהויבן מיינע צעשראָקענע אויגן. זיי אָנגעשטויסן מיט צוויי גרינע קוקערס. — אַ קאַץ איז געזעסן

ערגעץ אין אַ ווינקל פון דער געמויערטער וואַנט. איר פּנים האָט זיך געגלייכט מיט מיינעם. אירע אויגן — אָנגעשטעלט אויף מיינע. איין שפּרונג... ניין. די קאַץ האָט נישט געדאַרפט שפּרינגען. בלויז אויסציען ס'פאָדערשטע לאַפּקעלע — און אויף מיין פּנים ליגט זיך אוועק אַ מיאוסער, אַ צעדראַפּעטער צייכן. עס האָט זיך געווענדט בלויז אָן איר, דער קאַץ. זי האָט זיך געקאָנט איינבייסן און איינדראַפּען אין מיינע באַקן — אומגעשטערט פון קיינעם. בלויז מיין געשריי וואָלט פאַרטויבט דעם שטילן אַרום. און פון דער קאַץ־מערדערין וואָלט שוין זיכער קיין זכר נישט געווען. און ווער ווייס: זי וואָלט אפשר געזעסן אויף איר פּלאַץ, געזעסן ווי פריער און געמיאַוקעט בלויז.

ס'איז גאָרנישט געשען. קיין שום שלעכטס נישט.ביידע האָבן מיר זיך אַ וויילע אָנגעקוקט. איך און די קאַץ. בלויז געפילט האָב איך אַ מין טרייסלען אין די ביינער, אַז די כוחות האָבן גענומען אָנטגיין. פאַרוואָס בין איך נישט אַנטלאָפן גלייך, ביי מיין ערשטער באַגעגעניש מיטן שוואַרצן משחית פּנים אל פּנים אין דער שוואַרצער נאַכט? פאַר מיר איז עס געווען אַן איבעראַשונג, אַן אומגעריכטע באַגעגעניש. איז געווען שפּעט צו אַנטלויפן. האָב איך געדאַרפט וויסן — ווער מיין שונא איז. אָנקוקן, באַטראַכטן און ערשט דערנאָך — זוכן מיטלען פון פאַרטיידיקונג. אַזאַ מאָדנע איבעראַשונג האָב איך שוין לאַנג נישט געהאַט. בין איך געשטאַנען אויפן טראָטואַר — איצט שוין אָפּגערוקט צום ברעג — שווער געעטעמט און באַטראַכט מיין ביטערע דאָליע: אַ לעבנלאַנג זיין אויסגעשטעלט אויף בלויז געפאַרן ,אויף בלויז איבעראַשונגען...

ביידע האָבן מיר זיך אָנגעקוקט, באַטאַפּט מיט די בליקן. צוויי גרינע, פלאַקערנדיק־גרינע בליצלעך האָבן געפלעמלט אויף מיר פון אַ שטיק פינצטערניש אַרוים.

בין איך געגאַנגען מיין ווייטערדיקן וועג מיט וואַקלדיקע טריט. פון הינטן האָט מיך באַגלייט דאָס טרויעריקע מיאַוקען פון דער קאַץ. זי האָט געוויינט. האָב איך איר אַן עוולה געטאָן? פאַרוואָס וויינט זי? קאָן זיין, אַז דאָס האָט זיך גענומען מחמת פאַרדראָס: געדאַרפט אויסדראַפּען אים, דעם אומדאַנקבאַרן מענטש, די אויגן זיינע און זאָל ער נישט קריכן ווי אַ

בלינדער אין דער פינצטערניש! קאָן זיין, אז דערפאר האָט זי געוויינט, קאָן זיין...

א טעות. די קאַץ האָט נישט געוויינט, ווייל זי האָט בדעה געהאַט מיר, חלילה, שלעכטס צו טאָן. דאָס האָב איך דערפילט אין איינציקע טעג ארום:

אין אַן אויסשטעל־פענצטער האָב איך זיך ווידער באַגעגנט מיט דער קאַץ. זי איז געזעסן אין פענצטער, זיך געוואַרעמט, טוליענדיק איר פעל אויף אַ צעהעלטן זון־פלעק. די אייגענע קאַץ, בנאמנות! איצט האָב איך נישט קיין מורא פאַר איר. דאַרף מען צוגיין נענטער און זיך פאָרשטעלן: דאָס בין איך, קאַץ דו איינע, דער אייגענער בין איך דאָס; געדענקסטו מיך? דינט דיר דיין זכרון?

האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט ביים פענצטער און גענומען קוקן אויף מיין רעטערין. יאָ. זי האָט געראַטעוועט מיינע אויגן דאַן, אין יענער פינצ־טערער נאַכט. אָבער דאָ, קוקנדיק אויף דער קאַץ, האָב איך אָפּגעטאָן אַן אומדאַנקבאַרע נאַרישקייט: פאַרשטעלט די זון, וואָס האָט געוואַרעמט דער קאַצס פעל.

איז ווידער געקומען אַן איבערראַשונג: די קאַץ האָט זיך אויסגעצויגן, אויסגעשטרעקט די לאַפּקעס צו דער שויב און מיר באַוויזן אירע שפּיציקע, שאַרפע נעגל, וואָס דאָס האָט גדאַרפט הייסן: געדענק, דו פּאַסקודנע בריאה, וועסטו אַריינפאַלן צו מיר אַ צווייט מאָל, וועלן זיי, די נעגל, שוין מאַכן חשבון מיט דיין צורה...

און מיר איז נישט געקומען אויפן רעיון זיך אַוועקצורוקן אַן אַ זייט, צו מאַכן פּלאַץ פאַר דער זון.

מיט מיין שטיין דאָ האָב איך בלויז געוואָלט אויסדריקן דאַנקבאַרקייט. אָבער די קאַץ האָט דאָס נישט גדאַרפט. זי האָט זיך געוואָלט וואַרעמען אויף דער זון און איך האָב איר געשטערט די הנאה.

בין איך אַזוי געשטאַנען גולמדיק, נישט אָפּגעטראָטן, ביז די קאַץ האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, פאַרדרייט דעם עק און צו מיר געטאָן אַזאַ קוק, אַז כ׳האָב זיך גיך אָפּגערוקט פון פענצטער. גענומען גיין מיין וועג, געוואָרפן אַ לעצטן בליק און ווידער זיך אָפּגעשטעלט ווי צוגעוואַקסן צום טראָטואַר. וואָס איז געשען? אַ הונט האָט זיך באַוויזן אין פענצ־

טער. אויפן אָרט פון דער קאַץ האָט זיך אוועקגעזעצט אַ הונט, אַ געפּלעק־
טער כלב מיט אַלע סמנים פונעם כלבימדיקן מין. ער האָט גענומען זוכן
אַרום זיך, באַטאַפּט די שויב, געוואָרפן אומרואיק מיטן עק. וואָס זוכט ער?
לאַנג האָב איך נישט געדאַרפט וואַרטן. די קאַץ האָט זיך באַוויזן אויף איר
פּלאַץ. זיך אויסגעצויגן, זיך אוועקגעלייגט צופוסנס דעם הונט.

אַ קאַץ און אַ הונט — און גאָרנישט!

אַ מאָדנער ספּעקטאַקל אין אַ זוניקן פרימאָרגן.

נישט בלויז איך בין געשטאַנען און געשטוינט אויפן וווּנדער. אַרום
מיר האָבן זיך געזאַמלט פאַרבייגייערס, צעשמייכלט זייערע אויגן, פּנימער
— און געקוקט. מען האָט גערעדט צו מיר. איך האָב זיי געענטפערט מיט
אַ האַנט־באַוועגונג, וואָס דער טייטש איז געווען: „משיחס צייטן"...

...פעלט בלויז, אַז אויך מענטש און מענטש זאָלן לעבן בשלום.

## גוט איז דער מענטש

דעם מענטשס גוטקייט האָט אַ פּרייז. דער פּרייז ווערט איינגעשטעלט
לויט אַן אָפּשאַצונג פון דער טובה, איר ווערט, וואָס איינער טוט צום
צווייטן. עס ווענדט זיך בלויז סאַרא צוגאַנג עס האָט דער טובה־טוער מיט
זיין טאָן גוטס דעם חבר. טוט אימיצער אַ ברייט־האַרציקן נאָס און
מען זאָגט אים מיט אַ פול מויל „צום געזונט", דאַרף דער דאָזיקער
ווונטש גאָרנישט קאָסטן. ווייל דאָ פאָדערט זיך נישט קיין אייגענע אָנ־
שטרענגונג, קיין פאַרמינערונג פון אייגענעם ווילזיין. וואָס דאַרף דען
קאָסטן אַ וואָרט, אַ שמייכל, אַ פאַרקרימען די ליפּן? ענלעך, ווען מען
ברענגט אַרויס פון זיך אַ צעשמייכלטן „שיינעם דאַנק" פאַר אימעצנס
פרעגן „ווי גייטס מיטן געזונט?" גאָרנישט. עס גייט שוין אויטאָמאַ־
טיש. אַ שמייכל פאַר אַ שמייכל וואָס בײדע קאָסטן זיי נישט קיין פּרוטה.

אַזוי פאָדערט זיך פונעם אינטעליגענט־דערצויגענעם מענטש.

דאָס אייגענע — אין טראַמוויי. שטייט אַן אַלטיטשקער, הוידעט
זיך, וואַקלט זיך אויף די שוואַכינקע פיס. אַלע פּלעצער באַזעצט. קיינער
האָט נישט בדעה אָפּצוטרעטן אַ שפּיץ בענקל פאַרן זקן. איז נישט צו באַ־

וואנדערן אזא שלעבטקייט פון יונגע מענטשן צו אן אלטן? א טעות בלויז. אַט הייבט זיך א יונגערמאַן אונטער פון זיין בענקל, דערלאנגט א זייער מענטשלעכן שמייכל צום וואקלדיקן אלטן: „זעצט זיך, ביטע" און לאָזט זיך צום ארויסגאנג. אַפּגעזעסן ס'זייניקע און אָפּגעטרעטן דעם פּלאַץ. ער וועט דאָך נישט מיטנעמען דאָס בענקל, וואָס געהער צום טראַמוויי־וואַגאָן.

אויך, אז א מענטש פאלט אוועק אין מיטן ברוק. מענטשן גייען פאַרביי, שטעלן זיך אָפּ, קוקן. וויפל גוטסקייט עס ליגט אין אזא קוקן. פאַרבייגייער האָבן דאָך וויכטיקע ענינים — פּטרט מען אוועק צייט פאַר א ווילד־פרעמדן, וואָס ראנגלט זיך מיטן מלאך־המוות. מען בליקט און מען קרעכצט. דאָס איז פיין־דערצויגנקייט. וויפל פּרוטהס דאַרף דען קאָסטן א קרעכץ? דער קרעכץ, ווי דער שמייכל, קוועטשט זיך אליין ארויס. דער „דאנק" און דער „נעבעך" האָבן אין זיך דעם זעלביקן קלאנג.

ליגט זיך א שכן, אָדער א גוטער פריינט, אוועק מיט דער גריפּע, ליגט א טאָג און מער. גריפּע — אן אָנשטעקנדיקע חולאת. אז מען ווערט פארכאפּט פון דער גריפּע איז געזונט פאַרן חולה, ער זאָל שוויצן. דערצו האָבן דאָקטוירים צוגעטראַכט פּילן, וואָס רופן זיך „כינין" און „אספּערין". נעמט מען אזא טאַבלעטקע הייבט מען זיך אָן פּילן אין א שוויצבאָד. אין אזא צייט היט מען זיך אריינצוגיין צום חולה. אינעווייניק שוויצט עס. א פּאָרע טראָגט זיך פון באָד. ווי זשע טאָר מען אריינגיין אינעווייניק, אריינאָטעמען אומגעזונטקייט — גריפּע־באַקטעריעם? פרעגט איין שכן דעם צווייטן: „וואָס מאַכט דער חולה, נעבעך?" אן ענטפער: „גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען — ער שוויצט". וויפל גוטקייט עס ליגט אין דעם „גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען".

ווינטשן „א רפואה שלימה" דאַרף נישט קאָסטן קיין אָנשטרענגונג. א מענטש מוז זיך היטן, מוז האלטן פאַרוויקלט דעם האלדז, טאָר נישט ארומלויפן א פאַרשוויצטער אין גאַס.

עס זענען דאָ קאָדעקסן פון האלטן זיך ריין.

דאָך איז נישט אָפּצושאַצן דעם מענטשס גוטקייט. דערזעט ער זיין געזונט־געוואָרענעם חבר, ציט ער צו אים דעם הוט, רופט אים צום „אויס־

טרינקען״, צום ווינטשן „לחיים״. ביזטו יאָ געזונט געוואָרן — לאָמיר זיך ווינטשעווען „צום געזונט״! אויך פריער, ווען דער פריינט איז געלעגן צו־בעט, האָט אים זיין באַקאַנטער, חלילה, נישט געווונטשן קיין שלעכטס. אָבער פון פריער ביז איצט — האָט עס גאָר אַן אַנדער פנים. אַבי געזונט — און דאָס ווייטערדיקע וועט זיין ליבער נאָמען העלפן. קאָן מען דען פאַרלאַנגען פון יענעם — יענעמס צייט און יענעמס שטעלן זיך אין סכנה? „איך האָב זיך נאָכגעפרעגט אויף דיין געזונט; גלייב מיר, אַז דיין חולאת האָט מיר געקאָסט פיל געזונט״ איז דאָס גוט צו הערן. דאָ ליגט די מענטשלעכע גוטקייט. נישט אָפּצושאַצן זי.

# זאָל זיין שטיל

אַנטקעגן דער פּאַרטיזאַנע, אָפּגערוקט פון טומלדיקן שטאָט־צענטער, אַרום לאַ פּלאַטאַ־טייך, צווישן פענצטערס מיט אַראָפּגעלאָזטע זאַלוזעס, — אין אַ ווינקל פון יענער געגנט אין בוענאָס איירעס דער שטאָט געפינט זיך אַ פּאַרקל אַרומגענומען מיט הויכע, שטילע פּאַלמעס, וואָס האַלטן אָנגעשטרענגט זייערע מיידלש־צעקעמטע טשופּרינעס אַרויף, צו די שטאָקן, הערן זיך איין צום שטילן געפּליסטער פון רואיקע צימערן, וועלכע וואַרענען אַרום זיך:

„שאַ, זאָל זיין שטיל!"

צו יענעם פּאַרקל גרייכט נישט דאָס גערויש פון גרויסשטאָט, הערט זיך נישט דאָס וואָיענדיקע, ציינרייסערישע געקוויטש פון האַוועגדיקע אויטאָס. צייטנווייז בלויז רייסט זיך אַריין אין דער שטילקייט דאָס געיאָמער פון אַ שיפטרובע, צעגייט זיך ערגעץ ווייט, פאַרשווינדט אין אייגענעם רויך. אַזאַ מין פייף ברענגט אַ גרוס פון ערגעץ דער וועלט, דערציילט וועגן שיפן וואָס פאַרשיפן זיך. שיפן זיך אוים אין בוענאָס־איירעסער פּאָרטן.

שטערט דאָס נישט, דער ווייטער שיפגערודער, דעם בירגער אויף דער באַנק אין שטילן פּאַרקל צו זיצן און חלומען.

וועגן וואָס חלומט אַ מענטש יעדן פרימאָרגן?

יעדן פרימאָרגן, ווי די זון האַלט זיך אין דראַפּען צווישן שפּאַלטן פון אַראָפּגעלאָזטע זאַלוזעס, זע איך אים זיצן אויף דער באַנק, האַלטן פאַרשטאָכן זיינע טראַכטנדיקע אויגן אַרויף, צו דער זון, צום הימל: מאַכט אַ קרייז מיטן בליק, שטעלט אים אָן אויף דער נאָנטער פּאַלמע. אַ מענטש איז פאַרטראַכט. זיכער פאַראַן וועגן וואָס צו טראַכטן. קענטיק — אַ פּאָעט. מעגלעך — אַ פּראָפעסאָר. וועגן וואָס ער, דער דאָזיקער חשובער בירגער,

זאָל נישט טראַכטן, זענען זיינע רעיונות מסתמא פאַרנומען מיטן מענטש, טראַכט ער וועגן פאַרלייכטערונגען אויפן געביט פון מענטשלעכן לעבן.

טאָר מען אים נישט שטערן.

זאָל זיין שטיל.

אין איינעם אזא פריש־צעזונטן פרימאָרגן האָב איך זיך געלאָזט געסל־אַראָפּ, אוועק צום פּאַרקל, זיך אוועקגעזעצט אויפן דאָזיקן בירגערס באַנק. די באַנק געפעלט מיר. זי איז אַרומגעהילט מיט שאָטן, גרינס, מיט ווייכן זאמד, האָט אַנטקעגן — אַ טייַך, ביז גאָר טיף שטיק בלאָען הימל. אפילו נישט צו זיין קיין פּאָעט, ווערט מען אָנגעפילט מיט דיכטערישקייט, מיט געדאַנקען וועגן זון, הימל, צעגרינטן פייסאַזש. אַ מאָלעריש ווינקעלע. אַ פּאָעטישע באַנק.

האָב איך זיך אוועקגעזעצט, געמאַכט באַקוועם — און פאַנאַנדער־געלייגט איבער דער באַנק מיין פּאַק בלעטער, נאָרוואָס־באַקומענע פון פּאָסט־טרעגער.

דאָס איז די געמיטלעכקייט אליין. צו אזא פּאַרקל, צו אזא באַנק ציט גייסט־מענטשן, זינגען פּאָעטן; אַרום אזא ווינקעלע הערט זיך שענער, מחיהדיקער דאָס זיסע טרילערן פון פייגעלעך. ווי גוט. גן־עדנדיק.

איז פון גאַסנווינקל אַרויסגעקומען דער פּאָעטישער, אָדער פילאָזאָפי־שער, בירגער — זיך אוועקגעזעצט אויפן צווייטן ברעג. ווי יעדן פרימאָרגן — אויפגעהויבן דעם פאַרטראַכטנדיקן בליק, אַריינגעשטאָכן אין די וואָל־קנס.

און איך האָב געמישט די בלעטער, געוואָרפן בליקן צום שכן, גע־טראַכט, צי מיין שכנהשאפט איז נישט קיין שטער צו זיינע געדאַנקען. אויב יאָ — בין איך גרייט אוועקצוגיין, זיך אויסצוזוכן אַ צווייטע באַנק. אומע־טום הערשט דאָ רואיקייט, איז שטיל, הערט זיך נישט קיין גערויש.

אָבער מיינע בלעטער, אָנגעקומען פון אַלע וועלטעקן, האָבן, קענטיק, געבערענגט מיט זיך דאָס גערויש פון דער גאַנצער, טומלדיקער וועלט. אזוי האָט עס מיין שכן דערפילט בעת איך האָב געמישט מיט זיי, געטומלט אַרום זיך, געזוכט צווישן זייערע שורות דאָס האַוועניש אין דעם גריצלדיקן עולם התוהו.

האָט דער בירגער אַ קער געטאָן צו מיר זיינע געדיכט־באַברעמטע אויגן, זיי איינגעשטאָכן אויף די רווישנדיקע בלעטער און — אוועק, זיך איבערגעזעצט אויף אַ צווייטער באַנק.

דאָס גערויש פון מיינע בלעטער האָט געשטערט זיין רואיקייט. דער שולדיקער בין איך געבליבן. דער רואיקער בירגער האָט גענומען פילן אַן אומפריינטלעכקייט צו מיר. ער האָט געהאַט רעכט: שטילקייט איז היי־לונג אין דער איצטיקער וועלט; ווער עס פאַרשטערט די שטילקייט, דער איז אַ שונא פון דער מענטשהייט...

זאָל זיין שטיל!

פאַראַן אויך, חוץ דער אויסערלעכער, אַן אינערלעכע אומרואיקייט. זי עגבערט אין מענטש אפילו ער זאָל וווינען אין אַ הייל, ווייט פון שטאָ־טישן טומל. די דאָזיקע אומרואיקייט איז ביז־גאָר שעדלעך, איז בכוח פאַ־נאַנדערצושרויפן די נערוון, אַריינצופירן אין משוגעת.

אין בייערישן מינכען האָב איך געוווינט בשכנות פון אַ דריי־עק, צווישן דריי אַדעליקע גאַסן: פּרינץ־רעגענטען, קייסער־מאַקסימיליאַן און הערצאָג־רודאָלף. בלויז פון די דריי נעמען: פּרינץ, קייסער און הערצאָג, איז זיך משער צו זיין, אַז דאָ האָט אַמאָל געוווינט די מינכענער עליטע; אַז דאָ האָט געהערשט די איידעלע אידיליע אַליין.

די הערצאָג רודאָלף־שטראַסע, ווו מיין צימער האָט געשטעקט בשכנות פון „פּרינץ" און „קייסער", ליגט זייטיק, פאַררוקט צווישן די דערמאָנטע שטראַסען. דאָ — ווי אויף אַ בכבודיק בית־עולם. אַזאַ מאָנאָ־טאָנע שטילקייט, אָנגעיאָגט פון דער פּרינצישער געגנט, האָט אונטערגע־הויבן דאָס שיידל פון קאָפּ, אָנגעמאַכט אַזאַ גערויש, גלייך טויזנט בייסיקע פליגעלעך וואָלטן זיך דאָרט איינגעאָרדנט סטאַביל.

אַ שטראַסע — אַ הייליק אָרט.

ווער ס'האָט געזוכט די דאָזיקע אומהיימלעכע רואיקייט: פּענדזל־קינסט־לערס פון גאַנץ בייערן — דער איז געקומען אויף דעם בית־הקברות, גע־קוקט אויף סקעלעטן פון צעבאָמבטע מויערן, פאַראייביקט חרובע לאַנד־שאַפטן אויף בריסטאָל.

מיך האָט די הערצאָגן־רואיקייט געשראָקן, אַריינגעוואָרפן אין אומ־היימלעכן פּחד.

איך האָב געבענקט צו שטילקייט, אָבער נישט קיין מתימדיקע (דאָך האָט דאָס איידעלע בית־הקברות אָנגעפּילט מיט טרייסט: דאָס איז דיין באַלוינונג !).

דאַן האָב איך באַרואיקט די נערוון אין גערויש פון אויטאָס, אין טראַמוויי־געקלאַנג.

יעדן אָוונט בין איך אוועק אין שטאָט־צענטער, אָנגעשטעלט די אויערן, דעם גאַנצן געהער, צום ווילדן גערימש. דאָס האָט באַרואיקט דעם אינערלעכן פּחד אויף אייניקע שעה.

פאַראַן אויך אַ שטילקייט אין שאַפן, וואָס ווערט באַצייכנט מיטן נאָמען „באַשיידנקייט" — שאַפן אינדערשטיל, אָן רעש.

אונדזער וועלט באַנוצט זיך מיט דער קוויטשענדיקער אויטאָ־טרובע: גיט אַ ריטש אונטערן אויער און דער הלל בלייבט אויסגעפּילט בלויז מיט ביין געיאָמער. דער אויטאָ פאַרשווינדט, דער אָרום ווערט ווידער ליידיק — ביז אַ צווייטער קוויטשער לויפט־אָן.

מינכען האָט געשראָקן מיט בית הקברות, געווען אָנגעפּילט מיט מתים־געפילדער.

גוט איז צו געפינען זיך אין בוענאָס איירעסער טומל. גוט איז פאַרבייצוגיין דעם פריילעך־רעשיקן צענטער. דאָ רופט די רעקלאַמע, בליצן די נעאָן־לאָמפּן. אונטער זיי שמייכלען קראַוואַטן און שמעקעדיקער פּערפום . . .

אָבער יענער בירגער, דער שאַפנדיקער פּראָפעסאָר צי פּאָעט, האָט געזוכט דאָס שטילע, באַשיידענע ווינקעלע, אָן רעקלאַמע, אָן אויסערלעכן טומל.

זיצט ער יעדן פרימאָרגן אינעם שטיל־זינגענדיקן פּאַרקל, זיצט אַ פאַרטראַכטער מיט די אויגן צום הימל.

בין איך אונטערגעקומען, פאַרנומען זיין באַנק, אַריינגעבערעננט בלעטער־גערויש פון אַ פּוסטער, טומלדיקער וועלט . . .

זיכער וועט ער מיר מוחל זיין. איז דאָך מיין כוונה נישט געווען קיין צעשטערערישע. שאַ. לאָמיר נישט הויך טומלען.

זאָל זיין שטיל...

# אומשטערבלעך

געשטאָרבן איז ער מיט וואָכן צוריק, — אַ בכבודיקער באַלעבאָס. בלויז איין צימערל געהאַט זיינס אין צוויי אכט־שטאָקיקע מויערן. אַ קליין צימערל אָנגעפילט מיט ביכער. קרוב די זיבעציקער, האָט ער זיך אויסגע־לעבט אין דער ביכער־וועלט. מיט די מויערן האָבן זיך מטפל געווען זין און איידעמס — אַ בכבודיקע קינדער־ירושה.

איז דער אָרון געווען באַדעקט מיט בלומענקרענץ. שווארצע אויטאָס נאָכגעפאָרן, באַגלייט דעם נפטר צו אייביקער רו.

מיט כבוד געלעבט, מיט כבוד געשטאָרבן.

ער איז געווען אַ ביכער־וואָרעם — געהאַט זיין איינגן וועלטל. אַ שאָד בלויז — האָבן פארטרויערטע שכנים געזיפצט — וואָס זיין ביכער־ירושה בלייבט אָן יורשים. בכבודיקע קינדער, אָבער זייער וועלטל איז שוין גאָר אַן אנדערס. פטרן צייט איבער שווערע ביכער־בענדער, איבער וויסנשאפט, געשיכטע, — אַז ספּאָרט און דזשאַז זענען דאָך גאָר אין דער מאָדע. און מענטשן פון דער מאָדערנער וועלט האָבן זייער באַקוועמע אויסלעבונג אין לופטיקן סאַלאָן, אויפן פרייען פעלד. בלויז דאַן, אַמאָל, ביים סוף פון פאַר־גאַנגענעם יאָרהונדערט, האָבן יונגעלייט געלעבט אָפּגעשלאָסן, געלעבט סו־דותדיק. זיי האָבן געטראַכט וועגן פאַרשענערן די וועלט, ציוויזילירן זי, וועגן ארייננברענגען וויסנשאַפט און געדאַנק צו זיך אין די מוח־קעמערלעך.

דאַן, ווען דער איצט פאַרשטאָרבענער איז געווען אַ פאַרחלומטער בחור, דאַן האָט מען געטראַכט וועגן דער איצטיקער טעכניק און ציוויליזאַ־ציע, געטראַכט און דערגרייכט: ראַדיאָ, טעלעוויזיע, טעלעפּאַנאָגראַם. אַ וועלט לעבט זיך אויס מיט דראָטן, מיט לופט, מיט פליען הויך און העכער.

דאַרף מען איצט דאַנקען דעם פאַרגאַנגענעם דור, די טאַטעס און זיי־דעס — דאַרפן קינדער און אייניקלעך איצט בענטשן יענע, די דאָזיקע,

וואָס האָבן געשריבן דיקע ביכער־בענדער, מיט זיי אָנגעפילט פּאָליצעס ביי בכבודיקע באַלעבאַטים.

דאַנקען און אָפּדאַנקען.

געשטאָרבן דער אַלטער — אייביק לעבט מען דאָך נישט.

איז ער געשטאָרבן מיט וואָכן צוריק. איבערגעלאָזט בירושה צוויי אַכטשטאָקיקע מויערן און אַ קליין צימערל אין זיי, אַ צימערל אויסגעפּילט מיט דיקע ביכער־בענדער. מיט די מויערן וועלן זיך מטפּל זיין זין און איידעמס; בלויז די ביכער — דערווייל ווייס מען נאָכנישט. מסתמא וועט זיך אויף זיי אויך אָפּגעפונען אַ יורש.

איז מיט וואָכן צוריק פאָרגעקומען די לוויה פון אַלטן; מיט וואָכן שפּעטער — די לוויה פון ביכער: אָן בלומען־קרענץ, אָן שוואַרצע אויטאָס.

אַרום די ביכער — פלעשער מיט פאַרשידענע עטיקעטן, דערציילן וועגן וויין און אַלקאָהאָל; דערציילן, אַז זייערע באַלעבאַטים, די אויסגעליידיקטע פלעשער, האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן ביי יומטובדיקע טישן. איצט דאַרף מען זיי שוין נישט. אויסגעטרונקען און אַרויסגעוואָרפן. אויך אַן אַלטער פּליטעפאָן ביי דער זייט. אָפּגעשפּילט, אויסגעטרונקען און אַרויסגעוואָרפן.

ליגן זיי אַלע צוזאַמען אויפן האַנטוועגעלע — די ביכער פאַרנעמען דעם שענסטן פּלאַץ. זייערע דיקע בייבער שטאַרן אַרויס, לאָזן זיך נישט פאַרדעקן מיט נעכטיקע אויסגעלייענטע צייטונגען. די ביכער שמועסן זיך דורך מיט די נעכטיקע בלעטער: „אייער פּלאַץ, קינדערלעך, איז דער מיסט קאַסטן; אָבער מיר, איר פאַרשטייט, מיר שטאַמען פון דער אייביקייט און וועלן אַריינלעבן אין אייביקן לעבן אַריין"...

דאָך, פונעם גדלותדיקן טאָן אַרויס, איז צו פילן: די ביכער שעמען זיך; וואַלגערן זיך צוזאַמען מיט עפּעס אַ נישט־געהויבענער געזעלשאַפט — אויסגעפּאָליטיקעוועטע צייטונגען; אויסגעזויפטע פלעשער; אויסגע־שפּילטע פּליטעס...

— וויסנשאַפטלער, פילאָזאָפן, היסטאָריקער — מיר, צו וואָס מיר האָבן דערלעבט...

יעדן פרימאָרגן פאַרלאָזט דער אַלטוואַרג־אויפקויפער דאָס געכל. ער פילט־אָן זיין וועגעלע מיט פלעשער, צייטונגען, אַלטע זעק — און פירט

אוועק די סחורה ערגעץ־ווו. היינט שטייט ער נאָך אין געסל. שוין מיטאָג צייט, אָבער דאָס ווענעלע רירט זיך נישט פון אָרט. שטעלט ער אייניקע טריט, שפּאַנען־נאָך עטלעכע אירע און ביי יעדן — א בוך צווישן די פינ־גער. עולם שפּאַנט נאָכן ווענעלע, ווי נאָך א לוויה. בלויז דער אויפקויפער וואַקלט זיך צווישן א דרייערל און א פינפערל. באַצאָלט האָט ער פאַר דער נאָנצער ביכער־קראָם — מסתמא א צענערל און אפשר דאָס אויך נישט: אבי אויסגעליידיקט א קליין צימערל. איצט —

„וויפל קאָסט עס, הא ?"

„וויפל באַצאָלן פאַר דעם ביכל ?"

וויפל זאָל ער זאָגן ? נעמט ער דאָס ביכל אין האַנט, באַטאַפּט עס, גיט עס א הייב אין דער לופט :

„ א פינפערל ! "

דערנאָך — א כאַפּ געטאָן די צוויי דישלעס, א שטויס געטאָן דאָס ווענעלע — אוועק פון געסל מיט א געקלימפּער.

די ביכער־לוויה האָט זיך פאַרענדיקט.

מיט איין טאָג פריער זענען מיר געזעסן אין צווייען און געשמועסט. א לאַנגער שמועס געווען — וועגן ביכער. מיין מיטשמועסער — ער ווייסט ווי טייער א בוך איז און דאַרף זיין : וויפל ארבעט עס ווערט אריינגעלייגט ביז פון בליי און פּאַפּיר ווערט א בוך — ביז א שרייבער פאַרענדיקט שרייבן און ביז א זעצער פאַרענדיגט זעצן...

הכלל: דער שמועס האָט זיך געדרייט אַרום טויזנטער יידישע אותיות, וואָס פּילן־אויס יידישע שטיבער און וואָס וואַרטן אויפן אָפּנעמער.

„קען זיך דען ווער פאָרשטעלן, וויפל ארבעט עס פאָדערט זיך פאַר אויספּילן א בוך ; פאַר צונויפשטעלן אות מיט אות, וואָרט מיט וואָרט, שורה מיט שורה — פאַר אויפשטעלן א בוך פון... אותיות ? ! "

ניין.

וואָלט מען זיך פאָרגעשטעלט, וואָלט עס אַנדערש אויסגעקוקט.

למשל ?

„א ווילע יידישע משפּחה, — געפינט זיך דאָרט א יידישע ביבליאָ־

טעק, אַן אַנטיק — מיינט איר, אַז די קינדער ווילן און וועלן אַריינקוקן אין די ביכער? אסור! ווי סע טוט ווי דאָס האַרץ! וויפל פּראַצע, וויפל האָרעוואַניע, שוויים — פון שרייבער און פון זעצער! "...

לאַנג האָבן מיר געשמועסט און צו קיין טאָלק נישט דערגאַנגען.

דור הולך: דער שרייבער שרייבט, דער זעצער זעצט און בוך בלייבט בוך...

...דאָס האָב איך געזען צומאָרגנס, אַרום דעם פאַרשטאָרבענעמס ביכער, אַרום דער ביכער־לוויה אין בוענאָס איירעסער שטאָט־צענטער.

# פאָרכטיק וועט זיין דער טאָג

די הימלישע גערעכטיקייט איז פאַרנומען אַ גאַנץ יאָר מיט משפּטים, וואָס זענען נוגע ערדישע באַשעפענישן. יעדעס באַשעפעניש האָט אַ ספּעציעלן טאָג אין יאָר, אין וועלכן עס דאַרף אָפּגעבן חשבון, זיך פאַרטיידיקן, זיך אויסשטעלן וועגן זכאי און חייב. ספּעציעלע טעג, וואָס טיילן־איין יושר און וואָס גלייכן־אויס האַרבע ענינים.

דער מענטש איז איבער אַלעם.

דעם מענטש האַלט מען אויבן כסדר אויפן אויג, אָן איבעררייס. מען פאָדערט פון אים, נישט אָפּצוקערן פון אָנגעצייכנטן וועג, פון צו זיין אַ מוסטער פאַר אַלע מינים באַשעפענישן. יעדן טאָג דאַרף דער מענטש גרייט זיין צו ווערן גערופן און צו ווערן אויסגעפאָרשט, ווי עס שטייט דאָרט אין באַקאַנטן פּסוק: „בכל יום ויום חייב אדם"...

אויך איז פאַראַן אַן אויבערמענטש, אַ מין, וואָס שטייט העכער פון פּשוטן, פון סתם־מענטש. צו דעם מין געהערן די דאָזיקע, וואָס פירן־אויס הימלישע געבאָטן לטובת דעם מענטש פון אַ גאַנץ יאָר. לאָמיר עס באַצייכענען מיט אַ פּשוטער שפּראַך: ערדישע שופטים, ערדישע שוטרים, ערדישע וועגווייזערס...

אויך די דאָזיקע ווערן געמשפּט אַ גאַנץ יאָר, ווערן יעדן טאָג אויפגעפאָדערט אָפּצוגעבן חשבון וועגן די נידעריקערע, די אונטערגעוואָרפענע, וועגן די דאָזיקע, וואָס זענען כסדר מחויב אויסצופילן די הימלישע באַפעלן, וועלכע ווערן אַראָפּגעשיקט פון אויבן און ווערן איבערגעגעבן אין רשות פון די אָרנטלעכע און געלייטערטע ערדישע שליחים.

הכלל: צו דעם מין אויבערמענטש געהער דער וואָס ווערט באַצייכנט אויף אונדזער ערדישער וועלט מיטן נאָמען: אינ־טע־לעק־טואַל.

און אינטעלעקטועל איז אַ לערער, אַ וויסנשאַפטלער, אַ פאָרשער, אַ פּראָפעסאָר און אויך — אַ שרייבער.

די דאָזיקע ווערן כסדר געהאַלטן אויפן אויג — ספּעציעל דער שריי־בער.

דאָס דאַרף ער, דער ספרא רבא, זיין דער אויסגעצייכנטער וועגוויי־זער, דער מנהיג־העם — אַלץ: לערער און פירער און פאָרשער און דער־ציער פון די נידעריקע, פון די געמיינע, פון די פּראָסטע — פון פּראָסטן מענטשן־פאָלק.

דאַרף ער, דער שרייבערישער וועגווייזער, גרייט זיין כסדר צום חשבון.

ער, דער שרייבער, ווייס נישט געגוי ווען מ'וועט אים אַ רוף טאָן, אָבער דער כוח־ההרגש אין אים לאָזט אים סיווי נישט איינשלאָפן: זיי נרייט, גרייט צום חשבון!

ציטערט דערפאַר אויף אים, דעם סופר בעם, מער די הויט ווי אויפן פּראָסטן בשר ודם: ער וועט זיך דאַרפן פאַרטיידיקן פאַר טויזנטער פּודן שלעכטס וואָס אַנדערע האָבן אָפּגעטאָן מיט זיין שווייגן, מיט זיין הסכמה; ער האָט שלעכט געפירט, געווען אַ שלעכטער מנהיג, אַ שלעכ־טער וועגווייזער, — אויף אים וועט אַרויפגעלייגט ווערן אַ קאָלעקטיווע, אַ חטאת־העמדיקע שטראָף...

גרייט ער זיך, גרייט זיך און מכינט זיך צום שרייבערישן יום־הדין: אָט היינט, אָט מאָרגן.

ספּעציעל ווערט ער, דער שרייבער, אַריינגעצויגן אין שרעק ווען עס נעמען זיך אָנרוקן די אלול־טעג, טעג פון אויסגעברייטערטן משפּט פאַרן גאַנצן פאָלק. אָ, דאָן — אַלע, אַלע זינדיקע, וועלן וואַרפן די שולד אויף זיין, דעם שרייבער־מנהיגס, קאָפּ: ער האָט שלעכט געפירט; ער האָט שלעכט געוויזן; ער איז געווען אַ שלעכטער מוסטער...

דער שרייבערישער יום־הדין — וועלכער ווערט געהאַלטן בסוד, אָבער ווערט געמאַכט צום פילן יעדן טאָג — דער דאָזיקער יום־הדין לאָזט נישט צורו, מאַטערט, פאַרמאַטערט נישט איין (יידישן) שרייבער אויף דער וועלט.

און אז דער געוויסער טאָג, דער שרייבערישער יום הדין, ווערט אָנגעוויזן פון אויבן, פון הימל — ווערן דאַן די אויפגעפאָדערטע אויפגערופן לויטן אלף בית: כדי נישט פוגע בכבוד צו זיין. שרייבערס, מנהיגים, טאָר מען נישט אויסטיילן, נישט איינטיילן אויף העכערע און נידעריקערע; נישט רופן די שין פאַר דער אלף.

און טאָקע דאַן, ווען דער געוויסער טאָג ווערט אויבן דערקלערט ווי דער יום המשפט פאַר דער שרייבערישער משפחה, ווערט אונטן אַן איבערקוקעניש פון חטאים, אַן אמפּערניש און קריגעניש צווישן זיי, צווישן די שרייבערס גופא. מען זוכט און מען געפינט — חטאים גאַנצענע פעק. ווער איז שולדיק? נעמט דאַן איין שרייבער ווארפן אויפן צווייטן די דאָזיקע פעק: שולדיק ביזטו און שולדיק ביזטו; איך בין דאָך ריין ווי א טירקלטויב! און די אמפּערניש האַלט אין וואַקסן, — אַז ערד קערט זיך אַרום די שרייבערישע קעפּ און פּענעס. מען באַוואַרפט זיך מיט זינד און אַלע שרייען: דער גנב איז ער!...

אָט אַזוי הייבט מען אָן פילן אויף דער זינדיקער ערד, ווי ער, דער שרייבערישער מנהיג, נעמט זיך גרייטן צו זיין יום הדין...

פאַראַן אויך שרייבערס, וואָס זידלען זיך נישט, רופן נישט אויס יענעמס חטאים: זיי לויבן זיך; זיי עדותן זיך אויף דער ערד, כדי דורכדעם משפּיע צו זיין אויפן הימלישן משפט: זאָג דו וועגן מיר, אַז איך האָב גוט געפירט מיט מיין פען, וועל איך זאָגן וועגן דיר, אַז דו האָסט גוט געפירט מיט דיין פען. איז אויך דערפון צו דרינגען, אַז דער שרייבערישער יום הדין רוקט זיך אָן, אַז דער טאָג פון גרויסן משפט קומט.

ער קומט, לאָמיר זיך גרייטן...

יעדן טאָג רייסט מען אָפּ א בלעטל פון קאַלענדאַר, וואַרפט מען עס אַוועק — א טאָג איז פאַרשוווּנדן.

פאַראַן מענטשן, וואָס שרייבן אויף יעדן קאַלענדאַר־בלעטעל, פאַרצייכענען געשעעענישן פון היינט, בינדן זיי צונויף מיטן נעכטן און פלעכטן זיי אַריין אינער־מאָרגן.

דעם מענטשס לעבן, זיינע טעג און וואָכן זענען דאָך צונויפגעפלאָכטן

ווי רינגעלעך אין אַ קייט — אַזוי צערטלט די מאַמע איר קינד פון געבוירנ־טאָג אָן: פאַרשידענע פאָטאָגראַפיעס ווערן אָפּגעהיט אין אַ ספּעציעלן אַל־בום, ווייזן יעדן טאָג פון קינדס שמייכלען אָדער וויינען, פון שטעלן די ערשטע טריט ביזן גיין אין שולע.

אין פרייע מינוטן נעמט די מאַמע דעם דאָזיקן קינד־קאַלענדאַר אין די הענט, מישט אין אים, שמייכלט פון קינדס פאַרלאָפענע טעג, וואָס זע־נען געווען אויסגעפּילט מיט אַזויפיל חכמה, מיט אַזויפיל פרייד און הנאה —

אַ קינד איז געבוירן, שפּאַנט מיט לייכטע טריט אַריין אין דער וועלט, ווערט אַ מענטש.

ווער עס שרייבט אַ טאָגבוך, דער פילט די דאָזיקע הנאה.

אַנדערש איז מיט די יעניקע, וואָס וואַרפן אַוועק דאָס אָפּגעריסענע קאַלענדאַר־בלעטל, צילן צו פאַרגעסן דעם פאַרגאַנגענעם טאָג.

דערמיט צילן זיי צו פאַרגעסן דעם אייגענעם איך, שטיקער פון אייגענעם לעבן.

וואָרום, צוגלייך ווי ווערטער פון נעכטיקן טאָג ווערן אַריינגעטאָן אין מאָרגנדיקע מעשים, אַזוי ווערט דער מענטש אויפגערופן צו משפּט פאַר זיי־נע טוּאונגען פון אַלע טעג, וואָכן און חדשים פון זיין לעבן.

אַזאַ טאָג פון רעכנונג קומט פאַר יעדן — אפילו דער מענטש זאָל זיך מיען צו פאַרגעסן דעם נעכטן, זיינע נעכטיקע רייד וואָס פאָרן זיך נישט מיט זיינע היינטיקע מעשים...

אימיצער דערמאָנט, פאַרצייכנט, האַלט וואַך זיין פּען — קלייבט־צו־נויף די פאַרוואָרפענע קאַלענדאַר בלעטלעך, סאָרטירט זיי: גוטס צו גוטס, שלעכטס צו שלעכטס.

ביים יום הדין וועלן מיר שוין מאַכן דעם חשבון.

מיינט ווער אַז עס איז נישט אַזוי?

בלויז אַ ציניקער, אַזאַ איינער וואָס איז געבוירן מיט אַ „לאַנגער צונג" — אויף אַרויסצוּוואַרפן פון זיך ווערטלאָזע ווערטער — אַזאַ איינער הערט נישט זיינע נעכטיקע רייד, פאַרבייט זיי גיך אָן צו טראַכטן, אָן צו וועלן ווי טאָן זיך, בלויז דעם אייגענעם איך.

אזוי ביים שרייבטיש, אזוי — אין דער פּאָליטיק. אויך דער פּאָעט, דער געלייטזעליקטער און גאָטגעבענטשטער, ווען ער פילט בלויז זיך אין זיין אויסוויינען דער וועלטס ווייַ — אויך ביי אים בלייבן שיינע שורות, נעקינצלטע פערזן, בלייבן בלויז פאר אים; ווייל זיינע ווערטער פון היינט האָבן נישט קיין דעקונג פון נעכטן, פון זיינע אייגענע מעשים. ער פאָד'ערט פאר זיך פון דער וועלט און אליין גיט ער דער וועלט גאָרנישט; ער טרויערט איבער דער וועלטס שלעכטס, איינצייטיק איז ער גרייט מוחל צו זיין אלעמענס חטאים, ווען אלע וועלן גרייט זיין צו פארגיטיקן אים, בלויז אים אליין...

דערמיט איז ער גרייט צו פארוואַרפן דאָס נעכטיקע, אויך דאָס קומענדיקע, גרייט צו גלעטן בלויז איצט — פארן איצט.

אָבער דער געוויסער בלעטלקלייבער, וואָס היט און פארצייכנט דער וועלטס קאַלענדאַר, ער קומט אַרויס מיט קענגנפאָדערונגען, באַווייזט שוואַרץ אויף ווייס:

— דעם און דעם טאָג האָסטו, בן אדם, געטאָן דאָס און יענץ, כלומר, האָסט געשריבן און גערעדט פּונקט קאַפּויער, פּונקט פארדרייט, פּונקט פאַרקערט ווי דו האָסט געטאָן צומאָרגנס, אין אַ וואָך און אַ חודש שפּעטער; נאַ און לייען!

וואָס דו האָסט אַליין פיינט, זאָלסטו צו דיין חבר נישט טאָן.

דער מאמר איז גילטיק פון אלע אייביקייטן אויף אייביק.

ער איז גילטיק פאר געוויסע מענטשן אין אַן אומנאָרמאַלער וועלט — פאר שרייבערס, פּאָעטן און אויך פּאָליטיקער.

די אָפּגעריסענע קאַלענדאַר־בלעטלעך טיקען אין די אויגן.

ווערטער — געשריבענע צי גערעדטע — ווערטלאָזע ווערטער.

וועלט־אָנפירערס טוען אלץ כדי צו פארגעסן. זיי האָבן נעכטן גערעדט און היינט רעדן זיי ווידער. נעכטן האָבן זיי גערעדט דאָרט און היינט רעדן זיי דאָ. דאָס נעכטיקע פּאָרט זיך נישט מיטן היינטיקן, איז קאַפּויערדיק. אזוי זענען זיך נוהג דיפּלאָמאַטן מקדמונים. זיי היטן נישט די קאַלענדאַר־בלעטלעך, האָבן נישט קיין עסקים מיט נעכטיקע טעג. זייערע ווערטער — אויסגעפּילט מיט שמייכלען, כאָטש פּוסט זענען זיי, די ווערטער:

דאָס פּנים שמייכלט, די צונג איז נישט דערביי און דאָס אייגענע פאַר־קערט.

מען פּראָוועט באַנקעטן און דאָס פּנים איז געווענדט צום פאָטאָגראַף:
„כאַפּ מיך אַראָפּ און זאָל די וועלט זען מיין צופרידנקייט".

ער, דער יחיד, איז דאָך אַ גאַנצע וועלט.

ער לייגט זיין חתימה אויף פּאַפּירן — יעדעס שטיקל פּאַפּיר איז אַ שטיק וועלט — — —

עס פאַלן בלעטלעך פון קאַלענדאַר. אימיצער קלייבט זיי, בינדט זיי צונויף, דערלאַנגט זיי אינעם געווינזן טאָג דעם געווינזן באַלעבאָס, דעם איי־גנטימער פון דאָזיקן קאַלענדאַר —

דיינע רייד און מעשים פון נעכטן — פּאָליטיקער, פּאָעט, פּראָזעמייס־טער — פאָרן זיך נישט מיט דיינע ווערטער און טואונגען פון היינט; נאָ און זע: די וועלט קערט זיך קאַפּויער; דערצו האָסטו דאָך געצילט נעכטן. היינט? אויך היינט זענען דיינע ווערטער ווערטלאָז —

זיי, די ווערטער, ווערן פּאַנאַנדערגעטראָגן איבער טעלעגראַף־סלו־פּעס, פליען מיט בשורות, אָבער אונטער זיי — פעלט דאָס ריכטיקע, דאָס אויפריכטיק־פילנדיקע און מענטשלעכע וואָרט.

עס פעלט דער ווינציקן אונטערן דאָזיקן וואָרט.

פאַראַן בלויז אַ „שלום־ליבנדיקע" פּאָליטיק, אַ דיפּלאָמאַטיע אַזאַ — געדעקט פון פּאָעטן און פּראָזאאיקער, ביי וועלכע מלחמה און שלום האָבן דעם זעלביקן ווערט ווי דאָס אויספּערזלען אַ ליד ביים האַלב־שכור־לעכן, געווינזן פּאָעט...

... ווערטער פאַלן ווי פאַרגעלבטע בלעטער אין הערבסט, דרייען זיך, וויקלען זיך, ווערן אויסגעקערט פון מיסט־קערער: בלויז אַ טאָגבוך ווערט ערגעץ אויפגעהיט, באַהאַלטן צום חשבון — צונויפגעשטעלט און איינגע־נייט פון אַראָפּגעפאַלענע און אוועקגעוואָרפענע קאַלענדאַר־בלעטער — —

# שטריקל-ציער

א טשעקאווע בילד:

נאָנט פון דער אונטערערדישער באַן, אין בוענאָס איירעסער יידישן צענטער, קוועטשט זיך א נייגעריקער עולם, שטויסט זיך, שטופט זיך מיט צעעפנטע מיילער, מיט בליציקע אויגן פון התפעלות. נאָך דער ארבעט, נאָכן שליסן די געשעפטן. מען דאַרף איילן אהיים זיך איבערטאָן, זיך ארומוואשן. אָבער די מענטשן־קופּע האַלט זיך כסדר אין פארגרעסערן, אין פארענדערן ארום א שמאָלן פּאַס אויפן טראָטואר. יעדער וויל צוקומען נענטער צו איין פונקט, ווייל זען דעם גרויסן חידוש וואָס באַוועגט זיך אונטן, אויף א ברעקעלע פון טראָטואר־ציגל. דאָ צעעפענען זיך די אויגן ביים נייגעריקן קוקער, צעפּראַלט זיך זיין מויל, — א הילכיק געלעכטער צעשפּרייט זיך אַרום, שטעקט אָן אַלעמען: אר־וואַ!

וואָס קומט דאָ פאָר?

א פּיטשעמאַנטשיק מענטשעלע, א קליין נפשל צונויפגעקלעפּט פון א מין גומע, הייבט זיך און טאַנצט, ליגט זיך, זעצט זיך און מאַכט קאָזשעל־קעס, אַז — דאָס אַלץ רופט אַרויס פריידיקע טרערן ביי צענדליקער פאַר־בייגייערס.

וואָס איז דער חידוש? ווינציק אויטאָמאַטישע מענטשעלעך אין די אויסשטעלפענצטער? א קוועטש ערגעץ ביי א קנעפּל — און אזא נפשל שטעקט אַרויס א רויטע צונג, לאַכט, פייפט, בילט און וויינט!

אַנדערש איז דאָס גומענע מענטשעלע אויפן טראָטואר. דאָ באַוועגט עס זיך אַליין, אָט דאָס קאַריקאַטור־נפשל.

דערין ליגט טאַקע דער חידוש. גיב א געשריי „טאַנץ!", טאַנצט עס; גיב א זאָג: „זעץ דיך!", זעצט עס זיך אַוועק און באַקומט א טרויע־

ריק־פעסימיסטישן אויסזען; זאָגסטו: „פריילעך!", צעוואָרפט עס הענט־לעך און פיסלעך, פאַרלירט עס דעם פריערדיקן פעסימיסטיש־פאַרזויערטן אויסזען, באַקומט עס אַן אָפּטימיסטיש, זייער פאַרזיסט פּנימל.

דערפאַר שטויסט זיך, שטופּט זיך און לאַכט דער גרויסער עולם מיט צעעפנטע מיילער און אויגן: אַזאַ חידוש!

יאָ. אָט איז דאָס גומענע מענטשעלע פּעסימיסטיש, אָט איז עס אָפּטי־מיסטיש: עס לייגט זיך, עס טאַנצט — משוגע צו ווערן פון אַזאַ מין־מאָדנע פאַרזעעניש.

נעבן דעם קליינעם גומענעם מענטשלע שטייט אַ גרויסער פלייש־יקער מענטש, דיריגירט, באַפעלט — און עולם לאַכט.

און אָט שטייט איינער אַ הער מיט אַ נאַקעטן קאָפּ. אויף אים — צוויי האָר בלויז. צוזאַמען מיטן מענטשעלעם באַוועגן זיך, באַוועגן זיך אויך די צוויי האָר אויפן גרויסן מענטשס קאָפּ. איין האָר שטעלט זיך אויף, ווען דאָס מענטשעלע ווערט זויער־פּעסימיסטיש, די צווייטע האָר לייגט זיך אַוועק, ווען דאָס מענטשעלע ווערט זיס־אָפּטימיסטיש. דאָ שפּילט אויך צו דאָס וועטער: בלאָזט אַ ווינט, שטעלן זיך ביים נאַקעטן קאָפּ־מענטש אַוועק ביידע האָר באַקעם...

קוקנדיק אויפן דאָזיקן בכבודיקן הער, פאַרקוק איך זיך אויך צו איינעם אַ ווינקל, ווו עס שטייט אָנגעשפּאַרט אַ מענטש ביי דער וואַנט. ער לאַכט אַמשטאַרקסטן פון אַלע. ער קוקט נישט אויפן טאַנצנדיקן, גומענעם מענטשעלע — בלויז אויף דער גערדיכטער, לאַכנדיקער מענטשן־מאַסע. וואָס־שטאַרקער דאָס געלעכטער טראָגט זיך איבער אַלעמענס קעפּ, וואָס־פילנדיקער עס באַוועגן זיך די צוויי האָר אויפן פּליכעוואַטן הערס קאָפּ, אַלץ מער שטשירעט ער זיינע ציין — הילכיקער לאַכט ער.

דער דאָזיקער קייכנדיקער מענטש האַלט פאַרשטעקט די הענט אין קעשענע. דאָרט באַוועגט ער מיט די פינגער. ציט אַ דינעם פאָדעם, פאַר־טשעפּעט אויף אַ טשוועקעלע ביי דער וואַנט. דאָס מאַכט ער, דער קייכנדי־קער מענטש ביי דער וואַנט, אַז דאָס לאַלקעלע אונטן זאָל זיי טיילמאָל פּעסימיסטיש און פילמאָל — אָפּטימיסטיש.

קיינער זעט נישט דעם כישופדיקן פאָדעם, וואָס איז גורם געלעכטער

ביי צענדליקער מענטשן; קיינער פילט נישט דעם שטריקל־ציער, וואָס גראַבלט מיט די פינגער אין קעשענע: אַ צי ביים פעדעמל אַרויף, טאַנצט דאָס גומענע מענטשעלע זיס־אָפּטימיסטיש, אַ צי אַראָפּ, ליגט עס זיך אַוועק און ווערט זויער־פּעסעמיסטיש.

דערפאַר לאַכט ער, דער שטריקלציער, דאָס גרעסטע געלעכטער. ער נעמט נישט אַראָפּ זיין בליק פון בכבודיקן, פליכעוואַטן הער, שטשירעט זיינע ציין אויף יענעמס צוויי באַוועגלעכע האָר: אויך דו? כי־כע־כאַ!

און אַזאַ קליין מענטשעלע, וואָס ווערט אַזוי קונציק געצויגן פון שטריקל־ציער, פאַרקויפט זיך בלויז פאַר אייניקע פּענעס.

ביים פאַרקויפן אַזאַ מענטשעלע וואָרנט דער דיריגענט, זאָגט ער אָן דעם קונה, אַז — ביי אַ זוניק וועטער איז דאָס גומע־מענטשעלע זייער פריילעך; ווערט אָבער ווינטלדיק, ליגט עס זיך אַוועק, פאַלט אַריין אין מעלאַנכאָליע.

אָפּטימיזם און פּעסימיזם — לויט דער אָפּשאַצונג פון אַ שטריקל־ציער.

אַ ליליפּוטל אויף אַ שטריקל האַלט אָנגעשטרענגט צענדליקער בליקן, צווינגט איינער זאָל אָנטרעטן דעם צווייטן אויף די הינעראויגן.

דערין ליגט דער כוח פון שטריקל־ציער, וועלכער שטייט פאַררוקט אָן אַ זייט, פאַרשטעקט פון נאַאיוון פאַרבייגייערס בליק...

...אין אייניקע אייראָפּעאישע שטעט האָב איך געזען די דאָזיקע שטריקל־ציערס מיט זייערע קונציקע ליליפּוטלעך. אויך דאָרט האָב איך צוזאַמען מיט אַלע געלאַכט, הנאה געהאַט פונעם וווּנדערלעך־טאַנצנדיקן נפשל, וואָס אָט איז עס אָפּטימיסטיש, אָט — פּעסימיסטיש און טיילמאָל — ביידע צוזאַמען. אָבער דאַן האָט זיך מיר גיך איינגעגעבן צו כאַפּן ביי דער האַנט דעם שטריקל־ציער. אויך דער רעשט עולם איז גיך געוואָרן אוים־גולם.

שטיי איך אין בוענאָס איירעס נעבן דער אונטערערדישער באַן און לאַך — קוק אויפן עולם, לאַך צוזאַמען מיט אַלע — נישט פון דער קונסט וואָס עס שטעקט אינעם גומענעם מענטשעלע, נאָר לאַך טאַקע דאָס שפּאָ־טישע געלעכטער פון עולם־גולם: כאַפּ אַ בליק אָט אַ אָן דער זייט און זע,

ווי יענער בחור דאָרט ציט ביים שטריקל, באַוועגט דאָס ליליפּוטל, מאַכט עס צום טאַנצן, מאַכט ער עס !...

— שטריקל־ציערייַ איז אַ פּרנסה געוואָרן: וואַרף אַ בליק אין דער ווייטער פּאָליטישער וועלט און פּאַרזע אויך נישט דעם נאָענטן יידישן אַרום וואָס באַוועגט זיך אַרום דיינע טריט — ספּעציעל דאָ האָט גרויס אַנזען ער, דער שטריקל־ציער...

## זעלבסטצופרידענע

איז פאַראַן אַ חילוק צווישן אָפּטימיסט און זעלבסטצופרידענעם ?

אויסערלעך, — נישט אונטערצושיידן איינעם פון צווייטן: די זעלביקע שטריכן, דער אייגענער האָפערדיקער בליק; אינערלעך לעבן זיי אין צוויי באַזונדערע וועלטן: ביים אָפּטימיסט — אַ שיינענדיקע וועלט מיטן אויסבליק אויף צוקונפט, אויף רואיק לעבן, וואָס וועט באַזיגן דאָס שלעכטס; דער זעלבסטצופרידענער זעט בלויז זיך, די וועלט וואָס רינגלט אים אַרום — זיין צופרידנקייט און מער גאָרנישט.

איין געשטאַלט — איינס ווייט פון צווייטן...

אַפּראָפּאָ, וואָס מיר לעבן אין אַ וועלט פון ס'רוב זעלבסטצופרידענע, יחידים וואָס איין יחיד איז גרייט דעם צווייטן אויסצודראַפּען די אויגן, מאַכן אים בלינד, צונעמען די ראויה, כדי יענער, דער שכן, זאָל נישט קענען זען וועמענס צופרידנקייט...

למשל: זיצט ראובן איבער אַ פאַרעדיקן טעלער, עסט מיט ביידע באַקן. שמעון — ביים קעגנאיבערדיקן טיש, פאַרבלאָנדזשעט מיטן בליק אין ראובנס טעלער. ער איז גאָרנישט אויסן געווען. בלויז טשעקאַווע אַ בליק צו טאָן, וואָס יענער דאָרט איז בכוח אריינצוואַרפן אין זיך. דערפילט ראובן יענעמס בליק אין זיין טעלער. איז דען אַ בלויזער בליק בכוח אַרויסצוכאַפּן אַ שטיק פאַרעדיק פלייש ? ניין. דער איבערן־טעלערזיצנדיקער ווייסט דערפון. דאָך — מחמת יענער האָט אויף אַ ווײַלע צעשטערט זיין יחידישע זעלבסטצופרידנקייט, אים, אַ שטיינער, אָפּנעמאָסטן מיט אַן עין הרע־בליק, וועט שוין ראובן „האַלטן אויג" אויף שמעונען.

גרייט זיין צו פאַרפאָרן אין זיין פּרצוף מיטן גאָפּל: אַזאַ העסלעכער פאַר־שוין; קוקט יענעם אין טעלער אַריין!

ראובן איז אַ זעלבסטצופרידענער און שמעון — אַן אָפּטימיסט. וואָ־רום וואָלט ער, שמעון, געוווסט, אַז אין דער קיך וועט פאַר אים נישט סטייען קיין פלייש, וואָלט ער דאָך נישט פאַרנומען קיין פּלאַץ ביים טיש. ער איז זיכער, אַז דער קעלנער וועט אויך אים דערלאַנגען זיין פּאָרציע; ער דאַרף בלויז בעטן, בלויז וועלן עסן. איי, פאַרוואָס האָט ער געקוקט אין שכנס טעלער אַריין? דערויף האָט ער דאָך אויגן. מעגלעך, ער האָט גאָר געצילט צו צעשטרייען זיין אַפּעטיט אויף אַזאַ אופן: יענער קנאַקט אַזוי האַסטיק מיט די ציין, וועט ביי אים דער פּיקער אויך זיך פאַנאַנ־דערגיין אין דער געהעריקער מאָס...

דער אָפּטימיסט איז בטבע אַ לומד מדעת הבריות: ער זוכט צו לער־נען פון צווייטן כדי אי זיך, אי דעם דריטן אָנצופילן מיט האָפערדיקייט — ניט געדאַגהט, עס וועט סטייען פאַר אַלעמען; דער זעלבסטצופרידענער איז אַ גונב דעת הבריות: ער שטעלט זיך צופרידן דערמיט וואָס ער האָט, אָבער פאַרגעסט נישט דערביי אויסצושרייען — אַז זיין צופרידנקייט איז אויך אַלעמענס גליק, מוז זיין אַלעמענס גליק. וואָרום פאַרקערט: וועט אויך אַ צווייטער געניסן, וועט דאָך געמינערט ווערן פון זיין זעלבסטצופרידענער הנאה, פון זיין איך, וואָס ער צווינגט אַרויף אויף אַלעמען.

זעלבסטצופרידנקייט פאַרשאַפט דעם צופרידענעם יחיד מער ווייטיק ווי הנאה. ער איז נישט־פאַרגינעריש און שטענדיק דאַכט זיך אים, אַז יע־נער איז צופרידענער פון אים, צילט אַרויסצוכאַפּן ביי אים פון טעלער. זיין בליק איז אויסערלעך, מכלומרשט, פריילעך, וואָס דאָס מיינט: אויף צעפּיקעניש די שונאים; אינוווייניק פרעסט עס אין אים, ראַיעט עס דאָרט — כל העולם בשבילי נברא — די גאַנצע וועלט איז באַשאַפן געוואָרן בלויז פאַר אים. ער פילט זיך בכוח צו באַהערשן די וועלט מיט זיין חכמה, מיט זיין כוח — מיט זיין אַפּעטיט.

אָפּטימיזם איז דער היפוך פון זעלבסטצופרידנקייט. אָבער צו זיין אַן אָפּטימיסט דאַרף מען עפּעס אַריינלייגן אין שותפות, דאַרף מען האָבן וואָס

אריינצולייגן, דארף מען כוח האָבן צו וועלן, אַז אויך די מיטשותפים זאָלן הנאה האָבן פון לעבן.

פאַראַן אָפּטימיסטן וואָס מאַכן אַ תל פון דאָזיקן אויסדרוק: אויסער־לעך שטעלן זיי זיך פאָר ווי אָפּטימיסטן, אינערלעך זענען זיי נישט מער ווי — זעלבסטצופרידענע...

די רעשט ווענדט זיך שוין אָן מין מענטש: מען דאַרף קענען פאַנאַנ־דערשיידן צווישן די דערמאָנטע צוויי מינים.

דער הער מענטש דאַרף אויך צולייגן אַ האַנט...

געלערנטע זענען מחולק, צי דער מענטש שטאַרבט צוביסלעך, אָדער שטאַרבט אַוועק ווען די עלטערשעה רוקט זיך אָן.

פאַראַן אַנדערע — נישט קיין געלערנטע, פּראָסטע מענטשן דווקא — וואָס זייער מיינונג איז, אַז דער מענטש ווערט געבוירן יעדע רגע, יעדע מינוט און יעדע שעה. נישט פאַראַן קיין שטאַרבן ביים מענטש. ער גייט בלויז אויס, ווי אַ ליכטל ביים לעצטן צאַנק. ערב דעם פאַרלעשן זיך, שוין זייענדיק בלויז קנויט, אָן חלב, קערט זיך דאָס ליכטל ווידער אים צוריק צום לעבן: שאַפט ליכטיקייט אַרום זיך, ווערט אויפסניי אויף אַ ווײַלע גע־בוירן — אין דער לעצטער רגע פאַרן אויסגיין.

דער מענטש שטאַרבט בלויז ביים פאַרמאַכן די אויגן צום שלאָפן־גיין. דאַן ליגט ער אָפּ שעהן נישט פילנדיק און נישט טראַכטנדיק. דאַן בענקט ער נישט. דאַן זוכט ער נישט אויסצובעסערן זיין דאָ־זיין.

פאַרטאָג, ביים עפענען די אויגן, נעמען זיך שאַפן אין אים פאַנטאַ־זיעס. ער האָפט אויף עפּעס וואָס דאַרף באַלד קומען. און ביז די אַנטוי־שונג קומט ווערט דערווייל אין אים געבוירן דאָס שענסטע וואָס זיין פאַנ־טאַזיע קען אים נאָר אויסמאָלן. אַזוי במשך אַ גאַנצן טאָג: ער שאַפט און צעשטערט, געבוירט און פאַרלירט. ער לאָזט זיך נישט אַוועקפּטרן אפילו ביי דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן: עפּעס ווערט געבוירן אין זיין מוח — אַ האָפנונג, כאָטש גלייך ווערט זי צערונען. ער איז אין כסדרדיקן אימ־פּעט פון שאַפן.

וואָלט מען גורם געווען דעם מענטשס פאַרעלטערן זיך — כסדרדיק

אָפּשטאַרבן, וואָלט די וועלט געהאַט אַזאַ פּנים ,ווי די שימפּאַנזע־מאַלפּע האָט עס אין דער שטייג: יעדער פאַרגייענדיקער טאָג אַ פאַרלוירענער פאַר דער פרייהייט; ווי קען מען אין אַזאַ צייט באַווייזן אַן אויפריכטיק־פריילעך פּנים?

די כסדרדיקע אמונה פון אַ רבים, דאָס גלייבן פון אַ כלל אין אַ שענער לעבן — דאָס שאַפט אָפּטימיסטישע שטימונג צום געבוירן חידושים יעדע שעה און יעדן טאָג. פאַלט אָבער דער כלל אַוועק, פאַרלירט ער די אמונה אין אייגענעם כוח, לאָזט ער זיך דאַן בלינד פירן פון זעלבסטצופרידענעם, וואָס איז נישט אויסן אַלעמענס טובה, נאָר — זיין אייגענע...

## פריילעך זאָל זיין!

פאַרט אַ ייד פון בוענאָס איירעס אויף יענער זייט ים, טרינקט מען „לחיים", ווינטשט מען אַ גליקלעכן צוריקקום, —אויף אַ באַנקעט. שבחים ביזן העלן טאָג אַריין. ס'איז גוט. רעדנערס זענען צופרידן פון זייער רעדן, פון זייער אַרויסברענגען די קונסט אין וואָרט. דערצו גרייטן זיי זיך אַ צייט לאַנג. און אַז די צייט איז פאַרביי — זיך אָפּגערעדט — פילט מען דעם אייגענעם כוח, דעם אייגענעם חיתוך־הדיבור: הוילע קונסט. צופרידן איז אויך, ער, דער בעל־שמחה. מען האָט אים געלויבט, געזאָגט וועגן אים, אַז — אַלץ איז הוילע אמת: ער איז אַן אויפטוער, אַ פאַרזאָרגער, אַ צוגרייטער, אַ זעלטנהייט פון אַ ייד און אַ... וואָס? מען האָט נישט דערזאָגט. נישקשה. דער בעל־שמחה ווייס דאָס אַליין. ער האָט אַ זעלטן־גוטע נשמה. אָ־האָ! אַלע ווייסן דאָס. אַז ער וועט זיך מערטשעם צוריקקערן, וועט מען ווידער רעדן, דאַן דערזאָגן דאָס נישט־דערזאָגטע. עס וועט גוט זיין. די רייזע וועט זיין אַ געלוינטע, אַ פריילעכע, אַ בכבודיקע.

בוענאָס איירעסער יידן מאַכן באַנקעטן און מאַכן סתם שמחהלעך. אַז וויל צו די וואָס מאַכן און צו די וואָס לאָזן זיך מאַכן. זאָלן זיין שמחות ביי יידן.

און פריילעך איז אויף אַזאַ באַנקעט. מען דערלאַנגט יום־טובדיקע

מאכלים. מען פארוואַרפט ווייסע שערצעלעך אַרום האלדז. פינגער נעמען זיך באַוועגן אין געקנייפּ אויף בולקע, אויף פּולקע. און ווייבער? זיי האַלטן אויסגעצויגן הענט איבערן טיש. זיי וואַרטן אויף עפּעס. באַלד וועלן רעדן די רעדנערס. דערווייל — קלינגען לעפל־גאָפּל, מישט זיך אוים זייער געקלאַנג מיט געפּאַטש פון ליפּן, מיט שטילן זשום־זשום פון זיידענער הלבשה אַרום־און־אונטערן טיש.

דער רעדנער האָט שוין אָפּגערעדט. וואָס האָט ער געזאָגט? מען פּאַטשט בראַוואָ. אויף אַ ווייל אַרויסגעצויגן די הענט פון טעלערס. מען דאַרף אַפּלאָדירן.

און די ווייבער? — זיי האַלטן נאָך אויסגעצויגן די הענט, רוישנדיקע הענט, וואָס באַוועגן זיך, פאַרמאַטן דאָס וויים־געלע ליכט אויף גלאַנציקע לייכטערס.

קייטן־געקלאַנג . . .

אַזאַ געקלאַנג האָב איך אַמאָל געהערט ביי אַ קאָלומנע אַרעסטאַנטן ערגעץ־ווו. געקייטלטע הענט, אייזערנע קייטעלעך. נאָר דאָ איז גאָלד. — גלאַנצט עס און בלישטשעט עס.

איינע אַ ווייבל בלישטשעט מיט אַ פינגער — אַ הון רב.

אירע חברטעס — אַ פּוד גאָלד.

מען האָט אָפּגערעדט.

איצט — אַ טאַנץ.

קלימפּערן קייטן צום טאַקט פון פריילעכע באַלאַליַיקעס: אַ גאָלד־זילבער־בריליאַנטענער קאַראַהאָד רוישט מיט זיידנס.

אַ פריילעכער באַנקעט.

יידישע שמחהלעך אין בוענאָס איירעס — אַ לאַנגלעבן אויף יום־טובדיקע יידן.

צי פריילעך־זיין ביים געזעגענען אַ גוטן ברודער, צי ביים מאַכן אַ באַנקעטל סתם־אַזוי — פריילעך זאָל זיין . . .

# וואַסער

צוויי יידן זענען געזעסן און געמיטלעך געשמועסט — ביז עס איז זיי פאַרמיאוסט געוואָרן דאָס שמועסן. האָט זיך איינער אויפגעשטעלט, אויסגעגלייכט, אַ זאָג געטאָן:

„איך גיי אויפן היינטיקן אַקט".

געבליבן שטיין אַ פאַרטראַכטער.

מכוח וואָס האָט ער געטראַכט? איז דער היינטיקער „אַקט" אים נאָענט, אים פריינטלעך, איז שוין איצט שפּעט צו טראַכטן. דאַרף מען נעמען און גיין. אָבער דער ייד דאַרף נאָך עפּעס דורכטראַכטן, עפּעס אויס־קאַלקולירן.

דיביידע יידן — אין אַ קאָנפּיטעריע. באַלעבאַטישע יידן. עפּעס האָט אין זיי געלאָקט, גערופן: ווי שטופּט מען דורך דעם היינטיקן אָוונט?

ביים ערשטן בליק אויף זיי — „מישן זיך אין אַלץ", פאַרדאַגהט בצרכי ציבור. אומעטום קומען זיי, די צוויי יידן, לייגן צו אַן אויער דאָ און דאָרט.

„גיי איך צום היינטיקן אַקט" — האָט דער ערשטער ייד אַ מתיקות־דיקן שמייכל געטאָן, גענומען פאַרלאָזן ס'טישל.

האָט אים דער צווייטער פאַרהאַלטן, געהייסן אַ ווייליטשקע צוואַרטן.

„וואָס קומט פאָר אויף היינטיקן אַקט?"

„אויף היינטיקן „אַקט" וועט מען געבן אָפּצועסן"...

אַזוי? עס ווענדט זיך בלויז ווער עס אָרדנט אים איין. די ביאַליסטאָק־קער — וועט מען געבן צו עסן פּאָמפּיטשקעס; די וואַרשעווער — געזאַל־צענע פלעצלעך מיט זיסע פיש...

„וואָס איז דען די נפקא מינה — ווער?"

„פאַרוואָס נישט? מען דאַרף וויסן!"

בין איך געזעסן מיט דער פּלייצע צו די צוויי יידן, זיך איינגעהערט, נישט פאַרלוירן אַ וואָרט.

גלייך, האָבן די יידן זיך צוגערוקט צו מיר, געטאָן אַ שמייכעלע און געהייסן דערלאַנגען אַ „קליינע שוואַרצע". און אַ מעשה האָט דער

ערשטער גענומען דערציילן, דער ערשטער ייד, וואָס האָט פריער זיך געגרייט צו גיין אויפן היינטיקן „אקט", ווו מ'וועט געבן „אָפּצועסן".

— מיין זיידע — האָט דער ייד אָנגעהויבן — איז געפאָרן קיין גראָדזישיסק, צום גראָדזשיסקער רבין, ר' אלימלכל, זכותו יגן עלינו. איז עס געווען איין מאָל אין אַ יומא־דפגרא, וואָס חסידים זענען זיך אָנגעפאָרן מארבע פינות העולם. און דאָ דאַרף זי, די רביצין, צוגרייטן אכילה ושתיה פאַר אַן עולם, וואָס איז בכוח איינצושלינגען אַ גאַנצע וועלט! ווו נעמט מען אַזוי פיל? איז זי געפאַלן אויף אַ המצאה: אוועקגעשטעלט דעם שמש ביים פענצטער, אים געהייסן אַרויסקוקן אויפן הויף, זען די בוידן וואָס פאַרפאָרן אינעווייניק. און ביי יעדער בויד מיט חסידים האָט ער, דער שמש, געדאַרפט אַ געשריי טאָן צו דער רביצין:

„נאָך אַ וויאַדרע מיט וואַסער!"

און געשריגן האָט ער אַזוי הויך, אַז זיינע קולות זענען דערגאַנגען צו די חסידים, וועלכע האָבן זיך דורכגעבליקט מיט פאַרוואונדערונג:

„פאַרוואָס הייסט ער גיסן וויאַדרעס מיט וואַסער?"

איז מען געוואָר־געוואָרן דאָס שפּיצל וואָס די רביצין מאַכט דאָרט, אינעם קעסל מיט זופּ: דאָס איז נישט לייטיש, פע, זייער נישט שיין — האָט מען גענומען וואָרטשען — מעסטן די חסידים מיט וויאַדרעס וואַסער?!

האָט מען אַזוי לאַנג געוואָרטשעט, ביז דאָס וואָרטשען איז דערגאַנגען צו אים אַליין, צו ר' אלימלכל, זכר צדיק לברכה. האָט זיך דער רבי אוועקגעשטעלט ביים פענצטער פון זיין חדר־מיוחד; אַראָפּגעקוקט אויף די פאַרשפּעטיקטע בוידן מיט חסידים, געקוקט, זיך געוואונדערט און אַ געשריי געטאָן:

„עולם, וואָס וואַרט איר, ס'איז דאָך באו מים עד נפש!"

דערהערט דעם אויסרוף, האָבן חסידים פאַרקערעוועט זייערע פערדלעך פון הויף אַרויס, געלאָזט זיך אין גאַלאָפּ צוריק צום שאָסיי...

און דאָ האָט מיין דערציילער פאַרענדיקט:

— דאָס איז דער מוסר־השכל, איר פאַרשטייט; דאָס איז דער כוח פון געבן אָפּצועסן. מען טאָר נישט גיסן בלויז וואַסער, אַז עס זאָל דראָען

אַ פֿאַרטרינקונג, רחמנא לצלן. מען דאַרף אין קעפּל געקעכץ אַריינטאָן גרויפּן, אַ ביסעלע קאַשע הייסט עס. מיט בלויז גיסן וויאַדרעס וואַסער, איר פֿאַרשטייט, קאָן עס נאָך דערגיין צו אַ מבול, צו אַ פֿאַרפֿלייצונג, יאָ...

דער ייד האָט זיך ווידער אויפֿגעשטעלט, זיך אויסגעגלייכט, פּעסט אַ זאָג געטאָן:

„איך גיי אויפֿן אַקט!"

אָבער איך האָב דעם ייד פֿאַרהאַלטן:

„מאַכט מיר קלאָר אייער משל־נמשל".

— איז נאָך פֿאַר אייך נישט קלאָר? אַ מאָדנער ייד, בנאמנות. נעמט, אַ שטייגער, אונדזערע „אַקטן", וואָס ווערן דורכגעפֿירט יעדן אָוונט. אומעטום — נאָר מען גיסט וואַסער, איר פֿאַרשטייט, נאָר מען זיצט מיט האַרצקלאַפּעניש: „וועט מען מיר געבן אַ וואָרט, אָדער נישט?" ווער דאַרף דען זייערע „ווערטער", אַז עס קלעפּט זיך נישט ביי זיי אַ וואָרט צו אַ וואָרט! וואַסער!... אָבער עס זענען דאָ אויך אַזעלכע „אַקטן", ווו מען הערט אַ יידיש וואָרט, בלויז איין וואָרט און אַ גוטס און אָן וואַסער; דאָס איז אַ מין געקעכץ, איר פֿאַרשטייט, וואָס אינווייניק געפֿינט זיך אויך אַ גרייפּעלע, אַ פֿאַרפֿעלע און אַ ביסעלע פֿעטס; מחיה צו נעמען אין מויל אַריין... וואַסער?... עס איז דאָך שוין טאַקע באו מים עד נפש...

„און דאָ, ווו איר גייט?"

„דאָ וועט מען געבן אָפּצועסן און צו זעט — האָט דער ייד צעשמייכלט זיין גרויס פּנים — דאָ וועט מען הערן דברי־תורה און טאַקע פֿון לייטישע מענטשן אויך".

מיינע צוויי יידן זענען אַוועק צום אַרויסגאַנג. איצט איז קלאָר געוואָרן: „דאָ גיט מען אָפּצועסן"; „דאָ וועט מען נישט גיסן קיין וואַסער"...

## מזרח־וואַנט

פֿאַראַן מזרח־יידן און מערב־יידן, ענלעך ווי אַמאָל — אָסט־יודען און וועסט־יודען: אַ יידיש וועלט־פּראָבלעם פֿון שטענדיק פֿאַר שטענדיק.

פֿאַראַן אָבער אויך אַ „מזרח־וואַנט", וועלכע איז נוגע בלויז יחידים,

למשל : ערגעץ אויף א באנקעט, אויף א פייערונג, א באערונג — — ווו געפינט זיך דאָ די מזרח־וואַנט, דער בכבודיקער אויבנאָן ?

אמאָל, אין שטעטלשן בית־המדרש, אז דער רב, דער גבאי ראשון און די רעשט פּני זענען געקומען צו השכמה, האָבן זיי גלייך געפונען דעם מזרח, זייער אויבנאָן ; זיך באַזעצט מיט כבוד און מיט קנאה־בליקן פון די פּאָליש־לייט : „אַלץ פאַר די נגידים!” און מחלוקתלעך זענען אויך גע־ווען אמאָל. איינער האָט דעם צווייטן געוואָלט עוקר מן השורש זיין פאַר א ברעקעלע „מזרח” אין שולעכל. מען האָט געצאָלט און זיך קיינמאָל נישט אויסגעצאָלט — פאַר א בכבודיקן פּלאַץ ביי דער מזרח־וואַנט : „אויף צע־פּיקעניש די שונאים ! ”

א שטייגער, די חנוודיקע מאירם און שניאורס, וואָס שלום עליכם האָט זיי „באַארבעט” : צוויי ברידערלעך האָבן זיך א לעבנלאַנג געממיתט אי־בער א ברעקל מזרח־וואַנט אין קאַסרילעווקער בית המדרש ; האָבן געהאַט א בכבודיקן טאַטן מיט אַן אייביקן „זיץ” בשכנות מיט רב יוזפלען, דעם קאַסרילעווקער רב. נעמט דער טאַטע און מאַכט א שטאַרב. בלייבט די מזרח־וואַנט אויף הפקר. ער האָט זי קיינעם פון זיינע בנים נישט אָפּגע־שריבן בירושה. האָט זיך דען נישט געטאָן חושך ? — אָט קומט היינט מאיר און פאַרכאַפּט די „וואַנט”, קומט צומאָרגנס שניאור, פאַרכאַפּט און לאָזט נישט צו מאירן ; קומט דעם צווייטן שבת מאיר פאַרטאָג און לאָזט נישט צו שניאורן ... בלוט האָט זיך געגאָסן אזוי לאַנג ביי די דאָזיקע מאירס און שניאורס, ביז דער רב, נעבעך, רב יוזפל, האָט זיי אָפּגעטראָטן זיין בכבודיק שטיקל מזרח־וואַנט : נאַטע אייך אוועק מיין פּאַרציע, נאַטע אייך און לאָזט מיך געמאַך ...

די מזרח־וואַנט איז נישט קיין קאַטאָוועס : יהרוג ועל יעבור ! — געהרגעט צו ווערן און נישט אָפּצוטרעטן די מזרח־וואַנט !

אזוי איז עס געווען אינעם שיינעם אמאָל מיט דער שיינער מזרח־וואַנט.

איז עס היינט אַנדערש ? היינט שלאָגט מען זיך נישט איבער דער בית המדרש־מזרח־וואַנט, אָבער ...

א גאַסט אויף א בכבודיקן באַנקעט. אַלץ צוגעגרייט אויף די טישן

און אַרום די טישן, אָבער — ווו, אין וועלכן ווינקל, וועט עס זיין דער אויבנאָן? אם אני כאן, הכל כאן — ווו איך זיץ, דאָרט איז דער מזרח־דיקער אויבנאָן. נישט אמת? אָבער נישט ביי אַלע. פאַראַן אַזוינע וואָס האַלטן, אַז דער אויבנאָן איז טאַקע דאָרט, ווו ס׳איז דער מזרח, די שיינע מזרח־וואַנט. דאָרט זיצט דער באַערטער, זיצן לייטישע געסט; דאָרט אַהין זענען געווענדט אַלעמענס בליקן; דאָרט אַהין קוקט דער פאָטאָגראַף, שטעלט־אָן זיין קאַמעראַ פּינקטלעך — צו דער מזרח־וואַנט. פאַרוואָס־זשע זאָל אויך איך נישט הנאה האָבן? איך — טענהט דער „אייביק אָנזעעוודי־קער" — האָב אויך מיין ביסל לעבן נישט געפונען אויפן מיסט. איי, מען פייערט נישט מיך, נאָר אים גאָר? בלאָטע! היינט אים, מאָרגן — מיך. היינט זיצט ער ביי דער מזרח־וואַנט, זיץ איך דערנעבן. מאָרגן וועט׳ס זיין פּונקט פאַרקערט. אויך מיין לעבן איז עפּעס ווערט!

הכלל: האָט דער גאַסט אויפן באַנקעט — אַ בכבודיק יידעלע — זיך אַרומגעדרייט און „פאַרבויגן" בענקלעך. ביי יעדער זייט פון טיש — „פאַרקנייטשט" אַ שטול. מחמת, טאָמער וועט זיין דער מזרח דאָ, האָט ער זיך שוין אַ פּלאַץ; טאָמער וועט דער מזרח זיין פון הינטן, פון פאָרנט, אין מיטן, אָדער גאָר דאָרט ערגעץ — ער האָט זיך אומעטום אָנגעגרייט פּלאַצלעך. צו וואָס פיל ברייען? דאָס יידעלע האָט געפּאַקט דעם ריכ־טיקן אויבנאָן און זיך באַזעצט. איצט שמייכלט ער. איצט איז ער צו־פרידן. ווי גוט! אַלע קוקן אויף אים — אויך. „ווייסטו ווער עס איז דאָס דער דאָזיקער, דער שמייכלענדיקער, — דער...?" „דער־אָ, וואָס זיצט אויף דער מזרח־וואַנט, מיט די שוויצנדיקע בעקעלעך און קליינע אייגעלעך און ווייכע הענטעלעך? — מסתמא אַ וואַזשנער מענטש איז ער!"

דער מזרח־וואַנטניק פּוצט דעם שניפּס און גלעט די שוואַרצע הערע־לעך, אַז חיות צו קוקן: דער פאָטאָגראַף האָט אָנגעשטעלט זיין „אויג", אָט, באַלד וועט ער אַ „קוועטש" טאָן. גלעט דער מזרחניק ס׳גזשיבקעלע, בלאָזט די ליפּעלעך און האַלט — פּאָזע. מען דאַרף זיין גרייט. מען דאַרף שמייכלען. דאָס „בילד" וועט דאָך זיין געדרוקט אין בלאַט!

אַ מוסטערל פון אַזאַ איינעם וואָס וועט אַלץ באַצאָלן, אַבי צו זיצן אויף דער מזרח־וואַנט.

און נישט בלויז זיצן — אזא איינער האָט אויך ליב צו רעדן. און רעדן רעדט ער שיין. ער זינגט ממש. נאָר מחמת ער קומט אויף אַלע „אונ־טערנעמונגען", טראָגט ער זיך ארום מיט אָנגעשטאָפּטע קעשענעס: צו־געגרייטע באַגריסונגס־רעדעס. טרעפט, אַז מען גיט אים, דעם „מזרחניק", אַ וואָרט, נעמט ער שלעפּן פון קעשענע ארויס זיין רעדע, ספּעציעל צו־געגרייט פאַרן היינטיקן „אָוונט" און — פאַרבלאָנדזשעט גאָר צו אַ צווייטער רעדע וואָס ר'האָט פאַרגרייט אויף מאָרגן, פאַר אַ מאָרגנדיק באַ־ערטן, אָדער גאָר פאַר אַן איבעראַכטאָגיקן באַנקעטירטן...

אַ נפקא מינה. ער רעדט און עולם אַפּלאָדירט. זיין רעדע — אַ ליד, הוילע פּאָעזיע,

אזוי רעדט, אזוי שמייכלט — ער, דער באַערטער, דער באַנקעטיר־טער — אויף דער מזרח־וואַנט...

צוויי יידן האָבן געשמועסט וועגן משיחן.

ביידע יידן געווען ביי דער מיינונג, אַז שוין די העכסטע צייט: זיי הערן משיחס טריט; ער קומט; מען דאַרף זיך גרייטן אויף אַ קבלת פּנים (און טאַקע אויפשטעלן אַ באַערונגס קאָמיטעט אויך).

האָב איך זיך צוגעהערט און געגעבן מיין הסכמה. אוודאי פילן זיך שוין משיחס טריט. איי, ווו ער וועט מאַכן זיין ערשטן אָפּשטייג? ביי איצטיקע אוויאַציע־מעגלעכקייטן וועט אים עולם אָפּוואַרטן אומעטום: היינט אין מאָזעסוויל און מאָרגן וועט מען אים, משיחן, אויפנעמען אין גרעסטן זאַל פון בוענאָס איירעס.

און אומעטום וועט מען האַלטן רעדעס, באַגריסונגען. משיח וועט זיצן אויבנאָן און שווייגן. ער וועט הערן די אויפטוען פון דעם און יענעם חשובן רעדנער, פאַרנעמען קאָמפּלימענטן אויף זיין, משיחס, חשבון — און שווייגן; שווייגן אזוי לאַנג, ביז ענדלעך וועט מען אויך אים צו־טיילן דאָס וואָרט, בלויז איינאיינציק וואָרט. דער עולם וועט שוין זיין מיד, פאַרמאַטערט פון דער גרויסער צאָל רעדעס און ווערטער. וועט ער, משיח, דער גרויסער און לאַנג דערוואַרטער גאַסט, נאָך נעכט איינזאַפּן אין זיך די כפּליימדיקע יידישקייט פון צען מאָל כפליים־רעדנערס —

וועט ער אין פריע פאַרטאָגן זיך אויפשטעלן, זיך אַרומקוקן, אָפּמעסטן מיט זיין ווייכן בליק דעם גאַנצן אויבנאָן און — — — בלויז איין וואָרט וועט ער זאָגן:

חוצפה...

און זיך צוריק אַוועקזעצן.

דאַן וועט עולם פילן, אַז משיח איז טאַקע געקומען אין דער ריכטי־קער צייט — ווי עס זאָגט זיך ערגעץ אין אַ מאמר...

# א יידיש בוך

אויף מיין טיש — א ניידערשינגען בוך, איינגעהילט אין צוויי דיקע טאָוולען. דער שרייבער פון דעם בוך זיצט נעבן מיר, זיפצט. ער איז אומ־צופרידן. עפּעס קוועטשט אים.

האָב איך א טאַרקע געטאָן דעם שרייבער, אים געבעטן צו דערציילן:

— פאַרוואָס זאָלסטו נישט דערציילן?

האָט ער אָנגעשפּאַרט די שטעכיקע גאָמבע אויף ביידע הענט, זיך א טרייסל געטאָן, צעעפנט די ליפּן. ער האָט גענומען אימפּעטיק דערציילן:

...בין איך געזעסן אין די שפּעטע נעכט און געשריבן, געמעקט און געשריבן און ווידער געמעקט...

— האָט דיך ווער געצווונגען דערצו?

ער האָט ווייטער גערעדט:

...אין אייז־קאַלטע נעכט און אין פאַרטאָגס, ווען דער שלאָף ציט צום בעט האָב איך ארויסגעוואָרפן קאָמאַס, אריינגעשטעלט פּונקטן, גע־בראָכן זאַצן, אויסגעגלייכט שורות...

— ווער האָט דיך געבעטן?

— נודניק; איך האָב הנאה פון דער דאָזיקער ארבעט; דאָס איז מיין לעבן; איך דאַרף נישט, מען זאָל מיך בעטן און איך שטיי נישט צו קיי־נעמס באַפעלן!

— גוט, דאָס איז זייער פאַרשטענדלעך. פאַרוואָסזשע זיפצסטו איצט, ווען דאָס בוך איז שוין פאַרטיק? דאַרפסטו דאָך זיין צופרידן!

— וואָס איז דיין דאגה, אז איך זיפץ? אויך פון זיפצן האָב איך הנאה.

געוועון צו פילן, אז דער שרייבער האָט נישט קיין הנאה; אז עפּעס

טאָטשעט אין אים, אָן עפּעס, וואָס ער מוז אים איצט אַרויסברענגען. האָב איך אים געלאָזט רעדן:

— נאָך אַ זעקס הונדערט טעג און נעכט, נעכט און טעג שרייבן און מעקן, אַריינוואַרפן און אַרויסוואַרפן, ווערן אויסגעריסן און אויסגעשליסן, האָב איך ערשט דערפילט די אמתדיקע הנאה: מיין ווערק איז פאַרטיק!

— נו?

— בין איך אוועק צום פאַרלעגער.

— צום פאַרלעגער? מאַכסט אַ טעות.

— האָסט רעכט, נישטאָ קיין פאַרלעגערס. בין איך אוועק צו באַ־קאַנטע, צו היימישע לייט, זיי געטאָן זאָגן אַזוי: היות, גוטע לייט, מיין מאַנוסקריפּט איז פאַרטיק, בעט איך אייך...

דאָ האָט דער שרייבער איבערגעריסן, מיך אָנגעקוקט, געוואַרט, אַ שמייכל געטאָן. האָט דאָס מיך אָנגעשטעקט מיט צופרידנקייט. ער שמייכלט, דאָס איז גוט.

...האָבן מיינע באַקאַנטע מסכים געווען אַרויסצוגעבן דאָס בוך במעט אָן באַדינגונגען.

— וואָס מיינסטו צו זאָגן מיטן „במעט"?

— דאָס מיינט צו זאָגן, אַז איך וועל שוין במעט גאָרנישט דאַרפן טאָן אַרום דעם בוך: זיי, אַלע זיי; דאָס בוך גיבן דאַך זיי אַרויס, אויף זייער פירמע גייט עס דאָך, אין זייערע פּראָטאָקאָלן וועט עס דאָך ווערן אַריינ־געשריבן; אויף זייערע פאַרזאַמלונגען וועלן זיי רעדן וועגן זייער אַרויס־געגעבן בוך, מאַכן אַ בהלה אַרום דעם, שאַפן געלט, געלט...

ער האָט צעטרייסלט דעם קאָפּ, זיך גענומען יאָגן נאָך אַ פליג און אויסגעפּשטלט אַ פּשטל:

— זעסט די־אָ זלידנע פליג? דו זעסט זי נישט? זי איז אַנטלאָפן. אַזעלכע זלידנע פליגן האָבן זיך אָנגעזעצט אויף מיר איצט.

— איך האָב דיר געבעטן זאָלסט רעדן אָן רמזים.

— גוט. אָט ליגט דאָס בוך אויפן טיש. אין יעדן זייטל — אַן עמער שוויס, אַ שטיק מאַרך, שלאָפלאָזע נעכט, נישט־דערעסענע טעג. זעסט דאָס בוך? נעם עס אין האַנט אַריין. דאָס בין איך, איך, איך אַליין...

ער איז אריין אין פּאַטאָס, ווידער אראָפּ פון וועג. האָב איך אים געפּרוווט אוועקפירן פון דער פּאָעזיע, צוריק אוועקגעשטעלט אויף זיין פּראָזאאישער דערציילונג:

— האסט א טבע צו פארנודיען א וועלט; איך זע דאָס בוך, א שיין בוך. איך מיין, שיין ארויסגעגעבן...

— וואָסזשע זאָל איך איצט טאָן דערמיט? —

געצוווּנגען האָט מען מיך טאַקע נישט, אָבער אז דאָס בוך איז פּאַר־טיק געוואָרן האָט מען מיך שטאַרק געלויבט. מען האָט געזאָגט, אז אין מיר זיצט אַן עמיל זאָלא, א דיקענס, א מאָפּאַסאַן, א שטיק פון גאָרקין און א...

— שאַ, הער־אויף מיט דיינע באַרימערייען. איצט דאַרף מען זוכן תכלית.

— תכלית, זאָגסטו? ווער זאָל דאָס זוכן דעם תכלית? איך? בין איך דען באַלעבאָס איבערן בוך? ס׳איז דען מיין בוך?

— וועמענס דען?

— אָפּגערעדט א שעה און דו פאַרשטייסט נישט וואָס מען רעדט צו דיר. דאָס בוך, האָב איך דיר געזאָגט, האָבן ארויסגעגעבן מיינע באַ־קאַנטע, דו פאַרשטייסט, דו...

— יאָ, איך פאַרשטיי. דאַרפן זיי זעען, אז דער תכלית, כ׳מיין דאָס בוך, זאָל דערגיין צום לייענער.

— אַבי דו פאַרשטייסט שוין, גאָט צו דאַנקען. אָבער דאָ הייבט זיך אָן זי, די פּאַסקודסטווע אַליין...

— שאַ. אַזאַ אויסדרוק פּאַסט נישט פאַר א באַרימטן שרייבער.

— זאָג וואָס דו ווילסט, אָבער פּאַסקודסטווע איז עס.

— רעד קלאָרע דיבורים.

— גוט. זעסט דאָס בוך? ווער מיינסטו האָט אָנגעהויבן דערמיט און פאַרענדיקט דערמיט? איך, אַלץ איך...

— שוין איין מאָל געהערט.

— און איצט, נאָך די לויברייד אויף זייער חשבון און אויף מיינעם אויך, האַלטן מיינע באַקאַנטע דאָס בוך אונטערן שלאָס: נישטאָ, זאָגן

זיי, קיין קונים; אויב ווילסטו, זאָגן זיי, וועלן מיר דיר געבן אביסל בי־
כער, גיי צום קונה, פאַרקויף עס דיר ,אָבער, גיבן זיי צו, מיר זענען דאָך
שותפים, פאַרגעס נישט, זאָגן זיי...

— און וואָס נאָך ווילן זיי?

— זיי ווילן זאָגן, זאָגן זיי, אז בסך־הכל האָב איך דאָך גאָרנישט
געטאָן, לגמרי גאָרנישט: דאָס בוך איז דאָך שוין פאַרטיק —

איך האָב גענומען דעם שרייבער, אַראָפּ מיט אים אויף דער גאַס. זיין
דערציילן האָט אָנגעמאַכט אַ טשאַד אין צימער.

אויף דער גאַס האָט ער פאַרגעזעצט:

— בין איך אַוועק צו אַ מוכר ספרים, אים אָנגעבאָטן מיין בוך. האָט
יענער אַ קוק געטאָן אויף מיר און גלייך געגעבן אַ תשובה: „צו אַלט!",
פאַרשטייסט? דאָס בוך האָט שוין אויסגעייעט אַלט צו ווערן.

— דו טרייבסט־איבער, נישקשה, אין דיין דערציילן איז אויך פאַראַן
אַ היפּשע דאָזע פאַנטאַזיע: שרעק זיך נישט פאַר די זלידנע פליגן דאָרט;
שרייב; נאָך הונדערט און צוואַנציק, מערטשעם, וועט מען וויסן, אז דו
ביזט געווען...

— אַ גוטע נאַכט! — האָט ער רוגזהדיק אַ טרייסל געטאָן מיטן
באַוואַקסענעם קאָפּ — אויך דו געהערסט צו אונדזערע היימישע זליד־
ניאַקעס, צו די חוזק־מאַכערס, צו די בעלי־גאווה און דרשנים...

## אָן מוח

דער מאָדערנער מענטש ווערט קאָנצענטרירט אויפן פּונקט פון נישט־
טראַכטן, פון נישט־באַנעמען קיין ענין מיטן אייגענעם שכל הישר. עס
ווערט שוין אַלץ געמאַכט, אַלץ געגרייט.

דער מאָדערנער מענטש ווערט ענלעך צום אויטאָמאַט: דערלאַנגט
מען אַ ציפּ ביי זיין רעכטן אויער דאַרף ער שמייכלען,ביים לינקן — לאַכן
ביז צום צעפּלאַצט ווערן. וואָסי ס'געלעכטער? אַן אויטאָמאַט פרעגט נישט.

למשל, אַ געוויסער מין זשורנאַליסט, וואָס לעבט אין דער איצטיקער
מוחלאָזער וועלט. אַ ווינט בלאָזט אַרום זיינע פּאַפּיר־בייגעלעך, בלאָזט מיט

פראָסט אויף זיינע פּאַרגליווערטע גלידער, — זיינע הענט שרייבן. און זשורנאַליסטישע שרייבערייען מיינט דאָך — רעדן צו דער וועלט, פאַר־שטייען געבן ענינים גאָר טיפע, מענטשלעכע אויך. הייסט עס: דער שריי־בנדיקער זשורנאַליסט רעדט צו דער וועלט. ווער רעדט? רעדן מיט שכל מיינט, דער מוח זאָל זיין דערביי. דאָ רעדט בלויז אַ שרייבנדיקע האַנט.

מעגלעך, עס וועט קומען אַן אויסבעסערונג צום אופן פון רעדן, טראַכטן און שרייבן מיט די הענט. דערווייל — וועלכער רעדנער טראַכט דען מיטן מוח בעת ער רעדט? אויך ביי אים, צוגלייך ווי ביי אַ געוויסן מין זשורנאַליסט, רעדט בלויז די האַנט. ער אַליין איז נישטאָ דערביי. די האַנט קלאַפּט איבערן טיש, פאָכעט איבערן בעלעמער. און דער זשורנאַ־ליסט? ער קלאַפּט מיט צען פינגער איבער דער שרייבמאַשין, קלאַפּט אי־בער דער פּלייצע פון זיין „טרייען לעזער", קלאַפּט זיך אַליין אין הארץ: „איך רעד צו דער וועלט!" — ער רעדט... עס רעדט בלויז די האַנט זיי־נע, אַ האַנט אָן מוח...

בנמצא צייטונג־שרייבערס, וואָס זענען אַזוי אַריינגעטאָן אין זייערע פאַנטאַסטישע בלאָפערייען, אַז מיט דער צייט נעמען זיי אַליין גלייבן אין זיך: קיין אַנדער אמת אויסער זייערער איז בכלל נישט פאַראַן. די איינ־ציקע ריכטיקייט אין אַ וועלט פון בלאָף איז בלאָף — במילא איז זייער בלאָף דער איינציקער אמת. איי, ביים געוויסן לייענער וועלן זיך אַמאָל שטעלן די האָר קאַפּויר, וועט גרייט זיין אויסצושרייען פאַר דער וועלט דעם שרייבערס ליגן — וועט אים דען ווער הערן? אדרבא, ערשט איצט וועט גאָר ווערן אַן „אויסכאַפּעניש" אויפן ליגנערישן שרייבער. איצט וועט זיין פאַנטאַסטישע בלאָפערייי באַקומען די געהעריקע אויסצייכענונג. דער רוב איצטיקע לייענערס האָט ליב דעם פאַנטאַזיאָר, האָט הנאה צו לייי־ענען באַרימערישע קאַפּידרעכן וואָס באַקומען זייער תיקון בלויז אין שרייבערס פאַנטאַזיע.

טיילמאָל טרעפט אויך, אַז דער בלאָף זאָל טריאומפירן גאָר אומ־שולדיק. למשל, שפּאַצירט ערגעץ אַ יונגערמאַן איבערן טראָטואַר, זיינע האָר צעפלאָשעט, אַ פאַרשוויצטער מיט אַ פּייקע צווישן די ציין — אַז

פאַרבייגייערס זאָלן זיך אָפּשטעלן, אים נעמען נאָכקוקן, אויסדריקן זייער באַוווּנדערונג אויפֿן גענׅיאַלן פּאָעט צי פֿילאָזאָף. און דער דאָזיקער באַוואַקסענער און באַפּייקעטער — פֿילנדיק אויף זיך די בליקן, הערנדיק די טיטולן אויף זיין צעשויבערטן חשבון — הייבט זיך אָן צו נעמען ערנסט: מעגלעך, אַז ר׳איז טאַקע אַ גאָט געבענטשטער פּאָעט, ס׳טו גע־הערט!

יאָ, דער גענׅיאַלער מאָדערנער בלאָפער און זיין חבר, דער אומשול־דיקער ליגנער — ביידע האָבן אַנרייסעניש, זענען באַרימט אין דער צייטונג בראַנזשע און אויך אין דער ביכער בראַנזשע...

דער ליגנער פֿאַרנעמט דעם אויבנאָן — ער און זיין ליגן.

## אַ שרייבער?

לאַנג עגבערט אין מיר די שאלה: וועלכער מענטש האָט רעכט צו באַטיטלען זיך מיטן נאָמען „שרייבער״? אַז נישט יעדער שרייבער מעג ווערן אָנגערופֿן מיטן נאָמען „מענטש״, דאָס איז באַקאַנט מכּמה יאָרן, אָבער אַ שרייבער, אַזאַ אײדעלע מאַטעריע — מעג יעדער לאָזן עפּנט־לעך דעקלאַרירן „זיין וואָרט״, זיין „שרייבערישׂ וואָרט״, מאָנען שרייבע־רישע אומשטערבלעכקייט?

„איך שרייב, שרייב איך: אין גאַזעטן שרייב איך און ביכער שרייב איך — איך בין אַ שרייבער!״

איז ער טאַקע אַ שרייבער? האָט ער פֿאַרדינט „אייביקע אומשטערב־לעכקייט״?

פֿאַראַן רעצענזענטן וואָס שרייבן וועגן דעם און יענעם שרייבער. זיי, די רעצענזענטן, זאָגן, אַז דער שרייבער „האָט אין זיך די געהעריקע דאָזע פֿון שרייבערישער וואַרעמקייט״. וואָס מיינט „שרייבערישע וואַרעמ־קייט״? בין איך מחויב צו גלייבן דעם רעצענזענט אויפֿן וואָרט?

אַריסטאָטל האָט געזאָגט...

מיט אַריסטאָטלען חבר איך זיך נישט.

דערפֿאַר חברט זיך מיט אים יענער, דער יעניקער שרייבער.

מיט איין אייגענעם געדאַנק איז ער נישט בשווה, שטענדיק זאָגט ער: „אונדזער גרויסער אַריסטאָטל האָט געזאָגט"... מיינט דאָס, אַז דער דאָזיקער שרייבער איז טאַקע אַ שרייבער?

אַמאָל האָב איך געלייענט ערגעץ אַן אַרטיקל אַזאַ, געלייענט ביי אַ שרייבער וואָס האָט געשריבן, באַשריבן אונדזער ערד, אַז די ערד, לויט צינג־צונג־צאַנג, דעם יאַפּאַניש־כינעזישן שטערנזעער, וואָס האָט געלעבט עלף הונדערט יאָר פאַר קריסטוסן... גיי ווייס... מעסטאָפּאָליזמוס, דער שטערן־ברודער פון ניטשען און פון אונדזער גרויסן באַלמאַכשאָבאָט — די פונדאַמענטן פון דער גריכישער און אַלטערטימלעך־רוימישער ליטעראַטור — מעסטיפּוילויומאָס... גלייב אים נישט!

שמאַטעס.

אין קיעוו, דערציילט מען, איז געווען אַ יידישע שרייבער־גרופּע. האָט זי זיך גערופן מיטן נאָמען „שמאַטעס" (ראשי תיבות: שרייבער, מוזיקאַנטן, אַרטיסטן, טעאַטראַלן, עסייאיסטן). שמאַטעס גאָר? די קיעווער האָבן געהאַט אַ נביאישן קוק — אויף אונדזער צייט, דער איצטיקער צייט אונדזערער — — —

קיין רעצענזיע אויף אונדזער שרייבעריש וועלטל שרייב איך נישט. ווייל בלויז אַנדייטן — ווער און וואָס האָט פאַרדינט צו טראָגן אויף זיך דעם נאָמען „שרייבער" (און האָט פאַרדינט אַריינגענומען צו ווערן אין דער גרופּע, וואָס רופט זיך „שמאַטעס").

איינער וואָס שרייבט אַ בריוו אין רעדאַקציע, באַגעגנט אייך אין גאַס, פרעגט, צי איר האָט געלייענט זיין „בריוו"; צי איר זענט געוואָרן קליגער, פאַרשטענדלעכער נאָכן איבערלייענען זיין „בריוו"; צי איר האָט עפּעס אויסצוזעצן קעגן דעם שרייבערישן טאַלאַנט פון דעם, וואָס האָט געשריבן דעם „בריוו"; צי איר ווילט מיט אים, דעם „בריוו"־שרייבער, דיסקוטירן וועגן דעם תוך פון זיין „בריוו"; — אַזעלכער האָט אין זיך „שרייבערישע ווארעמקייט". אַזאַ מין שרייבער איז טאַלאַנטפול, האָט רעכט צו געהערן צו די (מאָדערנע) „שמאַטעס" און צו די אַריסטאָטליש־מעסטאָפּאָליסטישע טאַלאַנטן.

נאָך עפּעס: וואָס מיינט אַ „לייכטער שרייבער" און וואָס מיינט אַ

„שווערער שרייבער״? איז אַ „לייכטער שרייבער״ דער, וואָס פאַר־קוועטשט זיך לייכט ביי אַ קליאַמקע און כאַטש האַק אים אָפּ די פינגער וועט ער פון דאָרט נישט אַוועק, אָדער אַזאַ מין סאָרט, וואָס שרייבט בלויז מיט די הענט לייכט, געשווינד און פלינק, אַ שטייגער, אַ פלינקער מין רע־דאַקטאָר, וואָס כאַפּט־לאַפּט, איז שטענדיק „צאַפּלדיק״?

— תיקו.

## דאָס פּילנדיקע וואָרט

פאַראַן מאכלים וואָס זענען געשמאַק פאַר דער צונג און שעדלעך פאַרן מאָגן און דאָס אייגענע פאַרקערט. למשל, אַ קאָפּ פיש, וועלכער האָט שוין לאַנג פאַרגעסן דעם טעם פון וואַסער, אָבער דעם רעסטאָראַטאָרס האַנט פאַרוועט אים, דעם פּילנדיקן קאָפּ פיש, אַזוי צו, אַז דער גאַסט פילט אַלע טעמים אויף דער צונג. געשמאַק און באַחנט און באַפעפערט — בלויז נאָכן אַראָפּשלינגען נעמט זיך ביי אים, דעם גאַסט, אַזוי „קערן די גאַל״, אַז אַ צענטן וועט ער פאַרזאָגן מער נישט צו עסן קיין פיש בכלל.

נישט אַלץ וואָס עס איז געשמאַק פאַר דער צונג איז גוט פאַרן מאָגן.

זאַלץ באַטעמט דאָס עסן. אָבער בלויז זאַלץ וועט קיינער נישט עסן.

ענלעך איז מיטן וואָרט קינסטלער בימינו. ער טוט אריין אין זיין קונסט דעם לעפל זאַלץ, פאַרפאַראַוועט דאָס וואָרט מיט אַלע געשמאַקן — פעלט דאָ בלויז דער הונגעריקער קאָנסומענט, וואָס זאָל וועלן פאַרדייען דאָס מאכל, זאָל וועלן און קענען הנאה האָבן פונעם צוגעפּראַוועטן געקעכטס. נישט די שיינע ראַם אַרום קינסטלערס בילד; נישט די געליישטע טאָוולען אויפן שרייבערס בוך: דאָס מאכל דאַרף זיין ווירקנדיק, דאַרף האָבן דעם כוח משפיע צו זיין אויפן פאַרברויכערס אינערלעכן און אויסערלעכן צוזאַ־מענשטעל. אַנדערש — נעמט זיך פּילן פון וואָרט בכלל דער טעם פון יע־נעם פּילנדיקן קאָפּ פיש...

קאַליע מאַכן דעם אַפּעטיט מיט אַ שלעכט מאכל, איז ענלעך ווי פאַר־שונדעווען דעם לייענער מיט אַ געשמאַקלאָז וואָרט (געשריבן און גערעדט).

דאָס וואָרט דאַרף זיין אָפּגעהיט, דאַרף כוח האָבן דורכצודרינגען, דאַרף האָבן מער ווי דעם טעם פון זאַלץ...

אַנדערש — איז דאָס וואָרט אַרויסגעוואָרפן, בלייבט עס צו חוזק, צו לייטיש געלעכטער.

און ווייל אונדזער יידיש־שרייבערישע מלוכה איז דאָך אין תוך אַ מלוכה אין דער מלוכה — אין די מלוכות פון דער גאַנצער וועלט — נעמט זיך דערפון דער אמונהלאָזער באָדן, אויף וועלכן דאָס וואָרט, אין דער מלוכה פון וואָרט, שטייט איין: דער רעדנער־ און שרייבער־מענטש זעט נישט ווייטער פון זיין אייגענער „פערזענלעכקייט", שאַצט די וואָרט־הערערס און לייענערס לויט זיין אייגענעם איך — ווערט ממילא דאָס וואָרט פאַר־לוירן אינעם עגאָ פון באַשאַפער: דאָס וואָרט פּלאַצט נאָך איידער עס דער־פילט די ליכטיקע שיין; עס ווערט צוריק איינגעשלונגען פון רעדנערס לעפצן און פון שרייבערס פען — ווערט פאַרלוירן אין אַן אייגענעם, אַן ענגן קרייז... ווייטער גייט עס נישט, דאָס וואָרט.

ווערטער אָן אמונה, וועלכע האָבן אפילו נישט דעם ווערט פון אַ לעק זאַלץ...

# גליק

א ליד פון אברהם ליעסין. דאָרט רעדט דער דיכטער מכוח זיין וועג וואָס ער גייט אין צער, אַ וועג אויסגעפילט מיט כאַאָס און ווילדן גוואַלד; אָבער ערגעץ גליט נאָך אַ שטערנדל אַ קליינס —

דאָס ליכט פאַרלעשט זיך, און אין חושך שטראַלט צוריק,
אין אַלטן מוסר־ניגון, דער עקסטאַז פון לייד —
דאָס גליק צו קענען אויך זיך אָפּזאָגן פון גליק,
די פרייד צו קענען אויך זיך אָפּזאָגן פון פרייד.

איז צו פילן: כדי אָפּצוזאָגן זיך פון פּערזענלעך גליק, פון גאָרנישט־גיבנדיקער פרייד, פאָדערט זיך אַ ספּעציעלער כוח, אַ מאָראַלישער ווילן, וואָס זאָל איינרייסן מיט אויפגעצווונגענע רגילותן, אוועקשטעלן דעם מענטש אַ געלייטערטן כלפּי זיך און דער וועלט.

גליק: — מיינט נישט דער אויסדרוק יענעם גליקלעכן בירגער — ווי עס ווערט דערציילט אין אַ מוסרדיק מעשהלע — יענעם קייסערס אונטער־טאַן, וואָס איז געווען דער גליקלעכסטער אין דער מדינה, אָבער נישט גע־האַט קיין העמד אויפן לייב? יאָ. די דאָזיקע גליקלעכע לייט געפינען זיך איצט אַרום אונדזערע טריט, פילן־אויס שטעט און מדינות — אָבער זיי זענען נאַקעט, אדם־נאַקעט; זענען אָן אַ לבוש אויפן לייב...

האָט שוין ווער געזען גענעראַלן אָן אַרמיי?

אין שלום־צייט זענען זיי, די גענעראַלן, די גליקלעכסטע באַשעפע־נישן: פּאַראַדירן איבער פּרינציפּאַלע גאַסן, אויסגעפּוצט אין בלעכלעך און שליפעס. די סאָלדאַטן — פאַרשטעקט אין קאַזאַרמע. זיי זענען גרייט צו סאַלוטירן, אָפּצוגעבן דעם געהעריקן גענעראַלסקן כבוד. אַ שיינע כבוד־

שפּיל פאַר גאָס און קאַזאַרמע. ווי ווערט צו די דאָזיקע שליפּע־לייט בעת מלחמה, בעת זיי דאַרפן אַנטלויפן פון אייגענעם, פון פאַרשפּילטן לאַנד.

טרויעריק ווערט דעם גענעראַל — בלייבנדיק אָן אַרמיי.

אַזאַ גענעראַל וועט מוזן האָבן דעם מוט אַליין פון זיך אַראָפּצורייסן די שליפעס; זיך פאַרטראַכטן, פאַרטיפן אין טרויער. אַנדערש — וועלן זיינע לאַנדסלייט אים באַטראַכטן פון אומגאָרמאַלן ווינקל, אים אָננעמען פאַר חסר דעה.

מיינט דאָס אָבער נישט, אַז אַזאַ מין אָנפירער דאַרף זיך לאָזן אומ־ברענגען מאָראַליש. ער דאַרף בלויז אויפהערן מיט זיינע פאַראַדזקע שטיק; פאַרוואַרפן די גרויסקייט־מאַניע, זיך אָפּזאָגן פון אויסערלעכן גלאַנץ. אי־נערלעך, טיף אין אים, דאַרף פלאַקערן ווי און פאַרדרוס אויפן אומקום פון זיין אַרבעט, פון זיין לאַנד; כעס אויפן טרעטן פון זיין קולטור.

דאָ פאָדערט זיך טרייסט און אויסדויער — מענטשלעכקייט.

דאָ דאַרף מען כוח האָבן צו גיין אין פאָלק, צו די רעשטלעך פון דער געוועזענער אַרמיי, דערהאַלטן מוט און ליבשאַפט צום פאַרלוירענעם, צו דער פאָלקישער קולטור.

און נישט סתם פאַראַדירן, פאָדערן דעם סאַלוט פון יענעם געוועזע־נעם סאָלדאַט, וואָס זיין רעכטע האַנט איז געבליבן ערגעץ אין פייער.

אונדזערע יידישע שרייבער־גענעראַלן זענען געבליבן אָן אַרמיי, — אָן דעם יידישן לייענער.

דער יידישער לייענער איז פאַרטיליקט געוואָרן אין וואַרשע, אין גאַנץ אייראָפּע.

איז פאַרגעקומען אַן ענדערונג זינט די מרידה־יאָרן?

מיר לעבן אין אַ שרייערישער, אין אַ ציוויליזירטער וועלט. עס פאָדערט זיך אַריינפּאַסונג. אויפן ייד ווערט אַרויפגעצוווּנגען דער אַרום, די סביבה, די קולטור פון שכנותדיקע פעלקער.

די קולטור ביי אַלע פעלקער איז געבונדן מיט אַ שיינענדיקן נעכטן און מיט אַ הייטערדיקן מאָרגן. סיי דער עבר און סיי דער עתיד — ביידע וועלן זיך גלייכן. עס קען בלויז זיין אַ רייד פון איבערמאַכן דאָס מלבוש

לויט אַ נייעם שניט. דער גוף, וואָס ציט אַרויף אויף זיך דעם לבוש, ער האָט נישט אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן; ער האַלט פּאַסאָן; ביי אים זענען די גלידער גאַנץ, די פיגור — אַרומגעקיילעכיקט. אַ גוטע, באַלמעלאָכישע האַנט דאַרף אָנהענגען אויף אים ס'אַנצוג. דאַן וועט זיין הילוך ווערן מאָדערן.

די רעשטלעך פון יידישן פאָלק דאַרפן זיך אַריינפּאַסן אין דער דאָזיקער וועלט.

מיינט דאָס נישט — אויפהייבן אַ הילצערנע האַנט צום דאַשעק, סאַלוטירן מיט גיפּסענע פינגער, טאַנצן אויף אַ גומענעם פוס?

דער יידישער שרייבער, דער גאַנץ־אַרויסגעקומענער, האָט באַקומען דעם שטאַרקסטן, דעם גרוילקסטן קלאַפּ. מיט איינמאָל האָט ער זיך דערזען אימפּאָטענט לגבי דער קונסט. די בולטע נאַקעטקייט, די אויסגעלייזדיקטקייט נאָכן פאַרלירן דעם קאָנסומענט, נאָכן פאַרשווונדן זיינע קולטור־אוצרות — דאָס אַלץ האָט ביי אים געמוזט אַרויסרופן ווידערווילן צו דער וועלט־קולטור, האָט אים געמוזט צווינגען צום אַראָפּגיין פון אָנגעצייכנטן סדר־העולם.

קינסטלערישע ליטעראַטור קומט שטענדיק אין אויסדרוק פון פאָרם, פון צערטלען די שפּראַך. אָבער די פאָרם טאָר נישט איבערשטייגן דעם אינהאַלט.

דער יידישער אינהאַלט, זינט נאָכן חורבן, האָט געדאַרפט אָפּוואַרפן די אויפגעצוווּנגענע קינסטלערישקייט — צי אין שרייבערישן תוך צי אין שרייבער גופא.

אָפּוואַרפן דאָס ביסל שיינע קונסט־גליק.

וועגן מחבר פון ספר „חפץ חיים" דערציילט מען, אַז ער, דער צדיק פון ראַדון, האָט פיל איבערגעלעבט בשעת זיין שאַפן דעם חיבור: דער בעל „חפץ חיים" האָט אין קאַלטע נעכט געהאַלטן די פיס אין אייז־וואַסער; געזעסן ביי אַ קאַניצל און אַריינגעאַרבעט אין זיין ווערק. ער האָט נישט געשאַפן לשם כיבודים און אוודאי נישט לשם געלט. ער האָט ערגעץ־ווו געצילט מיט זיינע אותיות, הייליקע אותיות, — אַליין געווען אַן איש תמים,

געווען מיט זיך און מיט זיין ספר א מוסטער, א ווענווייזער פאר טויזנטער זיינע אָנהענגערס.

דער „חפץ חיים" איז פאַרבליבן אַ הייליקער אויסדרוק, אַ נאָמען וואָס טראָגט אין זיך צדקות ,איז דער סינאָנים פון הוילער גערעכטיקייט.

אין דער וועלטלעך־מאָדערנער יידישער ליטעראַטור האָט זיך דערווייל נישט אָפּגעפונען דער דאָזיקער צדיק־שרייבער, וועלכער זאָל באַטיטלט ווערן מיטן נאָמען פון זיינס אַן אייביק ווערק.

איז דאָס נישט מחמת גרינגשעצונג, — עס פעלט דער אינערלעכער אויסדרוק וואָס זאָל כוח האָבן צו ווירקן, וואָס זאָל משפּיע זיין. שלום־עליכם און די מיטשאַפערס פון זיין צייט, — דאַן האָט דער שאַפער גע־לעבט מיטן פאָלק, אין פאָלק; געפילט די הנאה פון שאַפונג, אַ שטייגער דאָס פייגעלע, וואָס ברענגט אין נעסט די זשאַרנעס : זיך אָפּגעמאַטערט, אָבער כדאי געווען. אונדזערע קלאַסיקער האָבן איבערגעלאָזט דעם טעם פון אַ יידישער ליטעראַטור, אַ ליטעראַטור, וואָס ווערט געשאַפן פון פאָלקס אינעווייניקן, שפּיגלט־אָפּ זיין נשמהדיקייט. זאָגט מען „טוביה", איז צו פילן אַ שטיק פון פאָלקס פּיין און בטחון. שלום־עליכם און טוביה זענען היינו הך.

די באַלמעלאָכישע קונסט, וועלכע שטעלט אוועק אויבנאָן דעם פּראָ־פיט, זי פאַרטרייבט פון זיך די ערלעכקייט, ווי אַ ביקס־קויל פאַרשטומט דאָס געזאַנג פון פויגל.

מעגלעך, איין דור שפּעטער וועט יאָ דערזען שרייבער־צדיקים, שריי־בערס מיט ערלעכקייט, וואָס האָבן געשאַפן אין דור פון גרעסטן יידישן חורבן, — וועט מען זיי אפשר וועלן באַטיטלען לויט זייערע הומאַנע ווערק און צדקותדיקע מעשים. אפשר. ווייל נישט שייך צו קאָווירן דערויף. וואָ־רום, לאָמיר אָקערשט כאַפּן אַ בליק צו אַ דור שפּעטער, נאָך אונדז : דער קומענדיקער יידישער פאָרשער וועט וואַרפן אַ בליק אין יידישן אַרכיוו, וועט אויסגעפינען וויינענדיקע ווערק, קלאָגנדיקע צייטונג־שפּאַלטן, וועט ער, זיכער, אַריינקרעכצן אין די דאָזיקע טרערנדיקע שאַפונגען: אַ צדיק געווען דער יעניקער שרייבער, דער מקונן אויף פאָלקס חורבן. גלייכצייטיק וועט ער אָבער אָנשטויסן זיין בליק אויף אַ שאַפּקעלע מיט יידישע חתימות,

וועלכע וועלן עדות־זאָגן אויף דער הסכמה פון די דאָזיקע שרייבערם — אויפצובויען די חרוב־געוואָרענע יידישע קולטור מיט צוגעטיילט געלט פון חרוב־מאַכער. די זעלביקע נעמען אויף יענע וויי־אַרטיקלען וואָס האָבן אויף די העכסטע טענער אויסגערופן דעם חרם קעגן עמלקן; די זעלביקע — רופן צו קומען אין באַרירונג מיטן גרעסטן מערדער פון אַלע דורות.

וועט דאָן דער צדיק פון דאָזיקן מין יידישן שרייבער אוועקפאַלן, זיך אָפּקרישלען, ווי דער טינק פון אַן אַלטער מויער.

דער תוכן פונעם מענטש אין שרייבער איז פאַרביטן געוואָרן אויף נעיעג צו געלט און כבוד. און וואָס ווינציקער קעגנערס אַזאַ שרייבער האָט, אַלץ זיכערער פילט ער זיך ביי זיין אַרומשפּאַנען מיטן שטעקן, ווי משה אין דער מדבר. דווקא דער יידישער קולטור־מדבר איז להום אַריינצושלעפּן דעם פּען־מענטש אין תהום פון נישט זען די סביבה, אָדער גאָר — איג־נאָרירן זי.

פאַר וועמען שאַפט ער זיינע ווערק?

אפילו דער בעל־מלאכה וועט אוועקשטעלן זיין וואַרשטאַט נאָר דאָרט, וווּ עס איז באַפּעלקערט, וווּ ער קען זיך ריכטן אויפן קונה. אָבער דעם שרייבער אַרט נישט, וואָס זיין אומשטערבלעכקייט וועט בלייבן לגנאי אין די אויגן פונעם אונטערוואַקסנדיקן דור. ער זוכט נישט משפּיע צו זיין אויפן לייענער. ער דאַרף דאָס נישט. ער פילט זיך ווי דער לעצטער פון אַ דור...

קאָן מען דען האָבן טענות צום צייטונג־אַרויסגעבער? דאָס איז זיין געשעפט. באַמיט ער זיך צו רעקלאַמירן זיין סחורה. אַ דאַנק דער צייטונג גלאַנצט עס אויסערלעך, ווי ביים געוויסן קרעמער וואָס פילט אוים זיין שויפענצטער, כאָטש אין קראָם איז פּוסט. דערפון וועט דער יידישער „המשך" — וואָס ווערט רעקלאַמירט פון יעדן געוויסן צייטונג־שרייבער במשך אַ גאַנצן מעת לעת — דערפון וועט נישט זיין קיין „המשך און קיום". דאָס איז דאָך באַקאַנט. און דאָס פילט מען אַרום די טריט.

איכה־טענער דאַרפן זיין אויסגעפילט מיט יידיש' האַרץ, מיט תוכיות פון זייער אַרויסברענגער.

לייענט מען ערגעץ אין אַן אויסגאַבע, ווי איר אַרויסגעבער באַשרייבט זיינע פאַרטרויערטע־פאַרטרערטע מינוטן; ווי ער פאַרטיפט זיך אין אַזעלכע

מינוטן אין ספר־הספרים — איז דאָס נישט מער ווי פּרנסה־רעקלאַמע. ווייל אויך כדאי אַריינצוקוקן אין דעם שרייבערס נשמה, קומען אין באַרירונג מיט זיין טעגלעכן לעבן. דאָ וועט מען בלייבן אַנטוישט. — נישט אַזוינע מעשים ווערן באַרעכטיקט אין ספר־הספרים.

גוט וואָלט געווען, דער אויפריכטיק־יידישער קריטיקער, דער, וואָס מיינט באמת די טובה פון יידישן המשך, פון יידישן קיום — אַז דער קרי־טיקער, ביים קריטיקירן דעם שרייבערס ווערק, זאָל ער אויך אַריינקוקן אין זיין נשמה, אויך קריטיקירן דעם שרייבערס מענטש, דעם מענטש, וואָס זיצט אין אים.

נישטאָ קיין אויפריכטיקע אידעען־זוכענישן ביי אַ גרויסן טייל יידישע שרייבערס. צוזאַמען מיטן פאַרשוואונדן פון לעבעדיקסטן נערוו — דעם איינראַפּעאישן יידנטום — איז אויך די יונגקייט פון פעדער־מענטש אוועק. אַן אַלטקייט דריקט, אַן איינגעפרעסענע זקנה, אויסגעפילט מיט לאָז־מיך־צורו. אָבער יחידים לאָזן זיך הערן אומעטום, פילן־אַן אַלע אויבנאָנס, לאָזן זיך גלעטן פון באַלבאָס — דעם דיקן געלט־בייטל. דער שרייבער, אין זיין רוב, פרעגט נישט, פאַרוואָס ער ווערט איגנאָרירט פון דער יוגנט, פאַר־וואָס ער איז אויסגעשטעלט צו חוזק ביים אונטערוואַקסנדיקן דור — ער פילט זיך ווי אַן אַלטער בוים אויפן זייט וועג: ער ברענגט נוצן דעם פאַר־בייגייער בלויז לצורך שעה.

דער יידישער ביכער־קאָנסומענט (מיט קליינע אויסנאַמען) איז בבחינת חמור נושא ספרים: ער קויפט דאָס בוך, כדי אויסצופילן נאָך אייניקע צענטימעטער וואַנט; דערצו דאַרף דער שרייבער שטיין בעני בפסח, דאַנקען פאַר דער גרעסערער מטבע וואָס ווערט דערלאַנגט, ווי דעם שוסטער פאַר אַרויסגעפּאַרטיקטע שיך.

דאָס איז דאָך באַקאַנט, ווי באַקאַנט עס איז דאָס צעשמייכלט־נעבעכ־דיקע פּנים פון שרייבער, וועלכער פרייט זיך דערביי, וועלכער רופט דאָס אָן — גליק.

דער שרייבער דאַרף דאָך צילן מיט זיין שרייבן אָנצוזוכן דעם לייע־נער צו מעשים — ווו זענען די סימנים דערויף? — — —

האָט דער באַשעפער זיך געבעטן ביים פאָלק: הלוואי אותי עזבו ואת

תורתי שמרו. גאָט האָט נאָכגעלאָזט פון זיין פּערזענלעך גליק. דאַרף דאָך דער יידישער שרייבער פון נאָכן חורבן, דאַרף ער דאָך אוודאי האָבן דעם כוח נאָכצולאָזן פון זיין ביסעלע פּערזענלעכקייט, צילן, זיין תורה זאָל האָבן דעם כוח משפּיע צו זיין אויפן ארום!

דאָס קען נאָר פּאַרקומען, ווען דער ערלעכער קריטיקער וועט נישט פאָדערן פון שרייבער, ווי דער מייסטער פון געזעלן, דאָס שטיקל קונסט־ארבעט...

ווי אומגליקלעך דאַרף זיין יענער וואָס פאַרשרייט זיך אליין, וואָס חלומט פון גרויסע אוצרות — און האָט נישט קיין העמד אויפן לייב!

דאָס גליק צו קענען אויך זיך אָפּזאָגן פון גליק,
די פרייד צו קענען אויך זיך אָפּזאָגן פון פרייד —
צו האַלטן ליידנשאַפטלעך ליידנשאַפט צוריק,
און שטאָלץ דעם שטאָלץ צו ברעכן אין עקסטאַז פון לייד.

אברהם ליעסין איז ארויסגעקומען מיט די דאָזיקע שורות ביי דער התחלה פון יידישן און גייסטיקן אומקום. און ווי ניי לייענען זיך די ווער־טער, ניי און פריש כלפּי די יעניקע, וואָס האָבן ניט דעם כוח און נישט דעם מוט אריבערצושפּרייזן איבערן פּערזענלעכן גליק לטובת דעם רבים...

## שותפים

א גערעדנגל אין דער וועלט. אויבערפלעכלעך צו מיינען: פון דאָזיקן גערעדנגל פילט זיך ארויס קאָלעקטיווע אחריות; אויך די געזעלשאַפט זאָגט איר וואָרט, העלפט פירן דעם גרויסן וויכוח וועגן „מענטש און געזעל־שאַפט", וועגן אויסבעסערן דעם יחיד און כלל, — פּאַקטיש באַלעבאַטעווען בלויז געוויסע יחידים; זיי רעדן אין נאָמען פון פאָלק, טוען זייערע טואונ־גען אין נאָמען פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. וואָלט געקומען צו אַן אי־נערלעכן וויכוח; וואָלט מען געפרעגט ביים יחיד, צי יחידים, ביי די ריכ־טיקע שותפים צום וואָרט — וואָלט דאַן דאָס וואָרט באַקומען אַן אנדערן טעם; וואָלט מסתמא די געזעלשאַפטלעכע אחריות געהאַט אַן אנדערן אויס־זען.

דער שותף צום וואָרט, צו דעם וואָרט וואָס רעדט אומעטום אין זיין, דעם יחידס, נאָמען — ער ליגט אַ פאַרשטויסענער, אַ באַזייטיקטער: אויבנ־אויף רעדט די „גאַנצע געזעלשאַפט" אַרויס פון אים, דעם אויסדערוויילטן אויף קאָנפערענצן, אויף באַנקעטן און פאַרשידענע וועלט־צונויפטרעפע־נישן.

האָט דערפאַר די וועלט אַזאַ פּנים און אויסזען.

לויפן דערפאַר אַרום נערוועזע יחידים, וואָס מיינט: דער כּלל, טראַכטן וועגן מאָרגן, אַ פאַרנעפּלטן מאָרגן, וועלכער ווערט ערגעץ־ווו געגרייט אויף וואָרט־קאָנפערענצן, ווערט געגרייט אָן צו פרעגן ביים אייגנטלעכן שותף צום וואָרט — ביי דער מאַסע יחידים איבער דער וועלט.

דער שותף צום וואָרט דאַרף האָבן די אייגענע דעה וואָס עס האָט דער וואָרטטרעגער, דער וואָס רעדט אין נאָמען פון אומבאַפרעגטע איבער דער נאָרער וועלט.

נישט בלויז אין וועלט־מאַסשטאַב — ביי אַלע טואונגען טאָר דער יחיד, וואָס מיינט: געזעלשאַפט, נישט ווערן עלימינירט, נישט ווערן באַ־זייטיקט. ווערט אָבער יאָ אָנגעווענדט די דאָזיקע מעטאָדע, קערט זיך דאָן די געזעלשאַפט אָפּ פון אַזוינע וואָרט־זאָגערס, קערט זיך אָפּ אַזוי לאַנג, ביז יענער דערפילט זיך, סוף כּל סוף, אַליין, איינער אַליין — אָן „דער מאַסע", אין וועמענס נאָמען ער רעדט און וויל רעדן.

אויך דער שותף צום וואָרט מוז האָבן — און האָט! — זיין אייגן וואָרט.

דאָס פילט זיך אין יעדער געזעלשאַפט, אויך אין דער יידישער.

נאָכן חורבן איבערן שענסטן פון וועלט־יידנטום האָבן ספּאָנטאַן גע־נומען אויפקומען ישובים, געצילט איבערצונעמען ירושה: — ווו פּראָ־ווינציעלישקייט פאַרנעמט דעם אויבנאָן און ווו — געוויסע וואָרטזאָגערס שטעלן זיך אַליין איין דעם סדר־היום: דאָס טו איך איצט, דאָס וועל איך טאָן שפּעטער. זיי דאַרפן ביי קיינעם נישט פרעגן. דער „איך" באַשטעטיקט אַלץ, טוט אַלץ. איי, דעם עולם „נעמט עס נישט"; דער אונטערוואַקסנדי־קער דור הערט נישט, פילט נישט, וויל זאָגן אַן אייגן וואָרט, — מייַן וואָרט איז איבער אַלץ און אַלעם!

בלייבן דידאַזיקע טונעיאַדעווקער באַלעבאַטים ביי „זייער וואָרט", אַז דעם ריכטיקן שותּף צום וואָרט: אַז דעם בעסערן צוהערער, בעסערן צוקוקער און בעסערן לייענער. די יוגנט? זי איז בכלל באַזייטיקט פון זאָגן אַן אייגן וואָרט — פאַרטריבן פון יידישן לעבן בכלל.

דאָס איז צו פילן אַרום די אייגענע טריט.

צו פילן ביים לייענער פון יידישן בוך, ביים גייער אין יידישן טעאַטער.

דער שותּף צום וואָרט האָט אומעטום דאָס וואָרט — אפילו מען וויל זיך נישט צוהערן צו זיין וואָרט...

אויך „די גאַס" האָט איר וואָרט — די אַטמאָספער אַרום שרייבער, אַרום אַקטיאָר. די באַצייכענונג „גרויסער" און „באַרימטער" שפּילט נישט קיין ראָל. אויב רעדט יענער אין נאָמען — און צום נאָמען — פון אַ מאַסע, וויל מען, אַז דער רעדנער זאָל זיין וואָרט איבערלעבן, זאָל געבן אַ רייז, אַן ערלעך וואָרט; וויל מען, אַז מכּחר זאָל נישט פאַרנעמען דעם אויבנאָן ביים פאַנאַנדערטיילן קולטור — — —

דער שותּף צום וואָרט פאָדערט גלייכע שותּפות אומעטום.

# שאַפּער און פאָלק

## מענדעלע

פאַראַן מענדעלע־קענערס צווישן דער יידישער אינטעליגענץ, וועלכע זענען שטאַרק אָנגעברוגזט אויף מענדעלעס געוואַגטקייט, אויף זיינע שטראָף־רייד, אויף זיין רוף אַראָפּצושליידערן פון דער שקאַפּע די זלידניאַקעס און שיינע יידן און גאָטס סטראַפּטשעס און אַלץ וואָס פּרעסט זיך איין אין אויסגעסאָכניעטן גוף פון יידישן פאָלק. זיי, די דאָזיקע אינטעליגענץ — שרייבערס און קריטיקערס — טשעפּען־צו דעם זיידן זיינע השכלה־זינד, מאַכן אים שיער פאַר איינעם וואָס רופט צו רעפאָרמיזם, אַסימילאַציע און שמד רחמנא־לצלן.

איז דאָס בלויז אַן אויסרייד. און דער דאָזיקער אויסרייד קומט בולט אַרויס דערפאַר, ווייל — זלידניאַקעס האָבן זיך ווידער איינגענעסט אין דער שקאַפּעס פעל, זיצן דאָרט און זינגן און שעפּן הויפנס מיט כבוד (און געלט) אויפן חשבון פון די מאָדערנע גלופּסקער, וואָס לאָזן רייטן אויף זיך אַ קליין הייפל מיט טונעיאַדעווקער...

מעגלעך דערפון נעמט זיך דער ירגזון אויפן זיידן: די דאָזיקע טונעיאַדעווקער ווילן דווקא, — גלופּסק זאָל בלייבן אייביק גלופּסק...

לייענען כסדר מענדעלען איז אַזוי נייטיק, ווי דער ווילן אַרויסצוגיין פון קאַבצאַנסק איז נייטיק. מענדעלעס יידן מיט זייערע שבתים און יום־טובים, מיט זייער טרויער, געזאַנג און אייביקער פאַרזאָרגטקייט, — ווי אייביק־נאָנט בלייבן פאַר אונדז דעם זיידנס געשילדערטע טיפּן...

מענדעלע איז געווען — און פאַרבליבן — דער באַליבטסטער שרייבער ביי עמך, וואָס פילט אין אים דעם אויפריכטיקן קריטיקער, דעם אוהב

ישראל, וועלכער מאָלט קינסטלערישע קאַריקאַטורן פון די בעלי טאַקסע און טאַרבעטרעגערס. אפילו דעם זיידנס באַשאַטענען דאָס טראַדיציאָנעל־קאָנ־סערוואַטיווע לעבן, די פירונגען אַרום דעם, האָט זיך נישט גענומען מחמת אַפּחוזקן, נאָר — דער ווילן אויסצובעסערן, פאַרשענערן האָט געהאַט אוי־בערהאַנט. די געוויסע תקיפים און ראשי הקהל, די דיינים און כאַפּערס, וואָס האָבן גענומען דעם רבונו של עולמס הילף צו זייערע כאַפּערייען, — די אַלע האָט מענדעלע באַצייכנט ווי די אייביקע מקבלים, וואָס לעבן פון גענען, אָבער שטייען ווייט פון פאָלק, צילן צו זיין דער מיעוט המחזיק את המרובה (איינער וואָס זאָל הערשן איבער אַ סך...)

„אַז איך שרייב איבער מיין אומגליקלעכן פאָלק, טריפט מיר דערביי דאָס בלוט, לאָך איך כלומרשט, איז דאָס אַ ביטער געלעכטער מיט גרינע ווערעם. ביי איטלעכן מאָך מיט דער פען, ווערט מיר אַ לאָך אין הארצן, און שרייבנדיק מיט אַ ברען, ברען איך טאַקע דערווייל אַליין און גיי בים־לעכווייז אוים, ווי אַ ליכט". —

די דאָזיקע שורות, געשריבן צום אייניקל שלום עליכם, באַשטעטיקן דעם היפוך פון די געוויסע קריטיקערס; און די ליבשאַפט פון שלום עליכמען צו מענדעלען (און דער ערשטער ווערט דאָך נישט פאַררעכנט צו די „בייזע" שרייבערס) איז גוט באַקאַנט פונעם בריוו־אויסטויש, וואָס איז פילמאָל געוואָרן פאַרעפנטלעכט און קאָמענטירט.

אייניקע ציטאַטס פון מענדעלעס ווערק, זיי פאַרגלייכן מיט נאָך חורבן און אומקום:

...„דער שיינער מענטש, דער פיינער בריה, איז געשטאַנען די הענט אַרונטער, דאָס היטל פאַררוקט אַרויף, דער שטערן האָט געשוויצט און גע־בויט גרויסע פּלענער, און אַרום אים האָבן זיך, ווי קנעכט, אונטערטעניק, אַרומגעדרייט אָרעמע יידעלעך, נעבעך געקוקט אים, ווי געטרייע הינט, אין די אויגן אַריין, געווען גליקלעך מיט זיינס אַ שמייכעלע און געציטערט פאַר אַ בייזן קוק". (פאַררעדע צו דער „קליאַטשע").

...„זיי זענען רייך, זיי זענען גבאים... און די גאַנצע שטאָט איז ביי זיי אין די הענט... זיי האָבן שתדלנים, וואָס נעמען גרויסע זשאַלע־וואַניעס פון אונדזער בלוט, פון אונדזער געלט און באַגראָבן אונדז נאָך

צען איילן אין דער ערד, הכלל דער מלאך המוות שעכט און בלייבט גע־רעכט"... (די טאקסע).

זאָגן, אַז דאָס שיינע לעבן פון די גלופּסקער האָט דווקא געמוזט באַ־זונגען ווערן, נישט געטאָרט אויסטראָגן אויף זיך די פּען פון קריטיק, וואָלט געווען אַן עוולה פאַר די שטעטלשע יידן פון מענדעלעס ציטן און אויך... פאַר נישט ווייניק פון דעם זיידנס מאָדערנע קריטיקערס.

מענדעלעס טיפּאַזש פון יידישן לעבן בימיו. ער האָט געזוכט איבער־אַנדערשונג. דערפאַר איז ביי אים טיילמאָל אַרויסגעקומען אַזוי בולט דער חוזק, דער פאַרדינטער חוזק, אויף די בעלי הטאקסע און בעלי הטאָ־בע. גראָטעסקאַרטיק, נישט מיט קיין גלעטנדיקן הומאָר, האָט דער זיידע אַרויסגעבראַכט זיינע טיפּן און בילדער, אויסגעהאַקט דאָס יידישע שטיי־גער־לעבן, עם אַוועקגעשטעלט אין דער ריכטיקער פּאָזע.

מענדעלע מוכר־ספרים האָט נישט געשילדערט דורכויס דאָס נעגאַ־טיווע. ביי דער התחלה פון דער חיבת ציון־באַוועגונג באַקומען שוין זיינע טיפּן בלוט און פלייש, פאַרלאַנגען און האָפענונגען. עס פילט זיך שוין דער ווילן צום אַרויסגיין פון גלופּסק און קאַבצאַנסק, אַ בליק צו טאָן אין דער וועלט אַריין. און דאָס פערזאָנאָפיצירט מענדעלע אין אריה לייב מלמד וואָס נעמט לעבן מיטן נייעם אידעאַל, נעמט שטרעבן זיך אַרויסצורייסן פון שטעטל.

אַ כאַראַקטעריסטיק פון מענדעלע דעם שרייבער, לויט זיינס אַ בריוו צו שלום עליכמען:

..." איך האָב ליב, אַז חוץ דעם שיינעם פּנימל, זאָל טאָקע אין מיי־נער אַ קאַרטינקע אויך זיין לעבן, שכל און געדאַנק, ווי אין אַ לעבעדיקן מענטשן. אַ קאַרטינקע באַדאַרף מיר אַ חוץ שיינע מליצה אויך טאָקע לאָזן עפּעס הערן".

שלמה רב חיימס, די קלאַטשע, דער קרומער פישקע, — ווי גרויס איז דאָרט מענדעלעס ליבשאַפט צו זיין פאָלק, צו די יידישע יום־טובים; זיין זיידעשע טריישאַפט צום יידישן קינד. מענדעלע, דער שטענדיקער מוסר־זאָגער, איז געוואָרן באַליבט מחמת זיין כסדרדיקן פרעדיקן אהבת

ישראל און צוליב זיין כסדרדיקן שטראָפן די טונעיאַדעווקער, וואָס אין תוך זענען זיי קעגנער פון אהבת ישראל...

...מיטן צוריק אויפלעבן פון זיידנס ספרים, זיינע סיפּורים און שילדערונגען — דורכגעדרונגענע מיט מידת הדין, אָבער דעם אויבנאָן פאַרנעמען חסד און רחמים, — מיטן אויפלעבן מענדעלעס ווערק וועט זיכער דאָס מאָדערנע יידישע שטייגער־לעבן, וואָס האָט נישט קיין שטייגער און נישט קיין לעבן, באַקומען אַ רפואה און פיל געווינען לטובת דעם יחיד און לטובת דעם כלל...

# שלום עליכם

שלום עליכם האָט נישט געשאַפן בלויז פאַר זיין צייט. מוזן זיינע העלדן זיך נישט וואַרעמען דווקא אין יעהופּעץ און קאַסרילעווקע. טוביה דער מילכיקער און מנחם מענדל זענען אייביקייטן, אריין אין דער אייביקייט פון יידישן פאָלק.

שלום עליכמס ווערק וועלן בלייבן שטענדיק אַקטועל, — צי זיינע צייטלס, סאַראָקערס, גרינהאָרנס, שניאורסאָנס און שפּיראָס האָבן געלעבט אין אָנהייב פון היינטיקן יאָרהונדערט, אָדער גאָר געוועזן ביי זיין מיט. וואָס איז די נפקא מינה? האָט זיך עפּעס געביטן אויף מנחם מענדלס יאַריד? קלאָגט דען נישט דער בעל־בטחונדיקער טוביה אויך איצט אויף זיין שיינער חוה? אויך איצט איז שווער צו זיין אַ ייד, די לפּי־ערכדיקע שוועריקייט, ווי דאָן, בשעת שלום עליכם האָט אָנגעשריבן זיין אייננאַרטיקע קאָמעדיע „שווער צו זיין א ייד".

דערפאַר זענען שלום עליכמס ווערק שטענדיק פריש און אַקטועל — דער שטענדיקער שפּיגל, אין וועלכן די מאָדערנע מנחם מענדלס, די שימעלע סאַראָקערס, די מאַדאַמישע פיינקוגלס און די פאָנפאַטשעס — מיט קלמן דלות בראש — אַ שפּיגל, ווו די אַלע שיינע לייט קאָנען זיך אָפּשפּיגלען און דערביי הנאה האָבן, לאַכן, אַ יאַשטשערדיק געלעכטער ביז טרערן.

ביי שלום עליכמען איז דער הומאָר נישט קיין וויציקער, נישט קיין סתם־פאַרווײַלנדיקער. די צייט פון תחום המושב אין צאַרישן רוסלאַנד

איז אויסגעפּילט מיט יידישער טראַגעדיע. לייענט מען זיך אַריין אין טוביהס „לך לך", ווילט זיך נישט שמייכלען, פילט מען די יידישע באָדנ־לאָזיקייט פון יענע טעג, וואָס האָבן זיך געצויגן אָן איבעררייס, במשך יאָרן, ביז אין אונדזער צייט אַריין.

געלעכטער. „אָז אַך און וויי צום געלעכטער", זאָגט ס'פאָלק.

און דערין איז געלעגן שלום עליכמס כוח: געמיטלעך, מיט אַ חוזק־טאָן, מיט אַ לאַכן פון זיך אַליין, פון אייגענער אומבאַהאָלפנקייט און פון יענעמס רשעות.

אומבאַהאָלפנקייט און רשעות — געפינען מיר זיך נישט פּנים אל פּנים מיט די דאָזיקע צוויי מינים?

שלום עליכמס שאַפונגען זענען נישט בלויז צו פאַרוויילן. שלום עליכמען דאַרף מען לייענען און לערנען. ווייל פון זיי איז דאָ וואָס צו לערנען.

נישט שטענדיק איז געזונט צו „רייסן פּאַסן", צו קריטיקירן די קליינע מענטשעלעך בלויז מיטן איינציקן מיטל: מאַכן פון זיי „אַש און בלאָטע". ווירקזאַמער איז דאָס אָפּחוזקן פון זיי, לאַכן פון זיי און ברענ־גען זיי אַליין צום געלעכטער: זאָלן זיי זיך פרייען מיטן אייגענעם הויקער! קיין בייז בלוט דאַרף מען נישט צאַפּן. צו וואָס? אַז מ'קאָן דאָס מאַכן געמיטלעך, אָן קטרוג, אַזוי זיך, צווישן מאַן און ווייב — אַ שמועס ביי אַ פיין־געדעקטן טיש! דערין איז געלעגן דער כוח פון שלום עליכם. ער האָט אַרויסגעבראַנגט דאָס קאָמישע פונעם יידישן פאָלקסלעבן, דעם צעהויקערטן טייל, וואָס האָט געפאָדערט דעם „גלעט" פון קריטיקער — און אַליין דערביי געשמייכלט, נישט געבייזערט זיך. חלילה. מיט מילד־קייט און געדולד איז לייכטער אַריינצודרינגען אין יענעמס נשמה, זיך אַריינצובייסן גאָר טיף: „די נאַטור איז מילד — זאָגט זיך אין שלום עליכמס אַן אַפאָריזם — זי האָט באַשאַפן שיינע קליידער פאַר אַ מיאוס פּנים און אַ זיסן שמייכל פאַר אַ ביטערער נשמה".

פאַראַן קריטיקערס וואָס זאָגן, אַז שלום עליכמס ליניע האָט זיך גע־מוזט איבעררייסן, ווייל ער האָט נישט געלאָזט קיין נאָכפאָלגערס; און אַז ער אַליין, שלום עליכם, האָט געזוכט וועגן ווי אַזוי אַריבערצוגיין

אויף דער זייט פון ערנסט, אָבער שוין נישט געקאָנט, ווייל דער הומאָר איז געוואקסן צוזאמען מיט אים, געוואָרן א טייל פון זיין שעפערישקייט.

איז מעגלעך, אז דערין ליגט עפּעס אמת; אז שלום עליכם איז גע־ווען איינציקארטיק און אייגנארטיק און אז מיט אים האָט זיך פארענדיקט די ליניע פון „לאכן דורך טרערן".

אָבער אז מען נעמט זיך איצט ווידער צום לייענען „צעזייט און צע־שפּרייט, בילדער פון יידישן לעבן", געשריבן אין 1905; אז מען הערט זיך איצט ווידער צו צום אינטערעסאנטן און באַרימערישן שמועס פון מאיר שאלאנט, דעם פּראָסטן חי וקיים און אויפגעקומענעם גביר, וואָס וויל דווקא ווערן אן אריסטאָקראַט — אז מען לעבט זיך אריין אין דער דאָזיקער טראגישער קאָמעדיע — זעט מען ווי פריש און צאַפּלדיק און אקטועל שלום עליכם איז, ווי זיין איינציקארטיקייט איז געבליבן פריש.

מאיר און מלכה שפּאַנען אַרום אין א שטוב מיט קינדער. א יאריד מיט דיסקוסיעס, מיט איבערקערעניש, אז דער קאָפּ ווערט צענומען. דער געוועזענער „מאיר טשאָלנט", וואָס הייסט זיך איצט רופן „פּאַני שאַ־לאַנט", איז שטאַרק אויפגערוימט פון זיין גדולה, אָבער דאָס ווייב פאַר־גינט אים נישט. „דער נייער שניט" עגבערט אויף איר מוח: „נישט גע־ווען קיין געלט, איז נישט געווען קיין טאַראַראַם, מיט קיין האַרמידער, מיט קיין פּוסטעקראַטישע גענג... זינט מיר האָבן באַקומען געלט און אַרויסגעפּאָרן אין דער גרויסער שטאָט, זענען מיר געוואָרן מיט גאָטס הילף גאַנצע פּוסטאָקראַטן"...

אין וואָס באַשטייט די דאָזיקע „אריסטאָקראַטישקייט"? די עמכדיקע יידענע, מלכה, „א כשרע נשמה", נעמט זיך ווארפן אין גרויסשטאָטישן פּיבער און נעמט רעדן רוסיש מיטן איינציקן אויסרייד, אז „איך וואָלט אוודאי געוואָלט בעסער רעדן אויף יידיש, אויף מאַמע־לשון, נאָר וואָס זאָל איך טאָן, אז איר אַלע... האָט זיך אָנגערעדט, מען זאָל אַרויסטרייבן אונ־דזער היילקן לשון"...

די דאָזיקע „אריסטאָקראַטישע" שטיבער, וואָס אין זיי האָבן זיך באַ־זעצט די נעבעך־שלימזלדיקע שאַלאַנטס און סאַראַקערס, די קרענדעלמאַנס און די פאַרשידענע חנה־לאהס, וועלכע זענען „באַהאָנגען מיט גאָלד, די־

מענטן, בריליאַנטן און פּערל" און וואָס זוכן דווקא דאָקטוירים פאַר זייערע טעכטער, אויסצוגעבן זיי אין נחת און אויף „צעפּיקעניש די שונאים", — ליגן דען נישט די דאָזיקע שטיבער אַרום אונדזערע טריט, איינגעגעסן אין אונדזער אַרום מיט זייער קאָמישקייט און נאַרישוואַטע אָפּחוזקן פון זיך אַליין?

שלום עליכם האָט נישט געדאַרפט קיין „פּאַרטרעטער" אין דער יידישער ליטעראַטור. ווייל שלום עליכמס קינסטלערישע אויג האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף דער אָדעסער בערזע. ער האָט דעם „יקנהז" אוועקגעפירט פון דער „גרויסער שטאָט יעהופּעץ" אַזש קיין ניו יאָרק, ווו פון ווילהעלם פייפער איז געוואָרן אַ מיסטער קוואַטשקע, וואָס פאַרנעמט זיך מיט פאַרקויפן חלקים עולם הבא; און פון ווינדאָרטשוקן איז געוואָרן אַ מיסטער באַראַבאַן, וואָס „באַראַבאַנעוועט" זיך אוים זיינע עטלעכע טאָלער נישט ערגער, ווי די יעהופּעצער לייט מיט זייער „יקנהז".

שלום עליכמס הומאָר — איז דער הומאָר איבער אַ טייל פון פאָלק.

ווי אייביק דער דאָזיקער לעקישעוואַטער טייל וועט זיין אַ טייל פון פאָלק, אַזוי לאַנג וועט שלום עליכם זיין אַקטועל.

אַקטועל און פריש פאַר די מאָדערנע האַלאָוועשקעס, פּאָנפּאָטשעס, פּלוידערזעק, לאַמטערנשיסער, קוואַטשקעס און זייערע לויבנסווערדיקע חברים פון דער זעלביקער בראַנזשע...

# י. ל. פּרץ

די חסידות־שיטה, טיף־פאַרוואָרצלט אינעם יידישן סדר, האָט געהאַט איר אייגענעם דרך. דער חסיד, דער מאַמין אין לעילאָדיקייט, האָט נישט געלעבט מיטן הצוניותדיקן אַרום. זיין וועג איז געווען: שפּרייזן איבער אַלץ, מבטל מאַכן אַלץ — ווער ס'איז נאָר נישט בכוח מיטצושפּאַנען. במשך יאָרן זענען פאָרגעקומען ענדערונגען אינעם אייראָפּעאיש־יידישן שטייגער, — דער חסיד האָט אַלץ נעגירט.

דער גערער הויף, דער קאָצקער הויף, דער בעלזער הויף — מלוכות אין דער מלוכה. אייגענע געזעצן, ספּעציפישע מנהגים.

איז געקומען א יומא דפגרא — האָט הייליק פייער געשוועבט איבערן רבינס הויף, האָט זיך געפילט בלויז נשמה ארום רבינס טיש.

אן אנדערער סדר אינעם אופן פון גאָט־דינען; אן אייגענע שיטה אי־נעם יידישן לעבן, א וועג — כולו רוחניות.

להיפוך צום מתנגדישן דרך, א פארטיפטער אין „קאַלטער" לומדות און חקירה, האָט חסידות געהאַט פאר זיך דעם וועג פון כוללדיקער שמחה: מיט פרייילעכקייט דינען דעם באשעפער.

חסידות מאַכט פון פאנטאזיע ממשות, איז בכוח אראָפּצונידערן הימ־לען, אריינצופירן צווישן זיי, מאַכן פארשווינדן אין נישט־געזעענע וועלטן.

און אַלץ — נישט ביחידות. צוזאַמען מיט א רבים קאָן מען בעסער פּועלן, איז שטאַרקער די דביקות.

דאָס האָט י. ל. פּרץ ארויסגעברענגט אין זיין „חסידיש".

ביי פּרצן זענען די חסידישע דערציילונגען נישט קיין אויספאנטאזיר־טע, נישט קיין קינסטלעריש־צוגעטראַכטע. זיי זענען רעאַל, שטיקער לעבן. אזוי איז געווען צו פארשטיין ס'חסידות. אזוי האָט מען געפילט, דורכגע־לעבט.

פּרץ האָט מיט זיין פאַלקסטימלעך לשון ארויסגעברענגט דעם פאר־שטענדלעכן וועג, וועלכער לייגט זיך פּשוט אויפן שכל ביי יעדן מאמין אין חסידות. נישט שטענדיק האָט פּרץ געזוכט ארויסצוברענגען דעם קינסטלע־רישן מהות פון זיין דערציילונג; ער האָט געצילט, דורכאויס, צו באווייזן די רוחניותדיקייט, די התלהבות, וואָס האָט געשטעקט אינעם חסידישן שטייגער. אין טייל זיינע דערציילונגען פארשווינדט מען אין יענעם עולם, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט כולו־התלהבות, מיט הוילער נשמהדיקייט. „משנת חסידים" איז א שטיק רבישע תורה. אז מען לעבט זיך אריין אין איר, דערזעט מען ממש די מופתים פונעם „אדמו'ר, זכרונו לברכה".

אין זיינע דערציילונגען איז פּרץ איבערציינגנדיק. ווייל דאָס לשון, איז ס'לשון פונעם גלייביקן חסיד; דער אופן פון רעדן — אויך זיינער; די תנועות — פון א קרענצל חסידים ארום.

פּרץ האָט געצילט ארויסצוברענגען די מאָראַלישע הויכקייטן, וואָס

זענען באַהאַלטן אין דער דאָזיקער שיטה, געוואָלט באַווייזן דעם טייל יום־טובדיקייט, וואָס רוט אין יידישן פֿאָלק.

און אַ שונא איז פּרץ געווען דער צעשפּליטערטקייט, וואָס די יידישע רעליגיע האָט געהאַדעוועט אין זיך.

„אויף דעם אָרט, וואָס די ריינע רעליגיע זאָל אונדז פּאַראייניקן, שפּאַלטן אונדז פֿאַרשידענע פֿאַנאַטיזמען אויף דייטשן, מתנגדים און הונדערטער פּאַרטייען חסידים" („בילדונג").

פּרץ האָט הנאה געהאַט פֿונעם יום־טובדיקן שמועס, וואָס עס האָבן געפֿירט צווישן זיך ר' זרח בעלזער און ר' שכנא קאַצקער. צוויי קעגנערישע „הייף", וואָס האָבן אייביק געפֿירט צווישן זיך מחלוקות, געווען צווישן זיך שונאים — שפּאַנען אַרום חול־המועד פּסח הינטער דער שטאָט, פֿירן אַ געמיטלעכן שמועס וועגן עצבות און שמחה. צוויי חסידים פֿון צוויי רבים — צוויי וועלטן: ר' זרח האָט הנאה פֿון דעם „ושמחת בחגיך" דערמיט, וואָס ער ציילט און כּפֿלט די מכות, וועלכע די מצרים האָבן אַריינגעכאַפּט; אָבער ר' שכנא האָט זיך אַן אַנדערן גאַנג, ווי אַזוי מקיים צו זיין דעם „ושמחת": „נעם אַ קאַפּ בראָנפֿן, פֿריי דיך, גוף אויך! און די נשמה האָט הנאה און דער גוף האָט הנאה: די נשמה פֿון דער ברכה, דער גוף — פֿון קאַפּ"... וואָס שייך דעם בעלזערס פֿרייד מיט די מצריימס מכות, רופֿט עס דער קאַצקער אָן — „מגושם!", ווייל „נקמה איז נישט קיין יידישע זאַך!" און דאָס נעמט ער דערפֿון, וואָס „ער" האָט מגלה געווען דעם סוד, אַז סיי די הגדה און סיי די מכות דאַרף מען לייענען מיט אַ טרויעריקן ניגון...

די עטישע הויכקייטן, וועלכע פּרץ ברענגט אַרויס פֿון זיין „חסידיש", זענען געצילט אַריינצופֿירן דעם לייענער אין דער וועלט פֿון צדיק, פֿון חסיד, וואָס טוט זיינע טוּאונגען לפֿנים משורת הדין, פּשוט, אָן חקירות און אָן מליצות: „מליצות האָב איך פֿיינט... ווער עס זאָגט אמת, דער רעדט פּראָסט מאַמע־לשון..."‚ אַזוי זאָגט יוחנן מלמד. און דער דאָזיקער יוחנן ברענגט אַרויס פֿון זיך אַלע ווייכקייטן פֿון חסידות, אַקוראַט ווי ער האָט דאָס געזען און געפֿילט ביי ר' זישעלע זאַמאָשטשער.

ווער איז געווען ר' זישעלע?

נישט קיין חסידישער רבי. ער איז געווען „אַ גייענדיקע שאַנס מיט

ספרים, — אַ גרייטלעכער זכרון, אַ קלאָרער שכל". און געפירט האָט ער זיין רבנות מיט אַלערליי כיתות חסידים און סתם יידן, וואָס האָבן אויסגעפילט זיין קהילה. דער דערציילער איז יוחנן מלמד. דער אופן פון זיין דערציילן פילט אָן מיט רוחניותדיקער הנאה. אַ ייד, וואָס איז דן לכף זכות, זעט אין אַלץ דעם פּאָדעם פון דער חסידישער גזע, וועלכע מוז אוועקשטעלן די וועלט אויפן דרך־הישר.

י. ל. פּרץ איז מיט זיין „חסידיש" אויסן געווען צו באַווייזן די אויס־געהאַלטנקייט, די עקשנות פון אַ גרויסן טייל אין יידישן פאָלק, זיין ווילן צו דערגרייכן דעם אָנגעצייכנטן וועג מתוך שמחה, וואָרום, אויב פּאַרקערט, איז מען „פאַרגליווערט, פאַרשטאַרט און פאַרחושכט ווי אַן אַלטער, איינ־געפאַלענער קוימען, וואָס האָט שוין לאַנג קיין פייער נישט געזען..."

די יאָרצייט פון י. ל. פּרץ פאַלט אויס צוזאַמען מיטן יאָרצייט פון חורבן און אומקום פון וואַרשעווער יידנטום.

י. ל. פּרץ, דער קלאַסיקער פון דער יידישער ליטעראַטור, האָט גע־לעבט אין וואַרשע, דאָרט געשאַפן, דאָרט באַשיינט דעם יידישן קיבוץ מיט זיין שאַפעריש וואָרט; פונעם צעגלאַנע געסל האָט זיך געצויגן דאָס פּרץ־געזאַנג פאַרן פּוילישן יידנטום — דאָס געזאַנג פאַר די יידן פון שעבערשין און זאַמאָשטש.

מיט אייניקע צענדליק יאָר צוריק האָט י. ל. פּרץ געשריבן אין זיין „וואָס הערט זיך":

„דער אַנטיסעמיטיזם אין אויסלאַנד שטייט אויפן אייגענעם אָרט. קיין נייס איז ער נישט. אין אַלע דורות זענען געווען אַנטיסעמיטן, נאָר אין גוטע צייטן ליגן זיי פאַרשטעקט אין לעכער און מען הערט נישט זייער קול. קומען שלעכטע צייטן ... שטייען זיי אויף בימעס און דרשענען.

... „אין פּרייסן וויל די רעגירונג שטאַרקן דעם נאַציאָנאַליזם, ווייל ער האַלט גאַנץ דייטשלאַנד צוזאַמען און דעריבער קוקט זי אַביסל דורך די פינגער אויף די אַנטיסעמיטן, וואָס ווילן אויסרייניקן דייטשלאַנד, עס זאָל בלייבן נאָר פאַר ריינע דייטשן ...".

די דייטשן האָבן געהאַלטן וואָרט. זיי האָבן אויסגערייניקט נישט בלויז

זייער דייטשלאַנד, נאָר אויך גאַנץ אייראָפּע; האָבן אויסגעריייניקט וואַרשע פון יידן, פאַרשטומט געמאַכט די גערער, די בעלזער, די קאָצקער...

דאָס חסידישע געזאַנג הערט זיך שוין נישט מער פון גערער שטיבל אויף זשעלאַזנע, פון מאָזשיצער שטיבל אויף נאַלעווקעס, פון פיאַסעטשנער שטיבל אויף דזשעלנע...

„חסידיש" פון י. ל. פּרץ איז אַ הייליקע דערמאָנונג פון דעם אומגעקומענעם יידישן וואַרשע — און דעם חסידישן בתוכה — וואָס איז געווען אָנגעפּילט מיט חדווה אַרום פּרצס צעגלאַנע גאַס, זיך איבערגעטראָגן אויף צענדליקער יידישע גאַסן און הייף, געגרייכט איבער פּויליש־יידישע שטעט און שטעטלעך — איבער דורות יידן, וואָס האָבן געצויגן זייער יידישיניקה פון וואַרשע, פון דער וואַרשעווער ווייסל, פון יידישן וואַרשע.

אין פּרצס „חסידיש" איז פאַראייביקט געבליבן דאָס דאָזיקע אויסגעלאָשענע געזאַנג.

...און ווי אַנדערש וואָלט געווען אונדזער מאָדערנע יידישקייט בכלל — נאָכן אַריינגעבן אין איר טראָפּנס פון אַ חסידישער התלהבות, טראָפּנס פון אַן אידיי, אַ פלאַקערנדיקן ווילן און אויפריכטיקן באַגער: דורך אויפהאַלטן דעם יידישקייט־פלאַם אין שול, אין היים, ביי אַלע טואונגען; דורך אַריינגעבן אַ טראָפּן יום־טוב אין דער פולער און אייביקער וואָך, וואָס הערשט אינעם פוסטן נוסח־שטייגער פון אַלע אַמעריקעס! — — —

# אַ בלעטל כראָניק

דער קאַלענדאַר ווייזט אויף 17 יאַנואַר 1956. היינט, מיט 4 יאָר צוריק, האָט מיך די שיף געברענגט קיין אַרגענטינע.

וואָלט, מהאי טעמאַ, געווען אַ יושר גדול: מאַכן אַ חשבון פון פאַרלאָפענע 48 חדשים, שרייבן אַ ביסל כראָניק, אַרויסברענגען אייניקע פאַרצייכענונגען פון מיין טאָגבוך וועגן דער פאַלקסטימלעכקייט, דער אָריגינעלקייט, מיט וועלכע עס אָטעמט אַן אויפגעקומענער ישוב נאָכן חורבן — — —

דאָס האָב איך געהאַט בדעה צו טאָן אונטערן טיטל „אַ בלעטל כראָניק”.

האָט זיך דער שטן אַריינגעשטעלט אין מיטן, אַוועקגעשטעלט אויפן קאַלענדאַר־בלעטל, אויף דער דאַטע „17 יאַנואַר” — אַ נישט־פריילעכע געשיכטע, וועלכע צעשטערט די אָנגעצייכנטע פרייד פון מיין פייערן 4 יאָר אין אַרגענטינע: היינט איז גאָר אַ טאָג וואָס האָט מיך אָנגעגורט מיט אַ שטראָף, אַ שטראָף (נישט פון קיין ליבן נאָמען) געשיקט פון די באַלעבאַטים פונעם טעגלעכן בלאַט (אין וועלכן איך אַרבעט זינט 1949) —

— אַ דיסציפּלין־שטראָף פאַר נישט אַרייַנפּאַסונג, פאַר אומ- גע- האָרכ- זאַמ- קייט:

„אָפּגעשטעלט פון דער אַרבעט אויף 10 טעג” (מיט אַ וואָרענונג, אויף „נאָך ערגערס”).

פונקט דעם 17טן יאַנואַר; פונקט אין טעג פון **פרייהייט פון וואָרט**, פון באַזייטיקן די דיקטאַטור אין אַרגענטינע!

דעריבער — צי איך זיך צוריק פון דער צוגעגרייטער פייערונג, פון מאַכן דעם פייערלעכן חשבון: 17טער יאַנואַר 1952 — 17טער יאַנואַר 1956.

די פאַקטן און קאָמענטאַרן, די נאָטיצן פון מיין טאָגבוך און די אָריגינעלע טראַגיש־פּיקאַנטע געשעענישן, וועלכע האָבן געהאַט פּלאַץ אין אַ טעגלעך בלאַט פון כרך בוענאָס איירעס — אַלץ וועט שוין בלייבן פאַר אַ ספּעציעלער פייערונג, אם ירצה השם — —

דערווייל — אַ פּונקט.

און אַ התנצלות פון מחבר:

די טיפן, נעמען און פאַרשוינען (אויך טייל ווין-פּלעצער אין דייטשלאַנד) וואָס קומען אַריין אין בוך זענען אויסגעטראַכטע; וועט אָבער אימעצער יאָ דערקענען זיין כאַראַקטער אין וועלכן ס'איז פאַרשוין, בעט דער מחבר ביי אים סליחה ומחילה — צי ער האָט יאָ, צי נישט געמיינט זיין כבוד.

אין דעם פאַל איז דער מחבר מיט דער מיינונג פון יענעם שטעטלשן מגיד, וועלכער האָט געהאַלטן אַ שטראָפנדיקע דרשה, געשטראָפט איינעם, אַ געוויסן איש בור, אים גערופן צו טאָן תשובה. איז נאָך דער דרשה צו אים צוגעקומען דער גבאי ראשון פון בית מדרש, געהאַט אויפן מגיד תרעומות:

„סטייטש, ווי האָט איר זיך דערוועגט מיך צו פאַרשעמען פאַר גאַנץ קהל?”

„אייך? — האָט דער מגיד אָנגעשטעלט אויפן גבאי אַ פאַרוווּנדערנדיקן בליק, געזאָגט מיט אַ ניגון — אַזוי העלפט מיר דער ליבער נאָמען, ווי נישט דווקא אייך האָב איך געמיינט, דאָך, כאָטש איך האָב אייך נישט געמיינט און ווייל איר מיינט אַז אייך האָב איך יאָ געמיינט — האָב איך טאַקע אייך געמיינט”...

* * *

נאָכן באַקענען זיך מיטן אינהאַלט פון „אויסגעוואָרצלטע”, וועט דער לייענער ממילא קומען צו דער מסקנה, אַז דאָס בוך איז דערשינען —

**אָן דער מיטהילף פון די דייטשע „קולטור” רעפּאַראַציעס.**

* * *

די דערציילונג „אַ לעבן אין שוויינסהיום” איז געשריבן געוואָרן אין מינכען, 1949.

ביים סיום פון נישט - אָנגעשריבענעם „בלעטל כראָניק”, וואָס איז איבערגעבליבן ביז נאָכן אָפּדרוקן די פריערדיקע בויגנס, איז מיר אָנגעקומען מיט לופט־פּאָסט פון קאַנאַדע מיינס אַ מאמר וועגן פּלוצימדיקן טויט פון ש. ניגער ע"ה (פאַרעפנטלעכט אין „קענעדער אַדלער”, 8 יאַנואַר 1956). דער מאמר פּאַסט

זיך אַריין אין בוך „אויסגעוואָרצלטע״. האָט אויך אין זיך עפּעס פון דער אַקטועלער כראָניק אין יידישן שרייבעריש-קולטורעלן וועלטל; ברענג איך אים דאָ ביים סוף פון בוך:

# אין שטורעם

שבת אָוונט, 24 דעצעמבער, ווען אַנדערש־וווּ איז געווען קאַלטער ווינטער, האָט אין אַרגענטינע די היץ דערגרייכט צום העכסטן פּונקט: ניט געווען מיט וואָס צו עטעמען אינם צעפּאַרעטן בוענאָס איירעס. זענען מיר, אין צווייען אַוועק צום פּאַרק. איבערן וועג האָט זיך דער שמועס געדרייט אַרום אַקטועלע ענינים, אַרום דעם, מכוח וואָס ערנסטע שרייבערס טראַכטן איצט און שרייבן. לרוב, איין טעמע: דער ביטערער באַרג-אַראָפּ פון דער יידישקייט-מערכה. אַ ירושה איז פאַראַן, א גרויסע, אַ רייכע, אַ טייערע ירושה, אָבער ניטאָ קיין יורשים. ווער וועט ירשענען? ווער וועט ממשיך זיין דאָס קאַפּיטל יידישקייט? ווער וועט אויסטראָגן די קרוין פון יענע געזאַלבטע, דורות-אַלטע, יידישע פּרינצן?

זענען מיר פאַרקראָכן טיפער צום לאַ פּלאַטאַ-טייך, פאַרקראָכן טיפער אין אונדזער שמועס.

וואָס דאַרף מען פריער פאַרהיטן? אויפהאַלטן דעם דורותדיקן, דעם אייביקן קיום, אָדער זיך אַריינוואַרפן, בלב ובנפש, אין דערהאַלטונג פון פיזישער חיי שעה? אַ וועלט — אַ טיגער: ווי, מיט וועלכע מיטלען, שיצט מען זיך קעגן איר?

ניט אומעטום איין וועלט: דאָס רייכע, דאָס כמותדיק-יידישע אַמעריקע האָט געהאַט שוין מיטלען, אָבער זיי דורכגעלאָזט, פאַרזען, פיל פאַרזען בנוגע דעם אויפהאַלט פון יידישקייט. ריכטיק? מיין חבר איז פאַרעקשנט אויף זיין אַרויסגעברענגטער טעזע. ריכטיק! — שרייט ער אויס מיט אַן אויסרופצייכן — דערפאַר די ביטערקייט דאָרט, דאָס אייליקע זוכן, די פּרוּוון פון אויפהאַלטן כאָטש אַ יידישקייט-ניצוץ אין דער רעשיק-רווישיקער סביבה. איינער באַשולדיקט דעם צווייטן. וועט אפשר עפּעס הערפון אַרויסקומען.

אין אַ שטורעם זוכט מען דעם וועג פון אויסהיטונג, פון באַהאַלטן זיך און די קינדער. מעגלעך, פונם איצטיקן שטורעם אין יידיש-שרייבערישן וועלטל וועט עפּעס אַרויסקומען לטובה זיך און דעם אונטערוואַקסנדיקן דור. הלואי.

דערווייל האָט עולם אַרום פּאַרק גענומען קוקן צום הימל, וועלכער האָט געהאַלטן אין בייטן זיין פאַרב. רוקט זיך אָן אַ שטורעם? דער אָוונט איז געוואָרן שפּעטלעך. האָבן מיר זיך אויסגעדרייט צו דער שטאָט. אונדזערע וועגן האָבן זיך צעשיידט.

אַריינגעקומען אין צימער, צעעפנט די פענצטער — די גאַס איז אַריינגעפאַלן אין אַ משונהדיקן געווירבל. ניט לאַנג — און אַ שטורעם האָט זיך דורכגעטראָגן איבער בוענאָס איירעס, אַ שטורעם, וואָס האָט געריסן ביימער, געשליידערט דעכער, געפליקט אַלץ אַרום זיך מיט אַזאַ רוגזה, מיט אַזאַ רעגנדיקן שוים, אַז די זיכערקייט איז געווען פאַר די אויגן: וועלט-אונטערגאַנג!

עפּעס וועט מוזן פאַרקומען, אַן עפּעס, וואָס וועט קיין פריילעכע בשורה ניט ברענגען.

בין איך אַזוי געשטאַנען אָנגעשפּאַרט ביים פאַרלאָדנטן פענצטער, זיך צוגעהערט צום איבערקערנדיקן דרויסן.

אַן אַלטער בוים, ביים ראָג גאַס, אַן איינגעפּעסטיקטער בוים, וואָס שטייט שוין דאָ כמה יאָרן, האָט פלוצלונג גענומען קרעכצן, סיקען פון זיין שפּיץ ביזן פונדאַמענט. ער האָט ניט געוואָלט פאַרלאָזן דעם פּלאַץ — — — צומאָרגנס איז ער, דער אַלטער בוים, געלעגן איבער דער ברייט פון ברוק — אַ צעשאָטענער מיט זיינע צווייגן און בלעטער אַרום. ניט דער איינציקער בוים, און ניט בלויז אויף מיין געסל. — דער נעכטיקער שטורעם איבער בוענאָס איירעס האָט געשליידערט ביימער, געפליקט דעכער, פאַרוואַלגערט די שטאָט מיט צעבראָכן גלאָז, מיט צעפליקטע שילדן און אַראָפּגעריסענע טראַמוויי-דראָטן.

— — — זונטיק ביינאַכט האָב איך געלייענט די ידיעה, אַז ש. ניגער לעבט שוין ניט.

אַרויסגעריסן געוואָרן אין אַ שטורעמדיקער וועלט דער ייד וואָס איז נישט מיד געוואָרן צו זוכן — צו דערגאַנצן דאָס צעהאַלבטע און צעפּערטלטע אין יידישן פאָלק.

טרויעריק? נישט פאַראַן קיין ווערטער אויסצודריקן דעם טרויער. אַן אַלט-איינגעזעסענער בוים איז אַרויסגעריסן געוואָרן אין שטורעם, — אַן איינגעפּעסטיקטע יידיש־פּאָזיציע האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, צעטרייסלט מיט זיך דעם גאַנצן אַרום, דער גאַנצער יידיש-קולטורעלער וועלט.

יאָ. שבת אָוונט, אינעם צעשטורעמטן געוויטער איבער בוענאָס איירעס, איז עפּעס פאָרגעקומען אין דער יידישער וועלט, אין דער וועלט פון זוכן און טראַכטן, פון אַמפּערניש און קידער-ווידער.

ש. ניגער איז געווען דאָס צינגל אויף דער דאָזיקער משקולתדיקער וואָגשאָל: ער, דער איינציקער צווישן יחידים אומרואיקע, האָט אַריינגעברענגט אומרואיקייט, האָט געפאָדערט צו זוכן, צו געפינען אַנדערשקייטן.

דינסטיק פרי, נאָכן דורכקוקן די שוואַרצע רעמלעך, די טרויער-שורות, זעץ איך זיך אַוועק און לייען דורך איינעם פון די סאַמע לעצטע מאמרים, וואָס זענען אַפירגעקומען פון אונטער ניגערס פען: „בילדונג, וויסן זענען אויך קולטור“. אין דעם מאמר קומט דער קריטיקער צום אויספיר — דער קריטיקער איבערן יידישן זיין — אַז נישט בלויז רייד דאַרפן מיר איצט: מעשים פאָדערן זיך; גיין אין פאָלק און לעבן צוזאַמען מיטן פאָלק!

„. . . אָט איצט איז דער חודש, וואָס מיר האָבן אַ נאָמען געגעבן „חודש פון יידישן בוך“ . . ס'איז געוואָרן אַ נייע טעמע פאַר רעדעס, אַרטיקלען, דעקלאַראַציעס, פּראָקלאַמאַציעס — אַ „קולטור“-טעמע — מער גאָרנישט.

„און ווען איך זאָג עס, האַב איך דערהויפּט אין זינען אנשי שלומנו, אונדזערע אייגענע יידן, אונדזערע יידיש־יידן, טאַקע די, וואָס איך אַליין געהער צו זיי. כ'ווייס נישט, וואָס מיט אונדז איז געוואָרן. . . אַפילו יידישע ליטעראַטור, וואָס איז דאָך דער סאַמע אויבנאָן אינעם טעמפּל פון „קולטור“, איז אַן ענין נאָר ווי ווייט מען מוז זי „שטיצן“ און דערמאָנען אין רעזאָלוציעס. . . ליטעראַטור אַליין, ד. ה., ליטעראַטור וואָס מען דאַרף קענען, ווערק, וואָס מען דאַרף לייענען, ביכער — וואָס מען פאַרקויפט זיי נישט נאָר מען דאַרף זיי קויפן. קורץ, אַ בוך צום נוצן, ניט פון שיינקייט און „קולטור“ וועגן — דאָס איז שוין לאַנג געוואָרן אַן ענין פון יחידי סגולה.

„דער עולם, זאָגט מען, איז אַלט געוואָרן — און וויל ניט גיין אין חדר... יידיש־יידן האָבן פאַרלוירן די איניציאַטיוו. . . קולטור איז געוואָרן ביי אונדז עפּעס אַ מין אַבסטראַקציע, און אפילו די, וואָס ווילן עפּעס טאָן אויפן יידישן קולטור־געביט, האָבן די אילוזיע, אַז בלויז רעדן וועגן „קולטור און דערציאונג“, „קולטור און ליטעראַטור“, בלויז קלאָגן זיך אויף איר ביטערער מערכה, בלויז האָבן טענות צו מדינת ישראל אָדער פּראָטעסטן קעגן סאָוועט רוסלאַנד — מיינט שוין האָבן דערפילט דעם חוב קעגן יידיש און יידישער קולטור. . . ניט קולטור-רעזאָלוציעס און ניט קולטור־רעדעס וועגן יידיש, וועגן יידישן בוך — נאָר עפּעס וואָס איז מער ממשותדיקס. . . — וואָלט מען אויפגעהערט צו שוועבן אין די הויכע „קולטור“-הימלען און מ'וואָלט ווינציקער געמליצהוועט און געטאָן מער אַרבעט, וואָס האָט אַ ממשות און ברענגט רעזולטאַטן. . . עס וואָלט קלאָר געוואָרן, אַז ליב האָבן קולטור, הייסט ניט נאָר זינגען איר אונטערן פענסטער סערענאַדעס, עס מיינט אויך קומען מיט איר אין נאָענטער, אינטימער און פרוכטבאַרער באַרירונג“. . .

טאָ זאָל דער דאָזיקער גרעסערער ציטאַט פון ש. ניגערס מאמר, געשריבן אין די לעצטע טעג, זאָל דער ציטאַט זיין דער אַני מאמין פון גרויסן ייד, קריטיקער פון אַלץ אין יידישן לעבן — ש. ניגער.

און ש. ניגער האָט באַקומען די האַרץ־אַטאַקע נאָך אַ זיצונג ביי אַ פריינט, וועגן קולטור-ענינים, יידישע קולטור־ענינים, איבער

וועלכע ער האָט אַזוי געוויטיקט — בפרט אין די לעצטע יאָרן, חדשים, וואָכן און טעג—

* * *

איינער פון די ציַיטונגס־רעצענזענטן אין בוענאָס איירעס האָט באַוויזן אַריינצושרייבן אין זיינע „הספד־שורות", אַז די קרוין, וואָס ש. ניגער האָט אָנגעטאָן אויפן קאָפּ פון דעם אָדער יענעם שרייבער־רעצענזענט, אַז די קרוין וועט להבא געטראָגן ווערן מיטן זעלביקן שטורעם ווי דער פּרינץ פון דער יידישער קריטיק האָט זי געטראָגן.

ליידער. די געקרוינטע, וואָס ניגער האָט אַרויפגעטאָן די קרוין אויף זיי — זייער רוב געפינט זיך שוין דאָרט, וווהין דער רבי איז אַוועק פאָריקן שבת אָוונט. געבליבן זענען בלויז יחידים, און צווישן זיי ניט ווייניק — זעלבסט־געקרוינטע פון מין נאה דורש ואינו מקיים, ווי ש. ניגער האָט זיי באַצייכנט אין זיין דערמאָנטן מאמר. מען רעדט וועגן קולטור און מען טוט ניט קיין קולטור־אַרבעט. ש. ניגער האָט דאָס געפילט, ווייל דאָס האָט זיך געפונען אַרום זיין טיש.

. . . איז אַ שטורעמער אַוועק אין דעם גרויסן שטורעם, אַוועק און איבערגעלאָזט אַלץ אין סאַמע מיט: אַ ניט־פאַרענדיקטן ויכוח און אַ ניט אויסגעפירטן מאמר. . . אויספירן קאָן נאָר דער, וואָס האָט מוט צו פאָדערן און צו רופן. ש. ניגער האָט דאָס געהאַט, געהאַט דערפאַר, ווייל אומעטום איז ער געווען פאַרטראָטן, געווען צווישן די דאָזיקע, וואָס מאַכן רעזאָלוציעס און וואָס מליצהווען חדשים און וואָכן — אין וועלט מאַסשטאַב. . .

ליידער. אַ בוים זיך אונטערגעהאַקט און ניט געלאָזט נאָך זיך קיין נייעם, קיין פרישן אויפבלי. ש. ניגער איז געווען פאַר זיך און מיט זיך אַ וועלט, אַ יידישע וועלט אַ גאַנצע — אַ שטורעמדיק געוויטער וואָס איז געגאַנגען קעגן שטורעם און קעגן שטראָם. און ניט איינמאָל האָט ער חרטה באַקומען אויף זיין אייגענער חתימה, וואָס ער האָט געלייגט אויף דער פאָדערונג פון געוויסע קולטור־מעצענאַטן און רעזאָלוציע־שרייבערס. ער האָט געליטן דערפון. ניט אָפּגעטראָטן פון זוכן, פון נישטערן דעם נייעם, דעם צוגעגנגלעכן וועג פאַר כוללדיקער יידישקייט. צופּאַסן זיך צו דער סביבה. האָבן אַנדערע געהייסן. פון וויטן האָט זיך געדאַכט, אַז אויך ש. ניגער, דער באַטייליקטער אין אַלע קולטור־אַרבעטן, רופט צו אַריינפּאַסונג. זיין שאַרפע פען האָט אָבער געהאַלטן אין איין וואָרענען, אין איין דערמאָנען: ניט פאַרוואַרפן דעם עבר; ניט אָננעמען דאָס „נייע", אָפּקערנדיק גלייכצייטיק פון אונדזער גרויסער, ברייטצעוואַקסענער קולטור־ירושה !

ש. ניגער האָט געוויטיקט און איבערגעלאָזט מיט צעווייטיקטע געמיטער אַ קליין רעשטל פאַראייניזאַמטע אין אַ גרויסער, אַ צעהודזשעטער וועלט.

אַ וועלט אַ יידישע אָן יורשים, אָן די דאָזיקע וואָס זאָלן האָבן כוח אויסצורופן דעם פריילעכן „ברינה יקצורו".. .

ש. ניגער איז אַוועק אין אַ צעשטורעמטער נאַכט. אַ ליידיקער פּלאַץ געבליבן, דער שטורעם וועט מסתמא ווייטער שטורעמען.

טאָ לאָמיר טרויערן אויפן פאַרגאַנגענעם, גלייכצייטיק, זיך באַמיען אָנצוהאַלטן די צוואה פון אַוועקגעגאַנגענעם: ניט לאָזן זיך פאַרפלייצן פון אַ סביבה, וועלכע איז אָנגעפילט מיט ווילדן געשטורעם — — — — .

---

*Este libro se terminó de imprimir en el mes*
*de Febrero de 1956, en la imprenta*
*"G r a f i c ó n" de N. Zielony*
*Pasteur 356, (al fondo)*
*en Buenos Aires.*